Obsequio para
N. Haikin de
S. Heit

יוד גאנאָוו

# די
# אמעריקאנער אין יאפאן

(רעפּאָרטאַזש)



פאַרלאַג „היימלאַנד“

בוענאָס איירעס

אין אוויאָן נאָך אַפּן וועג קיין יאַפּאַן האָט מען אונדז געמאָלדן, אַז מיר וועלן זיך אַראָפּלאָזן אַפּן ערדראָם אַציגי, ניט ווייט פון יאָקאהאמאַ. באַ די יאַפּאַנישע ברעגן זיינען אונדז אַנטקעגנגעקומען עטלעכע אַמערי־קאַנישע יאַגד־אַוויאָנען, מאַכמעס קיין איין סאָוועטישער אַוויאָן טאָר ניט אַריינפליען קיין יאַפּאַן אָן דער באַגלייטונג, אָדער ווי זיי רופן עס דאָ, אָן אַן „עסקאָלט" פון אַמעריקאַנישע צעשטערער. די צעשטערער האָבן זיך געדרייט איבער אונדזערע קעפּ; אָט פלעגן זיי מיטאַמאָל פאַר־פליען ווייט פאָרויס און אָט האָבן זיי זיך באַלד ווידער צוריקגעקערט, פונקט ווי זיי וואָלטן דערמיט געוואָלט אונדז געבן צו פאַרשטיין, אַז די שנעלקייט פון אַ צעשטערער איז פילפאַכיק גרעסער, ווי פון אונדזער שווערוואָגיקן טראַנספּאָרט־אַוויאָן. און ווען זיי האָבן זיך שוין איבער־צייגט, אַז מיר האָבן באַנומען דעם פאַקט, האָבן די אַמעריקאַנער לופט־פליער געמאַכט עטלעכע פּירועטן פון העכסטן פּילאָטאַזש איבער אונ־דזערע קעפּ און האָבן זיך, ווי עס שיינט, מיט דעם באַרויִקט. באַם דער־נענטערן זיך צום ערדראָם האָבן זיך די אַמעריקאַנער צעשטערער ווי־דער אויפגעהויבן איבער אונדזערע קעפּ און פון דאָרטן אַכטונג געגעבן ווי אונדזער אַוויאָן לאָזט זיך אַראָפּ צו דער ערד. אונדזער פּילאָט, דער יאַם־לופט־פליער וויקטאָר כאַרין, האָט גלענצנדיק דורכגעפירט דעם מאַ־נעוור אַף אַראָפּלאָזן זיך און אַרויסגעפירט דעם אַוויאָן אַף דעם בעטאָ־נירטן וועג.

„דאָ האָט איר אייך יאַפּאַן", — האָט ער געזאָגט און געעפנט די טיר. איך האָב זיך אומגעקוקט און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער פּילאָט איז זיך טויע. און עפשער איז דאָס גאָר אַן אַנדער יאַפּאַן. מיך האָט איבעראַשט די סוויווע אין וועלכער מיר זיינען אַריינגעפאַלן. אונ־דזער אַוויאָן איז געוווען אַרומגערינגלט מיט אַ געדיכטער וואַנט פון „עמפּי" (אַמעריקאַנער מיליטערישע פּאָליציי). אין דער מיט פון דעם קרייז איז געשטאַנען אַן אָפיציר און האָט הילכיק אויסגעשריען אונ־דזערע נעמען. מר זיינען אַראָפּגעשטיגן אַף וואַקלענדיקע טרעפּלעך און זיך אויסגעשטעלט באַם אַוויאָן. אַכוץ מיר זיינען געווען נאָך פיר סאָוועט־טישע זשורנאַליסטן: וויסאָקאָאָסטראָווסקי, יאָרדאַנסקי, פּלאַטאָוו און וואָראָנצאָוו. אין אַ צעקאַליעטשעטן רוסיש האָט אונדז דער אָפיציר גע־מאָלדן:

„מיר וועלן אייך פאָטאָגראַפירן".
„פאַרוואָס?" — פרעג איך אים.
„ס'איז אַזאַ באַפעל", — האָט ער געענטפערט.

אַן אַמעריקאַנער זעלנער האָט אונדז פאָטאָגראַפירט פון פראָנט און פאָרגעלייגט מיר זאָלן זיך אויסדרייען, קעדיי צו פאָטאָגראַפירן אונדז אין פּראָפיל. מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט, ווייל דאָס האָט זיך אונדז אויסגעוויזן, ווי אַ באַליידיקונג. מיר האָבן זיך דאָך דערווייל נאָך, מיט קיין שום זאַך ניט פאַרזינדיקט.

„ניין", — האָב איך דערקלערט, — „מיר וועלן זיך מער ניט פאָטאָגראַפירן".

„אויב אַזוי, וועט איר ניט פאָרן קיין יאַפּאַן", האָט אונדז געזאָגט דער אַמעריקאַנער און האָט קאַטעגאָריש פאַרמאַכט זיין נאָטיץ־ביכל.

„מיר זיינען דאָך שוין אָבער אָנגעקומען קיין יאַפּאַן", — ענטפערן מיר אים. — „און וועמענס באַפעל איז דאָס, אַז מען זאָל אונדז אַזוי גאַסטפריינטלעך אויפנעמען?"

„אַזאַ מין פאַראָרדענונג איז איינגעפירט דורך דעם שטאַב פון גענעראַל מעק־אַרטור", האָט מיט שטאָלץ דערקלערט דער אָפיציר און קוקט זיך דערביי אַרום, קעדיי צו זען, וואָס פאַר אַן איינדרוק מאַכט אויף די אַרומיקע דער אַזוי הויך אַרויסגעזאָגטער נאָמען.

מיר האָבן זיך פעסט געהאַלטן באַם אונדזעריקן, ווייל מיר זיינען געווען איבערצייגט, אַז דאָס איז ניט מער ווי אַ פּאַשעטער קאַפּריז פון דעם אַמעריקאַנער פּאָליציי־אָפיציר.

— איין מאָמענט, — האָט ער געענטפערט און איז ערגעץ ווו פאַרשוווּנדן אויף זיין „דזשיפּ", אַזוי רופט מען דאָ די „ווילים"־אויטאָמאָבילן.

אינגיכן איז ער אָבער צוריקגעקומען און געמאָלדן:

— עס וועט גאָרניט העלפן, איר וועט זיך מוזן פאָטאָגראַפירן. מיר קענען ניט מאַכן קיין שום אויסנאַמען.

— גוט, — האָב איך געענטפערט, — איך בעט נאָר מיר צו דערקלערן, פאַר וועמען איז איינגעפירט דער פּאָליציייאישער רעזשים, וועלכן מען האָט פאַראָרדנט פון דעם גענעראַל מעק־אַרטורס שטאַב, דאָס גילט אויך פאַר די ענגלענדער און פראַנצויזן, אָדער נאָר פאַר יענע, וועלכע קומען צו פליען פון ראַטנפאַרבאַנד?

דער אַמעריקאַנער האָט זיך אַ ווײַלע געקווענקלט און דערנאָך געענטפערט:

— דערווייל גילט עס נאָר פאַר די, וואָס קומען צו פאָרן פון ראַטנפאַרבאַנד. אייגנטלעך, איז דאָס ניט מיין שולד, איר דאַרפט פאַרשטיין, אַז איך פיר בלויז אויס אַ באַפעל.

— און דאָך וועלן מיר זיך מער ניט פאָטאָגראַפירן, — האָב איך אים אַנטשלאָסן געענטפערט.

מיר בעטן אויך דעם אָפיציר ער זאָל איבערגעבן פון אונדז אַ דאַנק דעם גענעראַל מאַק־אַרטורס שטאַב, פאַר דער גאַסטפריינטלעכקייט און פאַר דער פּאָליציייִשער אויפנאַמע. מיר זעצן זיך אַריין אין אויטאָמאָביל און וואַרטן. דעם ערָאָדראָם אַצוגי קענען מיר נאָך אַלץ ניט פאַרלאָזן. מיר זיצן אין דעם אויטאָ און קוקן דורך דעם פענצטער ווי אונדזערע סאָוועטישע פּילאָטן גייען דורך די אַלע פּאָליציייִשע פאָרמאַליטעטן. זיי זיינען שוין צו דעם צוגעווינט.

מיר באַמערקן ווי פון דער ווייטנס, אַרום אַ האַלבן קילאָמעטער פון אונדז, הינטער אַ שטריק, וואָס צוימט אָפּ דעם אַריינגאַנג צום פּלי־פּלאַץ, שטייען עפּעס מענטשן. מעגלעך אַז דאָס זיינען אונדזעריקע? איז דען דאָס מעגלעך, אַז מען זאָל זיי ניט אַריינלאָזן? מיר בעטן דעם אַמעריקאַנער אָפיציר זיך צו דערוויסן, אויב דאָרט געפינען זיך ניט קיין סאָוועטישע בירגער.

— יאָ, — ענטפערט ער, קײַענדיק דערביי פלעגמאַטיש די אייביקע גומע, — דאָרט שטייען זיי, איר וועט זיך מיט זיי באַגעגענען, ווען איר וועט פאַרלאָזן דעם פּלי־פּלאַץ. צום אַוויאָן לאָזן מיר קיינעם ניט צו.

— קענען מיר עפּשער שוין פאָרן? — פרעגן מיר.

— ניין, — ענטפערט דער אַמעריקאַנער, — עס זיינען נאָך ניט דורכגעפירט געוואָרן אַלע פאָרמאַליטעטן. איר זאָגט זיך דאָך אָפּ פון פאָטאָגראַפירן זיך!

— יאָ, מיר זאָגן זיך אָפּ! — ענטפערן מיר.

איינער פון מיינע כאַווייִרים נעמט אַרויס אַ פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט און וויל פאַרייביקן אַף אַ בילד די גאַנצע סצענע פון דער אויפנאַמע פון די סאָוועטישע זשורנאַליסטן אין יאַפּאַן.

דאָ הייבט שוין אָן אַרויסצוּווייזן סימאָנים פון אומרויִקייט דער פּאָליציי־אָפיציר. ער לאָזט איבער די פּילאָטן און לויפט שנעל צו אונדזער אויטאָמאָביל, שרייַענדיק:

— ניין, ניין, מען טאָר ניט. איר טאָרט ניט. נאָר מיר אַליין האָבן דאָס רעכט צו פאָטאָגראַפירן!

— איך בין דאָך אָבער אַ זשורנאַליסט און מוז פאָטאָגראַפירן אַלץ וואָס איך זע! — ענטפערט אים מיין כאַווער.

— ניין, דאָס איז פאַרבאָטן, — ענטפערט דער אָפיציר, — באַלד וועלן מיר שוין פאָרן.

מיט די ווערטער זעצט ער זיך ווידער אַריין אין זיין „דזשיפּ" און פאָרט שנעל אַוועק צו אַ קליין הייזעלע, וווּ עס געפינט זיך אַ טעלעפאָן. מיר הערן זיין הילכיקע שטימע. אין אַ ווײַלע אַרום קומט דער אָפיציר

צוריק, באגלייט פון נאָך צוויי פּאָליציי־אויטאָמאָבילן. איינער פון זיי וועט פאָרן פאַר אונדז און דער צווייטער הינטער אונדז, אַזוי דערקלערט אונדז דער אַמעריקאַנער און באַפעלט אונדזער שאָפער נאָכפאָרן נאָך דעם ווייסן אויטאָמאָביל פון „עמפּי", דערביי דערקלערט ער:

— ניט אַרויסשפּרינגען פאָרויס, ניט אָפּנויגן זיך אין אַ זייט און ניט פאַרהאַלטן זיך!

דאָך קענען מיר זיך נאָך אַלץ ניט רירן פון אָרט. מיר פאַרשטייען ניט פאַרוואָס מיר ווערן אַזוי לאַנג פאַרהאַלטן דאָ אויפן עראָדראָם. דער הייסער אויגוסט־טאָג פאַרגייט שוין. ביסלעכווייז טוען מיר אויס אונדזערע רעקלעך, דערנאָך די קראַוואַטן. אונדזערע גוט־געפּרעסטע אַנצוגן האָבן דאָ ניט קיין שום זינען. באַ אַזעלכע, ווייט ניט קיין דזשענטלמענישע אומשטענדן, ווילט זיך וואָס שנעלער אַראָפּוואַרפן פון זיך די אָפּיציעלע בגדים. דער אַמעריקאַנער אָפיציר ווערט באַגאָסן מיט שווייס. און דאָך לויפט ער אום אָן אויפהער פון איין פּאָליציי־מאַן צום צווייטן און גיט זיי אינסטרוקציעס, ווי אַזוי אַכטונג צו געבן, אַז קיינער פון אונדז זאָל ניט אָפּשטיין. צוויי פּאָליציי־לייט שטעלט ער אַוועק נאָענט באַ אונדזער אויטאָמאָביל, עס זאָל זיי זיין לייכטער אונדז נאָכצושפּירן. מיר טאָרן ניט איבערשפּאַנען דעם פּאָליציי־קאָרדאָן, מיר טאָרן ניט פאָטאָגראַפירן, מיר טאָרן מיט קיינעם ניט ריידן, איין זאַך ווערט אונדז יאָ דערלויבט: בלייבן זיצן אין אויטאָמאָביל און פירן אַ שמועס צווישן זיך. אַזעלכע באַפעלן גיט דער אָפיציר צו זיינע לייט. דעם אָפיצירס אויפפירונג ווערט אַזוי כוצפּעדיק, אַז מיר אַלע, ניט צונויפריידנדיק זיך, גייען אַרויס פון אויטאָמאָביל און מיט פעסטע טריט הייבן מיר אָן צו שפּאַנען אין דער ריכטונג צום אַרויסגאַנג. מיר האָבן געהאַט אַזאַ פעסטן און אַנטשלאָסענעם אויסזען, אַז די פּאָליציי־לייט ווערן צעמישט און וואַגן אונדז ניט אָפּצושטעלן. באַלד אָבער לויפן זיי אונדז נאָך און פאָדערן, אַז מיר זאָלן זיך צוריקקערן. מיר בלייבן שטיין און וואַרטן. עס הייבט אָן ווערן פינצטער. מען זעט, ווי פון דער ווייטנס צינדן זיך אָן געלע פייערלעך.

אַזוי וואַרטנדיק אויף דער מעגלעכקייט אָפּצופאָרן פונעם עראָדראָם, נעמען מיר זיך דערמאָנען בילדער פון דער פאַרגאַנגענהייט. מיר קוקן זיך אַרום:

אָט דאָס איז ער, דער באַרימטער יאַפּאַנישער עראָדראָם אַצוגי. אין יענע טעג, ווען יאַפּאַן האָט קאַפּיטולירט, האָט זיך אויף דעם זעלבן עראָדראָם אַראָפּגעלאָזט אַ שווערער אַמעריקאַנער עראָפּלאַן. אים האָבן באַגעגנט די גענעראַלן און מיניסטאָרן פון דעם באַזיגטן יאַפּאַן. די מיניסטאָרן אין פראַק, ווייסע הענטשקעס און צילינדערס. זייער קליידונג האָט אונטערגעשטראָכן די וויכטיקייט און פייערלעכקייט פון יענעם היסטאָרישן

מאָמענט. דער עראָפּלאַן האָט זיך לאַנגזאַם דערנענטערט צו זיי און אַ שטיין געבליבן. אין דער ברייטער טיר האָט זיך באַוויזן די הויכע פיגור פון דעם גענעראַל דוגלאַס מאַק־אַרטור. ער איז שטיין געבליבן אַ רגע אין אַ נאַפּאָלעאָנישער פּאָזע און באַטראַכט די אַלע פאַרזאַמלטע גענע־ראַלן און מיניסטאָרן, וועלכע זיינען געשטאַנען איינגעבויגן פאַר אים ביז צו דער ערד. אַזוי פלעגן זיי זיך נייגן נאָר פאַר זייער אימפּעראַטאָר.

אין יענע טעג האָט דער גענעראַל מאַק־אַרטור צוגעזאָגט דעם יאַ־פּאַנישן פאָלק, אַז עס וועט פאַר אים געעפנט ווערן אַ נייער וועג, אַ וועג צו פרייהייט און צו דעמאָקראַטיע. דערפאַר ווייזט אויס, טראָגט יענער פעריאָד דעם נאָמען: „די אַצוגי־טעג".

יאָ, דאַן איז געווען דער האָניק־כּוידעש פון מאַק־אַרטורס דערקלע־רונגען און צוזאָגעכצן. ער האָט געוואָלט איינער אַליין באַלעבאַטעווען אין יאַפּאַן און וואַשינגטאָן האָט אים געשטיצט. אַלס האָנאָכע, האָט דער גענעראַל איינגעוויליקט צוצולאָזן אין טאָקיאָ אויך ענגליש מיליטער, וועלכעס ער האָט גלייך אונטערגעוואָרפן אונטער זיין מאַכט. פּונקט אַזוי זעט איצט אויס דער ראַט פון די אַליאירטע פאַר יאַפּאַן.

אַלע ווייסן גאַנץ גוט, אַז דאָס איז ניט קיין ראַט און זיכער ניט פון די אַליאירטע, ווייל דער גענעראַל מאַק־אַרטור רעכנט זיך מיט אים אינגאַנצן ניט. מאַק־אַרטור האָט באַטראַכטן די יאַפּאַנישע ערד מיט אַ „היל־כיקן" וואָרט — דעמאָקראַטיע. ער האָט געגעבן צו פאַרשטיין, אַז פאַר יאַפּאַן קומט איצט אָן אַ צייט פון גרויסע און וויכטיקע פּאָליטישע רע־פאָרמען. ער האָט צוגעזאָגט צו ענדערן אַלע יאַפּאַנישע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אינסטיטוציעס, צוגעזאָגט געזונט צו מאַכן דעם שול־וועזן. ער וועט אויסראָטן די פעאָדאַלע טראַדיציעס פון דער יאַפּאַנישער מיש־פּאָכע. באַזייטיקן די אַלע בעעמעס שולדיקע אין דער מילכאָמע. פאַר־ניכטן אַלע רעאַקציאָנערע קויכעס, וואָס שטייען אין וועג צו דער עמע־סער דעמאָקראַטיע. און צום סאָף וועט ער געבן אַ טויט־קלאַפּ דעם גרויסן פעאָדאַלן קעניגרייך פון די פיר גיגאַנטישע מישפּאָכע־טרוסטן „דזייבאַצו", וועלכע זיינען געווען די פאַקטישע הערשער איבער יאַפּאַן. דעמאָלט, אין יענע, אַזוי־גערופענע „אַצוגי־טעג" האָבן די אַלע דערקלערונגען און שוווּעס געוועקט גרויסע האָפענונגען. יעדנפאַלס, אַזוי האָט עס זיך אויסגעוויזן דעם יאַפּאַנישן פאָלק. אין די „האָניק־טעג" פון זייער טעטיקייט האָבן די אַמעריקאַנער ניט געקאַרגט קיין שיינע פראַזן און האַוטאָכעס, מיט וועל־כע זיי האָבן געוואָלט איבערציינגן דעם יאַפּאַנישן פאָלק אין דער אַמע־ריקאַנער גרויסמוטיקייט. זיי האָבן פאַרזיכערט, אַז דאָס יאַפּאַנישע פאָלק וועט באַקומען די פרייהייט פון וואָרט און פרעסע, צוגעזאָגט איינצופירן אַלגעמיינע וואַל־רעכט — די אַלע עלעמענטאַרע רעגירונגס־פּרינציפּן, וועלכע זיינען ענג פאַרבונדן מיט אַ דעמאָקראַטישן לעבן.

ז׳ וועגן דעם אַלעמען האָבן מיר זיך דערמאָנט אין יענער אָוונט־שאָ
פּן עראָדראָם אצוגי.

דאָך ווילן מיר ניט מאַכן קיין איבערגעאײלטע אויספירן. מיר דאַרפן זיך האַלטן נאָר באַ די אָביעקטיווע פאַקטן. מען טאָר נאָך ניט דערווייל אַנטציקט ווערן, און אויך ניט מאַכן קיין פּאָרוואורפן, אָבער, דער קאַבאַ־לעס־פּאָנעם אַפן אצוגער עראָדראָם און איבערהויפּט די אַלע פּאָליציי־אישע מאָסמיטלען זיינען דאָך אַזוי ווייט פון די אַלגעמיינע באַגריפן וועגן דעמאָקראַטיע.

אונדזערע מאַכשאָוועס ווערן פּלוצים איבערגעריסן דורך דעם אמע־ריקאַנער אָפיציר. ס׳איז שוין שפּעט, שוין אָוונט. מיר מעגן זיך שוין אַרויסרירן אפן וועג צו יאָקאָהאַמאַ און טאָקיאָ. עס לאָזט זיך אויס, אַז די פּאָליציי האָט מיט אַ קיוון אָפּגעוואַרט ביז עס וועט פינצטער ווערן, ווייל עס וועט אונדז אויסקומען פּאַרבייצופאָרן אַ גרויסע אַוויאַציע־שטעטל און די אַמעריקאַנער ווילן, אַז סאָוועטישע מענטשן זאָלן בעסער פאָרן אַף דעם וועג נאָר אין די אָוונט־שאָען.

דער ערשטער פּאָרט אַליץ נאָך דער ווייסער „דזשיפּ״ פון דער אַמע־ריקאַנער פּאָליציי, נאָך אים דער „דזשיפּ״ מיטן אַמעריקאַנער אָפיציר, נאָך זיי אונדזער אויטאָמאָביל. מיר פאַרהאַלטן זיך בלויז אַף איין רעגע באַם טויער פון דעם עראָדראָם, דאָרט באַגעגענען אונדז די סאָוועטישע זשורנאַליסטן, וועלכע וווינען אין טאָקיאָ. זיי דרייען אויס זייערע מאַ־שינען און פאָרן אונדז נאָך. אין אַ לאַנגער אויטאָמאָבילן־קאָלאָנע, אין פולשטענדיקער פינצטערניש פאָרן מיר איבערן גליטשיקן, ניט־לאַנג אויס־געבויטן שאָסיי־וועג. פון צייט־צו־צייט באַלייכט די שטאַרקע שיין פון די אויטאָמאָביל־לאַמטערנעס אָדער אַ קורצוווקסיקן בוים, אָדער אַ ניי ערשט־אויפגעבויט הייזל, אָדער אַ לאַנגן מיליטערישן באַראַק. דורך די פענצטער פון דעם באַראַק זעען מיר אַמעריקאַנער זעלנער האַלב־ליגנדיק אַף זייערע פעלד־בעטלעך. באַם אַריינפאָר אין יאָקאָהאַמאַ בלייבן די צוויי פּאָליציי־אויטאָמאָבילן שטיין און לאָזן אונדז דורך. צום ערשטן מאָל אין יענעם טאָג באַקומען מיר די פרייהייט, און מיר פאָרן קיין טאָקיאָ.

אַפן וועג דערוויסן מיר זיך פון אונדזערע פריינט, אַז מאַק־אַרטורס שטאַב האָט איינגעפירט אַזאַ פּאָליציי־רעזשים פאַר יעדן, וואָס קומט צופאָרן פון ראַטנפאַרבאַנד. איך צווייפל אויב אין דער צייט פון דעם שרעקלעכסטן רעאַקציאָנערן פּעריאָד אין יאַפּאַן, זאָל מען זיך אַף אַזאַ אומפאַרשעמטן אופן האָבן באַצויגן צו סאָוועטישע בירגער. טאַדזיע און אַראַקי, וועלכע געפינען זיך איצט אין דער סוגאַמער טפיסע, וואָלטן זיך געמעגט לערנען באַ די אַמעריקאַנער. אַלע סאָוועטישע מענטשן מוזן דורכ־גיין דורך אַ ספּעציעלער קאַמער וו״ו יעדער איינער ווערט צוגעשטעלט צו

אַ ברעט און מוז באַקאַנט מאַכן די אַמעריקאַנער מיט זיין ווּקס, קאָליר פון זיינע אויגן, ספּעציעלע סימאָנים אַף זיין קערפּער און אָפּדרוקן דעם גראָבן פינגער פון זיין רעכטער האַנט. קיינער פון די סאָוועטישע ביר־גער, וואָס קומען צופאָרן קיין יאַפּאַן, טאָר ניט פאַרלאָזן טאָקיאָ אָן אַ ספּעציעלן שײַן — און אַזאַ שײַן גיט מען קיינעם ניט אַרויס, אויב עמעצער וויל אַרויספאָרן הינטער דער שטאָט, מעג עס אַפילע זיין צו זיך אַף אַ זומער־וווינונג, קומט אים אויס אָפּטמאָל צו פאַרלירן גאַנצע וואָכן אין מאַק־אַרטורס שטאַב, קעדיי צו באַקומען אַ וויזע; יאָ, דאָס אַלץ ווייזט אונדז זיך אויס אומגלויבלעך. איינס פון די ביידע: אָדער אין יאַפּאַן וווינען און פירן דאָס רעדל ניט יענע אַמעריקאַנער, וועלכע באַצייכענען זיך אַלס טרעגער פון קולטור, ציוויליזאַציע און „דעמאָקראַ־טיע"; אָדער, עפּשער האָבן זיי זיך אַף אַזוי פיל געביטן?

אונדזערע פריינט וואָרענען אונדז. טאָמער קלויבט איר זיך ערגעץ ווּ צו פאָרן, זייט גרייט מען זאָל אייך ניט לאָזן. און אויב מען וועט אייך שוין יאָ דערלויבן, איז נאָר אין דער באַגלייטונג פון אַן אָפיציר פון דער „דזשיטאַ".

— וואָס איז אַזוינס דזשיטאַ? — פרעגן מיר.

— אַזוי הייסט די צווייטע אָפּטיילונג פון מאַק־אַרטורס שטאַב. איר אויפגאַבע איז אויסשפּיר־אַרבעט און קאָנטראָל איבער די געדאַנקען, אויך פירן אַ קאַמף מיט די דעמאָקראַטישע קויכעס.

— וואָס־זשע, — ענטפערן מיר, — ס'איז אַ נייע געשטאַפּאָ אין אַן אַמעריקאַנער אויפלאַגע?

— עמעס, אַזוי קען מען זי טאַקע אָנרופן.

אונדזערע אויטאָמאָבילן פליען מיט אַ בליץ־שנעלקייט איבער דער גיגאַנטישער פאָרט־שטאָט יאָקאָהאַמאַ. איצט איז דאָס דער הויפּט־פּונקט פון דער אַמעריקאַנער אַכטער אַרמיי. דאָ איז דער וווין־אָרט פון דעם שטאַב פונעם גענעראַל אייקעלבערגער. מיר באַקומען אַ באַפעל צו פאָרן דורך די זייטיקע גאַסן, ווייל דער צענטער פון דער שטאָט איז אָפּגע־צוימט צוליב עפּעס אַן אַמעריקאַנער יאָנטעוו.

מיר פאָרן פאַרביי לײדיקע פלעצער, און לויפן שנעל פאַרביי אומ־ענדלעכע בענזין־סקלאַדן און אויטאָמאָביל־גאַראַזשן, וואָס געהערן צו דער אַמעריקאַנער אַרמיי. שפּעטער קומען מיר צו צו אַ שמאָל בריקל, נאָך אים הייבט זיך שוין אָן די פאָרשטאָט פון דער יאַפּאַנישער הויפּטשטאָט טאָקיאָ.

אין דער נאַכט־שאָ זעט גאָר די שטאָט ניט אויס צו זיין צעשטערט. יעדנפאַלס די אַלע ניי־אויסגעבויטע הייזעלעך, וועלכע מיר באַגעגענען אַפן וועג, מאַכן אַן איינדרוק פון אַ שטאָט, וואָס ווערט שנעל אויפגע־בויט. שפּעטער אָבער דערווּיסן מיר זיך, אַז דאָס זיינען מיר פאַרבייגע־

פאָרן יאַסיוואַראַ, ווו עס געפינען זיך עטלעכע טויזנט שאַנדהייזער און זייערע באַלעבאַטים האָבן אין דער ערשטער ריי באַקומען געהילף, בוי־מאַ־טעריאַלן און אויך אַ דערלויבעניש זיי אויפצובויען. ווייזט אויס, אַז די אַמעריקאַנער זיינען אויך מיט דער מיינונג, אַז טאָקיאָ קען זיך באַגיין אָן וואַסערלייטונג, אָן גוט־איינגעאָרדנטע קינאָ־זאַלן, אָן דעם טעאַטער „קאַ־בוקי", פון וועלכן עס זיינען פאַרבליבן בלויז כורוועס, מען קען אויס־קומען אַפילע אָן וווינונגען, אָבער אָן שאַנדהייזער קען טאָקיאָ זיך ניט באַגיין.

מיר קומען אָן צום צענטער פון טאָקיאָ. אַף דער שמאָלער „ציי־טונגס־אַלייע" פאָרן מיר צו צום זשורנאַליסטן־קלוב. דאָרט זיינען פאַר אונדז צוגעגרייט צימערן.

אין באַר וואַרטן אַף אונדז אַמעריקאַנער און ענגלישע צייטונגס־קאָרעספּאָנדענטן. מיר דערציילן זיי וועגן דעם אַלעמען, וואָס אונדז איז אויסגעקומען אויסצושטיין אין אַצוגי, אַפן עראָדראָם, זיי שמייכלען.

— איר וועט נאָך דאָ האָבן אַ סאַך גרעסערע סורפּריזן. לאָמיר עס בעסער פאַרגעסן.

אַפילע צווישן די זשורנאַליסטן געפינען זיך מענטשן וועלכע ווילן, אַז מיר זאָל דאָס אַלץ פאַרגעסן. מיר אָבער קענען גאָרניט פאַרגעסן. מיר געדענקען גוט, אַז אין קאַמף מיטן אַגרעסיוון יאַפּאַן האָבן פאַרלוירן זייע־רע לעבנס די בעסטע זין פון די פרייהייט־ליבנדע פעלקער. מיר דערמאָנען וועגן דעם די אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענטן. בלויז אַף איין רעגע בלייבן זיי שטיל. נאָר שפּעטער ענטפערן זיי.

— נו, יאָ. עפּשער איז דאָס טאַקע אַזוי, אָבער איצט געוווינען מיר זיך צו ניט צו טראַכטן וועגן דעם.

— וואָס־זשע וועט מאָרגן זיין? — פרעגן מיר זיי, אָבער קיין ענטפער באַקומען מיר ניט.

— אַ סאַך, לאָמיר דאָס אַלץ אָפּלייגן אין אַ זייט, — רופט זיך אָפּ איינער פון זיי, — זאָגט אונדז, וואָס ווילט איר אייגנטלעך זען אין טאָקיאָ?

— קוידעמקאָל, ווייזט אונדז אָן ווו און אַף וואָס פאַר אַן אויפן ווערט דאָ באַקעמפט דער פאַשיזם?

אַלע האָבן זיך פאַרטראַכט, נאָר איינער, אַ זשורנאַליסט פון אויס־טראַליע האָט געענטפערט:

— איך גלויב, אַז אין געריכט, באַם פּראָצעס... נאָר קען זיין, אַז איך האָב אַ טאָעס... יעדנפאַלס פּרווט צוגיין אַהין, עפּשער וועט אייך דאָרט פּאָרט עפּעס פאַרינטערעסירן.

קעדיי מען זאָל קענען בייזיין דעם פּראָצעס אין טאָקיאָ מוז מען פאַרבייגיין דאָס מאַסיווע הויז פון מאַק־אַרטורס שטאַב, וואָס איז געבויט אין דער פאָרעם פון אַ פירקאַנטיקן קאַסטן; דורכקרייצן דעם אימפּעראַטאָרס פּאַלאַץ; אויסמיידן די אַמעריקאַנער וואַך, וואָס היט אָפּ דעם אַריינגאַנג אין דעם פּאַלאַץ פון אימפּעראַטאָר היראָהיטאָ; דורכשפּאַנען אומענדלעכע קוואַרטאַלן מיט רעשטלעך פון אָפּגעברענטע הייזער, וווּ עס הויבן זיך שוין ביסלעכווייז אָן צו מערקן סימאָנים פון אַ שטיקל לעבן, דערנאָך קומט מען אַרויס אַף אַן אַלייע, וועלכע פירט אייך צו אַ בערגל, וווּ עס שטייט אַ געביַידע, וועלכע מען רופט אין יאַפּאַן „דער מילכאָמע־צענטער". אָט אין דער גרויסער מאָרעשכווירעדיקער געביַידע האָבן די מיניסטאָרן און די גענעראַלן אויסגעכאָוועט די אידעע פון אַגרעסיע און פון וועלן באַזיגן די גאַנצע וועלט. דאָ אין דער געביַידע פלעגן באַקומען אַ רעאַליסטישן און פּראַקטישן זין די אַלע מעשוגענע אַוואַנטוריסטישע פּלענער, וועלכע פלעגן געבוירן ווערן אין די טיפענישן פון דער יאַפּאַנישער אימפּעריאַליסטישער קליקע. דאָ, אין דער געביַידע האָט מען אָנגעצייכנט אַף די לאַנד־קאַרטעס אַלע הויפּט־ריכטונגען פאַר אַלע אָנגרייפערישע אָפּעראַציעס פון דער יאַפּאַנישער קריגס־מאַשין.

איצט ווערן דאָרט אין אַ הילכיקן, האַלב־טונקעלן זאַל, געמישפּעט יאַפּאַנישע גענעראַלן און מיניסטאָרן.

איר מעגט זיין זיכער, אַז דאָ וועט איר ניט באַגעגענען די אַלע הויפּט־מילכאָמע־פאַרברעכער פון יאַפּאַן. איר וועט אויך ניט געפינען אין דעם זאַל די הויפּט־פּערדיקער פון דער מילכאָמע, דאָך אָבער, וועט איר אַפן באַנק באַ דער רעכטער וואַנט פון זאַל, וווּ עס זיצן די באַשולדיקטע, דערזען אַ סאַך גוט־באַקאַנטע פּענעמער.

אייך וועט זיכער פרייען, וואָס סאָפּקאָלסאָף האָט געפונען זיין פּאַסיקן אָרט אַראַקי סאַדאָאָ, דער אידעאָלאָגישער פירער פון די יאַפּאַנישע פאַשיסטן, וועמענס לעבנס־ציל איז געווען אַ מאַרש אַפן ראַטנפאַרבאַנד. אַראַקי, — דער אַפּאָסטאָל פון דעם אַזוי גערופענעם „קאַדאָ", דאָס הייסט די אידעע פון אימפּעראַטאָרס וועג, וועלכער האָט אין מעשעך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט פאַרסאַמט די מויכעס פון דעם יאַפּאַנישן פאָלק מיט זיין העצע צו גיין אַף רוסלאַנד. אַראַקי האָט אַלעמען פאַרזיכערט, אַז יאַפּאַן וועט בעשום אויפן ניט אימשטאַנד זיין צו פאַרווירקלעכן איר אויפגאַבע צו הערשן אַף אייביק איבער אַלע פעלקער, אויב עס וועט ניט דעראָבערן פאַר זיך „פּרימאַריע", די אַמור־געגנט, טראַנס־בײַקאַל און סיביר.
אַלס יונגער אָפיציר נאָך, איז אַראַקי פאַרהאַלטן געוואָרן אין סיביר, ווי אַ שפּיאָן. דאַן האָט ער זיך אַרויסגעדרייט מיט דער הילף פון אַ דיפּ־

לאָמאַטישער אנטשולדיקונג און איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון רוסלאַנד. ער האָט זיך אָבער ווידער צוריקגעקערט אין סיביר אין דער צייט פון דער אינטערווענץ און זיינע אכזאָריעסדיקע מייַסים געדענקען נאָך ביז היינט די סאָוועטישע בירגער. איצט זיצט ער צווישן צוויי אַנדערע גע־נעראַלן: אומעדזי און מוטאַ. קורץ געשוירן, מיט שוואַרצע וואָנצעס, באַטראַכט ער מיט עפּעס אַ געמאַכטער גלייכגילטיקייט, אַלץ וואָס עס קומט פאָר אין געריכט.

ווייטער וועט איר דאָרט אויך זען דעם יאַפּאַנישן געזאַנדטן אין דייטשלאַנד אָסימאַ היראָסי, איינעם פון די שעפער פון דעם אַזוי גערו־פענעם אַנטיקאָמינטערן־פּאַקט. אָסימאַ איז אויך געווען איינער פון אַראַ־קיס נאָענטסטע מיטאַרבעטער. אָסימאַ האָט געוווּסט פון אַ סאַך סוידעס. היטלער האָט אים אָנפאַרטרויט אַלע זיינע פאַרבאָרגענע מאַכשאָוועס. מיט דריי וואָכן פאַר דעם, ווי דייטשלאַנד איז איבערגעפאַלן דעם ראַטנ־פאַרבאַנד, האָט שוין אָסימאַ אינפאָרמירט טאָקיאָ, אַז אין דריי וואָכן אַרום פאַנגט זיך אָן די מילכאָמע צווישן דייטשלאַנד און דעם ראַטנ־פאַרבאַנד, און אַז דאַן וועט קומען דער גינסטיקסטער מאָמענט אַז יאַפּאַן זאָל אַ סאַך מאַכן מיט די טראַנס־בייַקאַלער און פּרימאָריער געגנטן. אָסי־מאַ פלעגט אָנרעגן זיינע פריינט אין טאָקיאָ, דערמאָנענדיק זיי אַז גאָר אינגיכן וועט קומען דער טאָג, ווען עס וועט מעגלעך ווערן צו פאַר־ווירקלעכן די הונדערטיאָריקע כאַלוימעס און פּלענער פון דעם אַגרעסיוון יאַפּאַן.

נאָענט לעבן דער טריבונע פאַר די געהויבענע געסט, קימאַט אַפן עק פון דער באַשולדיקונגס־באַנק זעט מען דעם קליינעם, פּיפּיקן דייַכאַראַ קענדזי — דעם שעפער פון דעם „מוקדענער אינצידענט". דער גענעראַל־שפּיאָן האָט געשעמט אין יאַפּאַן ווי אַ ספּעציאַליסט פאַר טונקעלע און בלוטיקע מייַסים. ער פלעגט עס אָפּראַמען פון דעם וועג אַלע יענע רע־גירונגס־לייט וועלכע האָבן אים געשטערט באַם דורכפירן עפּעס אַ נייעם „אינצידענט". דאָס האָט ער געבראַכט אין מאַנדזשוריע דעם כינעזישן פּרינץ פו־אי און מיט דער הילף פון אָט־דעם פּאַכדאָנישן אינגל געוואָרפן דאָס מאַנדזשורישע פאָלק צו די פיס פון יאַפּאַן.

מיט אים צוזאַמען אין דער זעלבער ריי זיצט טאַדזיאָ כידעקי, וועלכער האָט אויך אָנגעהויבן זיין פּאָליטישע קאַריערע מיט זשאַנדאַר־מישע שטיק. אָט־דער אויסשפּירער, וואָס האָט זיך אַריינגעדרייט אין דעם שטאַב פון דער קוואַנטונער אַרמיי, און האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין דער פּאַסיקער מענטש פאַר אַזעלכע הײַפיש, ווי מיצוביסי און מי־צואי, וועלכע זיינען אַגעוו אויך איצט פאַרבליבן אין שאָטן. טאַדזיאָ האָט בליץ־שנעל געשטיגן אַף דעם יעראַרכישן לייטער. אַפן געריכט

פארדעקט ער אָפּט זיין פּאָנעם מיט די הענט און איינגעבויגן איבער זיי־
נע נאָטיצן גלעט ער זיין פּליכעוואַטן קאָפּ.

עס באַקומט זיך אַן איינדרוק אַז ער האָט מוירע זיך צו טרעפן פּאָ־
נעם־על־פּאָנעם אפילע מיט דעם קליינעם הייפעלע יאַפּאַנער, וועלכע מען
האָט צוגעלאָזט צום פּראָצעס.

טאַדזיאָ איז געווען פּרעמיער־מיניסטער און גלייכצייטיק אויך
קריגס־מיניסטער אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע. דאָס
האָט ער געשלאָסן דעם מיליטערישן בונד מיט דייטשלאַנד און איטאַליע,
אויך צו אים געהערט דער באַפּליגלטער אויסדרוק אַז דער בונד איז
געכאַסמעט מיט בלוט אַף אייביק.

דער גרעסטער פאַרדינסט איז פאַר טאַדזיאָ געווען דער פאַקט, וואָס
זיין האַנט האָט אָנגעפירט מיט דער יאַפּאַנישער קריגס־מאַשין.

איבערהויפּט די אַלע וואָס זיצן איצט פאַרן געריכט האָבן געהאַלטן
פאַרן גרעסטן קאָוועד און גדולע דאָס, וואָס די גאַנצע וועלט באַצייכנט
איצט אַלס גזיילע, רעציכע און שאַנד.

פינף און צוואַנציק מיניסטאָרן און גענעראַלן (פריער זיינען זיי
געווען אכט און צוואַנציק, נאָר צוויי פון זיי האָבן באַוויזן צו שטאַרבן
און איינער איז מעשוגע געוואָרן), הערן אויס טויזנטער דאָקומענטן, באַ־
ווייזן פון איידעס, מעלדונגען, אַקטן, דיפּלאָמאַטישע מעמאָראַנדומס,
וועלכע די באַשולדיקונג לייענט פאַר פאַר עלף ריכטער, געשיקטע קיין
טאָקיאָ פון די פאַראייניקטע פעלקער. און ניט געקוקט אַף דעם, וואָס דער
גאַנצער פּראָצעס ווערט געפירט לאַנגזאַם און שלאַבעדיק, איז ער דאָך
מאַסרע, אַז מען טאָר ניט אַזוי אומבאַשטראָפט וואַרפן אַ פאָלק אין
וואָלפס הונגעריקן פּיסק.

דער מישפּעט אין טאָקיאָ פּרייט אייך, אָבער אין דער זעלבער צייט
טוט ער אייך אויך וויי. ער דערפרייט אייך אין יענע טעג, ווען עס
טרעטן אַרויס די באַשולדיקער. זאָל זיין כאָטש אַף איין רעגע, דאָך שאַפט
זיך באַ אייך אַן אילוזיע, אַז די גאַנצע וועלט הערט זיך צו צו זיי.
שוין דער פאַקט אַליין, אַז עס ווערט געפירט אַ מישפּעט, רופט אַרויס
אַ האָפענונג, אַז דער פּראָצעס וועט אָפּהיטן די מענטשהייט פון אַזעלכע
לייט ווי אַראַקי, אָדער טאַדזיאָ, ווייל די גערעכטיקייט דינט ניט נאָר
קעדיי צו באַשטראָפן די פאַרברעכנס, נאָר זי דינט אויך אַלס אַ שטרענגע
וואָרענונג פאַר אַלע די, וואָס ווען וואָגן צו שטערן דעם שאָלעם.

צום גרויסן באַדויערן אָבער, זעט אויס דער מישפּעט אין טאָקיאָ
אַזוי ווי ער וואָלט קיינעם ניט אָנגעגאַנגען און אויך קיינעם ניט גע־
וואָרנט. דאָס הויז, ווו עס זיצט דאָס געריכט איז, שיינט מיר, דאָס איינ־
ציקע אָרט אין יאַפּאַן, ווו עס ווערט באַשולדיקט דער פאַשיזם. דער קאַמף
מיט דער גאַנצער נאַציאָנאַליסטישער סיסטעם, וועלכע האָט דערפירט

יאפּאַן צו אַ מילכאָמע און צו אַ נידערלאַגע, איז איצט אָפּגעצוימט מיט די פיר ווענט פון דעם געריכט־זאַל פון דעם גרויסן גרויען הויז, וועל־כעס האָט אַמאָל געהייסן „דאָס מילכאָמע־הויז".

צוויי וואָכן נאָכאַנאַנד זיינען אָפּן מישפּעט אין טאָקיאָ אַרויסגע־טראָטן באַשולדיקער מיצאַד דעם ראַטנפאַרבאַנד. עמעס עס זיינען אויך געווען פּרוּוון זיי צו שטערן ריידן, קעגן זיי איז אַרויסגעטראָטן דער אַמעריקאַנער אַדוואָקאַט קאַנינגהעם. ער האָט איבערגעגעבן פאַר די זשורנאַליסטן אַ געשריבענעם „אינטערוויו", וועלכער האָט אויפגעקלערט זיין פּאָליטישע שטעלונג. קענינגהעם האָט דערקלערט, אַז זיין מיינונג ווערט געשטיצט פון אַלע זיינע קאָלעגן־אַדוואָקאַטן, וועלכע זיצן מיט אים צוזאַמען באַם רונדן טיש פון די פאַרטיידיקער אָפּן מישפּעט.

— ווי געפעלט אייך די פּלוידעריי? — פרעגט באַ מיר אַ וואַ־שינגטאָנער זשורנאַליסט, איבערגעבנדיק מיר קענינגהעמס אינטערוויו. — דער דאָזיקער אַדוואָקאַט האַלט פאַר ניט לאָגיש „אַז רוסלאַנד זאָל זיין איינע פון די באַשולדיקונגס־מעדינעס באַם מישפּעט".

און אין דעם טאָג, ווען עס איז אַרויסגעטראָטן דער הויפּט־באַשול־דיקער פון דעם ראַטנפאַרבאַנד — סערגיי גאַלונסקי — האָט קענינגהעם דערקלערט, אַז די ריכטער זיינען גאָרניט מעכוּיעוו אויסצוהערן אַ רעדע אין וועלכער עס זיינען פאַראַן צופיל אַלגעמיינע געדאַנקען, וועלכע האָבן קיין שום שייַכעס ניט צום פּראָצעס.

צום גליק אָבער איז דער פּאָרזיצער פון געריכט, וועבב, אַ מאַן מיט אַ נייגונג צו לייענען מוסער די „פאַרבלאָנדזשעטע יאַפּאַנישע גע־נעראַלן און זייערע אַדוואָקאַטן", אָבער דאָך אַ מענטש מיט אַ געזונטן פאַרשטאַנד, האָט געשטיצט ניט קענינגהעמען, נאָר דאַווקע גאַלונסקין, און יענער האָט געהאַלטן זיין רעדע. אין איר איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן קימאַט אַ פופציקיאָריקער פּעריאָד פון דער יאַפּאַנישער אַגרעסיע אָף רוסלאַנד.

גאַלונסקי האָט דערמאָנט די ריכטער, די אַדוואָקאַטן און די אַלע וועלכע פירן איצט אָן מיטן גורל פון יאַפּאַן, אַז עס איז אומבאַדינגט נויטיק צו באַקעמפן דעם מיליטאַריזם, די אַגרעסיע, די פאַשיסטישע אי־דעאָלאָגיע שוין באַ זייער אַנטשטייונג.

דער געדאַנק וואָלט געווען זייער נוצלעך פאַר די, וועלכע וואָלטן געוואָלט אויפריכטיק זיך צוהערן צו אים, ווייל אין טאָקיאָ ווערט גאָר־ניט געמישפּעט דער פאַשיזם, מען פאַרדאַמט ניט די רעאַקציע, מען שטעלט גאָר ניט צום שאַנד־סלופּ זייערע באַגייסטערער און אידעאָלאָגן, נאָר פאַרקערט — מען גיט זיי אַלע מעגלעכקייטן צו פירן אַ רעגירונגס־טעטיקייט. דערפאַר טאַקע האַלט אויף יאַפּאַן ביז היינט צו טאָג די גע־נעראַל־שטאַבן פון איר אַרמיי און פלאָט, און צו דעם העלפן זיי צו די

אמעריקאנער. עמעס, איר וועט אינערגעץ נישט געפינען א הויז מיט א שילד „ג ע נ ע ר א ל ־ ש ט א ב". ער עקזיסטירט אָבער. די גענעראַלן און די אַדמיראַלן פון די שטאַבן, אַלע זייערע פּערסאָנאַלן, געפינען זיך ווי פריער אַף זייערע פּאָסטנס. ס׳איז פאַר קיינעם ניט קיין סאָד, אַז אַפילע דער שעף פון דעם אויסשפּיר־דינסט באַם גענעראַל־שטאַב פון דעם יאַפּאַנישן קריגס־פלאָט, דער וויצע־אַדמיראַל מאַעדאַ מי־נאַכאַ, קומט צופאָרן יעדן טאָג ציוויל געקליידעט צו א הויז וואָס איז פאַרנומען דורך דער אַזוי גערופענער דעמאָביליזירונגס־קאַמער. די קאַ־מער איז בלויז א שפּאַניש ווענטל, הינטער וועלכן עס באַהאַלטן זיך אויס אַלע אָנפירער און אַלע אָפּטיילונגען פון די צוויי יאַפּאַנישע גע־נעראַל־שטאַבן, דאָס הייסט דער „סטראַטעגישער מאַרק" פון דעם „טענ־נאָ". (טעננאָ באַדייט אַף דער יאַפּאַנישער שפּראַך — דער אימפּעראַ־טאָר). אַפילע דער שעף פון דער אָפּעראַטיווער דינסט פון דעם גענע־ראַל־שטאַב, — דער גענעראַל־לייטענאַנט מיאַדזאַקי סאַיטי, זיצט נאָך אַלץ ווי פריער אַף זיין פּאָסטן. ער הייסט נאָר איצט מיט אַן אַנדער נאָמען: שעף פון דער אָפּטיילונג פאַר שטודירן די געשיכטלעכע געשעע־נישן. עס ווייזט אויס, אַז די געשיכטע האָט אים נאָך גאָרניט אויסגע־לערנט. קימאַט דער גאַנצער פּערסאָנאַל פון דער פינפטער (רוסישער) אָפּטיילונג פאַר אויסשפּיר־דינסט באַם גענעראַל־שטאַב ווערט איצט אויס־גענוצט אין דעם ערשטן דעמאָביליזירונגס־ביוראָ.

און אָט די אַלע ציוויל־געקליידטע מענטשן פאַרנעמען זיך מיט אינ־יאָנים, וועלכע געפינען זיך זייער, זייער ווייט פון דעמאָביליזאַציע־טע־טיקייט.

אין אָוונט פאַרלאָזן מיר דאָס מאָרעשכווירעדיקע „מילכאָמע־הויז" מיט עפּעס אַן אומרויִקן און פאַרדריסלעכן געפיל. מעגלעך, אַז דער גאַנ־צער מישפּעט אין טאָקיאָ איז אויך א מין דעמאָקראַטישער פאָרהאַנג הינטער וועלכן עס באַהאַלטן זיך אויס טויזנטער קליינע און גרויסע אי־דעען־פירער פון דזייביצו; א פאָרהאַנג וואָס פאַרשטעלט פון דעם יאַ־פּאַנישן פאָלק און אויך פון דער גאַנצער וועלט די מעטאַל־ און קוילן־מאַגנאַטן, די הערשער פון אַלע יאַפּאַנישע רייכטימער. זיי ווייסן גאַנץ גענוי אַז די אַלע אַראַקים, טאַדזיאָס, דײַכאַראַס און היראָנומאַס, וועלן ווערן פאַרטראָטן דורך אַנדערע, וועלכע וועלן אויך זיין געהאָרכזאַמע שקלאַפן פון די קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָלן „דזייביצו", פון די ריזיקע טרוסטן מיצוביסי, מיצואי, סומיטאָמאָ און יאַסודאַ. דאָס האָבן זיי באַ־שאַפן די יאַפּאַנישע קריגס־מאַשין, די גאַנצע סיסטעם פון רעאַקציע און מליטאַריזם און איצט שטיצן זיי יאַסידאַס קאַבינעט פונקט אַזוי ווי זיי האָבן פריער פאַרפעסטיקט דעם קאַבינעט פון טאַדזיאָ. עמעס, דער פּראָ־צעס וואָלט באַ אַנדערע אומשטענדן געקענט דערלאַנגען א טויט־קלאַפּ

די אַלע פּעאָדאַלע, רעאַקציאָנערע און פאַשיסטישע קויכעס פון יאַפּאַן. אָבער איצט רירט ער זיי אַפילע ניט אָן.

די פינצטערע רעאַקציע לעבט און זי איז טעטיק פּונקט ווי פריער.

## — 3 —

אַף מאָרגן אינדערפרי גייען מיר אַרויס אַפן אימפּעראַטאָר־פּלאַץ. היינט שטעלט ער מיט זיך פאָר אַן אייגנאַרטיקן מיטלפּונקט פון דעם יאַפּאַנישן פּאָליטישן לעבן. אַף איין זייט פּלאַץ געפינט זיך דער ריזיקער מויער, וואָס איז באַזעצט פון מאַק־אַרטורס גענעראַל־שטאַב; אַף דער אַנדערער זייט פּלאַץ, שטייט דעם אימפּעראַטאָרס פּאַלאַץ, אָפּגעצוימט מיט אַ פעסטער שטיינערנער וואַנט און אַרומגערינגלט מיט א ברייטן וואַסער־קאַנאַל, וועלכער פאַרשטעלט דעם וועג צום קאָדשע־קאַדאָשים פון דער יאַפּאַנישער אימפּעראַטאָרשער דינאַסטיע.

איך מאַך אַ פּרוּוו זיך צו דערנענטערן צום טויער פון דעם אימפּעראַטאָרס פּאַלאַץ. נאָר מיך שטעלט אָפּ אַן אַמעריקאַנער זעלנער, וועלכער שפּאַנט אַרום איבער אַ שמאָלער מיט געלן זאַמד באַשאָטענער סטעזשקע, מיטן ביקס אַפן אַקסל. זעקס טריט פאָרויס — זעקס טריט צוריק. ער באַוועגט זיך פּונקט ווי אַן אויטאָמאַט, לייגט ניט קיין שום אַכט אַף די אַרומיקע און שטעלט זיך אָפּ נאָר דאַן, ווען עמעצער דערנענטערט זיך צום טויער. דאַן מאַכט ער אַ באַפעלערישע באַוועגונג מיט דער האַנט, געבנדיק צו פאַרשטיין, אַז מען מוז זיך האַלטן וואָס ווייטער פונעם טויער. דער זעלנער רעדט ניט אַרויס קיין איינציק וואָרט, פּונקט ווי עס וואָלט צו אים איבערגעגאַנגען בעירושע פון די יאַפּאַנישע אימפּעראַטאָרס, די לאַנגיאָריקע אייגנשאַפט צו שווייגן און צו סוידעס.

דאָך איז מעגלעך אַריינצודרינגען אין די סוידעס פון דעם אימפּעראַטאָרס פּאַלאַץ אַפילע ניט זייענדיק דאָרט. געזען האָב איך דעם יאַפּאַנישן אימפּעראַטאָר אין יענעם טאָג, ווען ער האָט איבערגעגעבן פאַרן פאָלק די נייע „קאָנסטיטוציע”. אַזוי יעדנפאַלס האָט פאַרזיכערט די אַמעריקאַנער צייטונג „סטאַרס ענד סטרייפּס”. לויט איר באַגייסטערטער באַשרייבונג, איז דאָס יאַפּאַנישע פאָלק געוואָרן, אַז זונטיק באַטאָג איז עס (דאָס הייסט — דאָס פאָלק) איבערגעגאַנגען פון אַ האַלבפּעאָדאַלן צושטאַנד צו אַ קאָנסטיטוציאָנעלער דעמאָקראַטיע. דער אימפּעראַטאָר היראָהיטאָ, דער הונדערט פיר און צוואַנציקסטער הערשער פון אַ פּערמאַנענטער ליניע, וועלכע ציט זיך שוין קימאַט צוויי טויזנט זעקס הונדערט יאָר אָן איבעריים (אַזוי פאַרזיכערט עס די יאַפּאַנישע געשיכטע), האָט אַרויסגערעדט מיט אַן אָנגעשטרענגטער שטימע עטלעכע ווערטער, וועלכע האָבן פאַרוואַנדלט די נייע יאַפּאַנישע קאָנסטיטוציע

פון אַן איינפאַכן דאָקומענט, וועלכן דער פּאַרלאַמענט האָט באַשטעטיקט, אין אַ לעבעדיקער דערקלערונג פון אַ פאָלק וואָס שטרעבט צו אַ נייעם לעבן נאָך זיין ערשטער מאַפּאָלע.

דער קליינוווּקסיקער מיטליעריקער הערשער האָט געמאַכט אַ דער־קלערונג אין זיין דעקרעט, וועגן אַ שפּאָגל־נייעם געזעץ, וואָס עפנט פאַרן לאַנד אַ וועג צו שאָלעם־פּרינציפּן און גיט איבער די הערשאַפט פון זיינע הענט אין די הענט פון דעם יאַפּאַנישן פאָלק.

איך בין אויך בייגעוווען יענע געשעענישן וועגן וועלכע עס האָט מיט אַזעלכע הויכע פראַזן באַשריבן די אַמעריקאַנער צייטונג „סטאַרס ענד סטרייפּס”. היראָהיטאָ איז אָנגעקומען אין אַ קאַרעטע געשפּאַנט מיט פערד „נאָ־שפּיץ”. באַם אַריינגאַנג אין פּאַרלאַמענט האָבן אים אָפּגע־וואַרט אַלע דעפּוטאַטן, געקליידט אין שוואַרצע אַנצוגן. אין מאָמענט ווען דער אימפּעראַטאָר האָט איבערגעטראָטן די בעטאָנענע סטעזשקע, זיינען זיי אַלע געפאַלן „קוירים”. דערנאָך האָבן זיי אים אָפּגעפירט, אָבער ניין, אַפילע ניט אָפּגעפירט, נאָר פּאַשעט געטראָגן זייער הער־שער אַף די הענט אין סאַלאָן אַריין, ווו עס האָבן זיך פאַרזאַמלט די געסט — דיפּלאָמאַטן, גענעראַלן, אָפיצירן, זשורנאַליסטן פאָטאָגראַפן פון אַלע עקן פון דער וועלט. אַלע אָנוועזנדע האָבן עס אויפגענומען ווי אַ פאַרוויילנדיקע טראַדיציאָנעלע פאָרשטעלונג.

דער אימפּעראַטאָר איז אַריין אין סאַלאָן, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן אַזוי גערופענעם דעמאָקראַטישן אַנצוג. פּונקט ווי אין די אַמאָליקע צייטן איז ער אַרויפגעשטיגן צום טראָן. אַלע פּאַרלאַמענט־דעפּוטאַטן האָבן זיך ווידער פאַרנויגט פאַר אים ביז צו דער ערד און זיי זיינען געבליבן שטיין אין דער פּאָזע ביז דער „דעמאָקראַטישער” פּרעמיער־מיניסטער יאָסידאָ סיגערו איז אַרויף מיט קליינע, קורצע טריטעלעך אַף אַ טריבונע, קעדיי צו באַדאַנקען זיין אימפּעראַטאָר פאַר דער געשאָנקענער קאָנסטיטוציע.

היראָהיטאָ האָט פאָרגעלייענט דעם דעקרעט מיט אַ שטילער שטי־מע, וועלכע מען האָט קוים געהערט.

„היינט, — האָט געזאָגט היראָהיטאָ — האָב איך באַשלאָסן צו פאַרעפנטלעכן די קאָנסטיטוציע פון דעם יאַפּאַנישן לאַנד, די קאָנסטי־טוציע, וועלכע פאַרבעסערט די אַלע ביז איצטיקע אימפּעראַטאָרשע קאָנ־סטיטוציעס, שטרעבט איבערצובויען דאָס לאַנד לויט די פּרינציפּן, וועל־כע זאָלן זיך קענען צופּאַסן צו דער גאַנצער מענטשהייט”.

יאָסידאָ און די וואָרטזאָגער פון פּאַרלאַמענט האָבן געדאַנקט זייער אימפּעראַטאָר. זיי האָבן אים באַטיטלט אַלס „רעטער פון דעם יאַפּאַנישן פאָלק”. נאָך דעם איז דער אימפּעראַטאָר אַרויס פון דעם סאַלאָן און אַלע דעפּוטאַטן פונעם פּאַרלאַמענט האָבן זיך ווידער פאַרנייגט פאַר אים. אַ ווײַלע שפּעטער האָבן מיר נאָך געקענט זען, ווי יאָסידאָ צוזאַמען מיט

זיינע פריינט זעצן אריין עפּעס אַ קליינוווּקסיקן בייכיקן מענטשעלע אין ברילן, אָבער דאָס מאָל שוין ניט אין אַ קאַרעטע, נאָר אין אַן אויטאָ־מאָביל.

דעם זעלבן טאָג אַרום צוויי אַזייגער נאָכמיטיק האָט זיך פאַרזאַמלט אַפן פּלאַץ אַ האַמוין פון יענע מענטשן, וועלכע זיינען שטענדיק גייציק אַף פאַרשטעלונגען. דער אימפּעראַטאָר מיט זיין פרוי זיינען אַרויס און זיך דריי מאָל פאַרנייגט פאַרן פאַרזאַמלטן עולם. אַלע זיינען געפאַלן אַף די קני. דער אימפּעראַטאָר האָט אָנגענומען זיין ווייב אונטערן אָרעם און אַוועק מיט איר צוריק. מען האָט זיי אָבער אָנגעיאָגט און אויפגע־הויבן אַף די הענט. עמעצער פון צווישן עולם האָט אָנגעהויבן צו זינ־גען דעם אַלטן נאַציאָנאַלן הימן. דער פאַרזאַמלטער עולם האָט אים אונטערגעכאַפּט, און עס איז ניט קיין וווּנדער, ווייל דאָ האָבן זיך דאָך פאַרזאַמלט בלויז די אָנהענגער פון סידעהאַרא און יאָסידאַ, און פאַר זיי איז היינט געווען אַ „גרויסער טאָג”. עס איז עפּשער אויך גאַנץ מעגלעך, אַז דער קאָרעספּאָנדענט פון „סטאַרס ענד סטרייפּס” איז געווען גערעכט מיט זיין שרייבן, אַז היראָהיטאָ איז גאָרניט געווען צעטומלט אין דעם טאָג פון דער אויפלעבונג פון דער אימפּעריע. ווייל אין יענעם טאָג האָט ער געגעבן צו וויסן וועגן זיך, און זיך ווידער צוריקגעקערט צו דער מאַכט, ניט דער אימפּעראַטאָר, יענער האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין מאַכט, ניט „טעננאָ”, ווי מען רופט דעם אימפּעראַטאָר אין יאַפּאַן, נאָר עס איז רעסטאַווירט געוואָרן דער „טעננאָיִזם”.

דעריבער קענען ניט די אַלע מענטשן וועלכע שטרעבן צו אַ פרייען דעמאָקראַטישן יאַפּאַן, גלייכגילטיק צוזען דאָס אַלץ, אַז עס זאָל באַ זיי זיך ניט דערוועקן אַ געפיל פון אומרויִקייט.

דער טעננאָיִזם האָט געשפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָל אין דער אַנט־וויקלונג פון דעם פאַשיזם אין יאַפּאַן. ער האָט שטענדיק געדינט פאַר אַ פעסטונג פאַר די אַלע פעאָדאַלע עלעמענטן, וועלכע האָבן אומעטום און שטענדיק מיט אַ גוואַלדיקער אַקשאָנעס געפירט אַ לעבהאַפטע פּראָ־פּאַגאַנדע אין דעם זין, אַז יאַפּאַן ווערט אָנגעפירט פון אַ לעבעדיקן גאָט — טעננאָ. אין נאָמען פון טעננאָ פלעגן ווערן דורכגעפירט אַלע פּאָלי־טישע עקאָנאָמישע און מיליטערישע איניאַנים. און דאָס פאָלק האָט אַפּי־לע ניט געהאַט קיין רעכט צו צווייפלען אין דעם. אין די טעמפּלען, אין די אוניווערזיטעטן, אין שולן און אַף דער גאַס, פלעגט מען איינפּלאַנצן אין פאָלק אַ געדאַנק, אַז אַלץ וואָס עס ווערט דורכגעפירט אין נאָמען פון טעננאַ, איז הייליק, אַן שום זינד און דעריבער מוז עס ווערן אויס־געפאָלגט מיט אָפּשיי און דערעכערעץ. אַזוי אַרום האָט טעננאַ און טענ־נאָיִזם געהאַלטן אין אַ בלינדער אונטערטעניקייט דעם זיבעציק־מיליאָניקן יאַפּאַנישן פאָלק.

איצט לעבן ווידער אויף, א דאנק די אמעריקאנער, אלע יענע אי־דעען, וועלכע האָבן זיך שטארק א וואקל געטאָן אין די ערשטע טעג פון יאפּאנס מאַפּאָלע.

נאָך אין די לעצטע יאָרן פון דעם פארגאנגענעם יאָרהונדערט איז געווען פארעפנטלעכט אין יאפּאן „דעם אימפּעראַטאָרס קאָנסטיטוציע". דאָן איז זי אויך געווען ארויפגעצוואונגען אפן יאפּאנישן פאָלק אין נאָמען פון טעננאָ און קיינער האָט אפילע ניט געוואגט זיך ארויסצוזאָגן קעגן איר, ווייל זי האָט געטראָגן א „געטלעכן" כאראקטער.

דאָס אָפּגענארטע, געפּלאָגטע יאפּאנישע פאָלק, אָנגעשראָקן מיט אור־אַלטע פעאָדאלע אבערגלויבענישן, וועלכעס האָט געשמאכט אין פינצ־טערניש און אָרעמקייט, האָט אפילע ניט פארשטאנען אז די קאָנסטיטו־ציע וואָס מ'האָט אים קלוימערשט געשאָנקען, אין נאָמען פון טעננאָ, איז נאָר געווען א מיטל, קעדיי צו שאפן א בארעכטיקן געזעץ צו צורויבן זיין פרייהייט. און עס איז גאָר קיין וואונדער ניט, אז די יאפּאנער האָבן ווידער געגלויבט אין דער געטלעכקייט און אויסדערוויילטקייט פון טעננאָ, ווייל אין מעשעך פון לאַנגע יאָרהונדערטער האָט מען זיי אין דעם איינ־גערעדט. די באוווּסטע דראָשע „סאָנאָראָן", אין וועלכער דער אימפּעראַ־טאָר ווערט פארהייליקט, אַלס א גאָט (די דראָשע איז איבערהויפּט פאר־שפּרייט געוואָרן נאָך מיידזיס רעוואָלוציע), האָט אין פארלויף פון הונ־דערט יאָר באהערשט די יאפּאנישע מויכעס און פאָלקס־געפילן. און מיט דער דראָשע האָט זיך באנוצט דער מיליטאריזם אף דעם זעלבן אויפן, ווי ער האָט אויך אויסגענוצט די גאנצע טעננאָיִסטישע סיסטעם. דער יאפּאנישער מיליטאריזם האָט דערקלערט די טעננאָ־סיסטעם פאר אַן עמונע, און פארמאסקירט זיין גייציקייט און אגרעסיע־פּלענער מיט א זאָץ פון איינעם פון די אוראַלטע אימפּעראַטאָר־דעקרעטן — „אכט עקן אונ־טער איין דאך".

דער זעלבער טעננאָיִזם האָט אין זיין צייט אויך מיטגעהאָלפן די פעאָדאַלע מישפּאָכעס מיצוביסי, מיצואי און סומיטאָמאָ זיך צו פאר־וואנדלען אין מאָנאָפּאָליסטישע הערשער איבער אַלע יאפּאנישע נאציאָ־נאַלע רייכטימער. ער האָט אויך מיטגעהאָלפן אַלע „דזייבאצו"־מישפּאָ־כעס און אויך די אַלע זייערע געהאָרכזאמע און אונטערטעניקע מיניסטאָרן און גענעראַלן א שליידער צו טאָן דאָס יאפּאנישע פאָלק אף די פעלדער פון מאנדזשוריע און אף די כינעזישע שטעט. אפילע אין יענע צייטן ווען די יאפּאנישע רעאקציע האָט מיט אוממענטשלעכער אכזאָריעס דער־שטיקט די דעמאָקראטישע קויכעס, איז פאַרן פאָלק דאָס פארטייטשט געוואָרן אַלס אַן אומבאדינגטער אקט אף צו באשיצן דעם טעננאָיִזם. און ווען עס איז געקומען דער מאָמענט און די יאפּאנישע מיליטאריסטן האָבן נאָר דערפילט, אז זייער אומקום איז אומפארמיידלעך, האָבן זיי קוידעם־

קאָל געזאָרגט, עס זאָל פאַרבלייבן אין איר פולשטענדיקער אומבאַריר־לעכקייט זייער לעצטע פּאַרטיידיקונגס־פּאָזיציע — דעם אימפּעראַטאָרס פּערזאָן און די טעננאָ־סיסטעם.

עס האָט געשיינט, אַז נאָכן באַזעצן יאַפּאַן וועלן די אַמעריקאַנער פאַרשטיין די אוממעגלעכקייט פון אַ צוזאַמענלעבן פון דער געטלעכקייט פון דעם אימפּעראַטאָרס פּערזאָן און די הייליקייט פון אַלע זיינע טאַטן מיט די הויפּט־פּרינציפּן פון אַ דעמאָקראַטיע: די פרייהייט פון מענטשן און פון מענטשלעכן געוויסן. אָבער שפּעטער איז קלאָר געוואָרן, אַז די דעמאָקראַטיזאַציע איז גאָר ניט געווען דער הויפּט־ציל פון מאַק־אַרטורס פּאָליטיק, ווייל ער האָט געטאָן אַלץ וואָס איז נאָר געווען מעגלעך, אַז עס זאָלן פאַרבלייבן אומבאַרירט אַלע גייסטיקע, מאָראַלישע און פּאָלי־טישע פּרינציפּן, וועלכע דער טעננאָיִזם האָט געשאַפן.

די נייע קאָנסטיטוציע, וועלכע איז אַריין אין קראַפט אין אָנפאַנג פון יאָר 1947, הויבט זיך אָן מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„טעננאָ איז דער סימבאָל פון יאַפּאַן, פון דער סאָלידאַריטעט פון דער יאַפּאַנישער נאַציע און זיין פּאָזיציע איז באַשטימט דורך דעם העסכטן אַלגעמיינעם ווילן פון דעם גאַנצן יאַפּאַנישן פאָלק".

ס'איז מיר אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען מיטן אימפּעראַטאָר הי־ראָהיטאָ בעיים ער פלעגט דורכפירן זיינע אַזוי־גערופענע אויספלוגן „צום פאָלק". מען האָט געקענט לייכט באַמערקן ווי אַזוי די אַמעריקאַנער פּאָ־ליציי צוזאַמען מיט דער יאַפּאַנישער, שטרענגט זיך אָן, קעדיי צוצוגרייטן דאָס פאָלק צו דער פייערלעכער באַגעגעניש. מען פלעגט אַרויספירן אַפן פּלאַץ קליינע קינדער, די שול־יוגנט מיט די נאַציאָנאַלע יאַפּאַנישע פּע־נער אין די הענט. מען פלעגט צוזאַמענטרייבן עפּעס אַלטע לייט און זיי צווינגען צו פאַלן אויף די קני, פאַר עפּעס אַ קליין מענטשעלע, אַ פאַר־זעעניש אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן אַנצוג, ווייס העמד און אַ ווייכן הוט, וועלכער איז געזעסן אויף הויכע קישנס פון אַן אַמעריקאַנער לוקסוס־אויי־טאָמאָביל.

עס איז צו מערקן אַז אויך איצט אין אַ צייט וועלכע מאַק־אַרטורס שטאַב באַצייכנט אַלס די נייע ערע אין דעם לעבן פון יאַפּאַן, איז דער טעננאָיִזם פאַר עמעצן זייער נויטיק, און דערפאַר ווערט ער אויפגעהאַלטן, געשטיצט און אַפילו דערהויבן.

ס'איז אויך עמעס אַז אין דער זעלבער צייט בלאָנדזשען אַרום אי־בער די יאַפּאַנישע שטעט און דערפער נאָך צוויי אימפּעראַטאָרס, און יעדער פון זיי פאַרזיכערט אַז ער איז דער איינציקער און עמעסער אָפּ־שטאַמער פון דעם אימפּעראַטאָר מיידזי. און כאָטש מען רופט זיי אָן פאַלשע אימפּעראַטאָרס, דאָך פירט יעדער פון זיי זיין הויף, פאַרמאָגט

אייגענע הויף־לייט, הויף־מאַרשאַלן און אַדיוטאַנטן און זיי פירן דורך זייערע הויף־אויפנאַמעס אין סאַמע האַרץ פון טאָקיאָ.

מיט איינעם פון זיי — אימפּעראַטאָר קאַטאַיאַמאַ, — האָב איך זיך איינמאָל באַגעגנט אין טאָקיאָ. בײַ אים איז היראָהיטאָ אַן אוזורפּאַטאָר און ער האָפט אַז גאָר אינגיכן וועט ער, און ניט קיין אַנדערער, פאַרנעמען דעם טראָן פון יאַפּאַנישן אימפּעראַטאָר.

מיינט אָבער ניט, אַז די צוויי זיינען פאַשעטע מעשוגאָים. דאָס זיינען פּיפּיקע אַוואַנטוריסטן, וועלכע נוצן אויס אַף אַ געשיקטן אויפן דעם טעננאָ־„אידעאַל״ און מיט זיין הילף פירן זיי דורך אַף אַ גאָר געשיקטן אויפן אַלע פאַר זיי גינסטיקע און נוצלעכע קאָמבינאַציעס.

ווי עס זאָל אָבער ניט זיין קען מען פעסטשטעלן אַז דער גענעראַל מאַק־אַרטור האָט געטאָן אַלץ וואָס עס איז נאָר מעגלעך געווען, אַז דער טעננאָיִזם, די אידעאָלאָגישע פעסטונג פון דער יאַפּאַנישער רעאַקציע, וועלכע הייבט אָן ביסלעכווייז אויפצולעבן און אויפהויבן איר קאָפּ, זאָל ווידער לעבן און בליען.

איינמאָל נאָך האָט דער יאַפּאַנישער טעננאָיִזם באַקומען אַ גאָר אומגעריכטן קלאַפּ. דאָס איז געווען אַפּן פּראָצעס אין טאָקיאָ, בײַם אויספרעגן דעם געוועזענעם מאַנטשו־גאָ אימפּעראַטאָר: הענרי פּו אי. אין זאַל איז אַריין אַ דערשראָקענער, דאַרער, בלייכער מאַן מיט אויגנגלעזער אין אַ שוואַרצער ביינערנער ראַם און האָט מיט אַ דערשראָקענער אַפּאַטישער שטימע אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן זיין „קייזערלעכן לעבנס־וועג״. ער האָט דערציילט, אַז זיין כינעזישער נאָמען איז אייזין־זשעכע, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1906. ווען ער איז אַלט געוואָרן דריי יאָר, האָט מען אים פּראָקלאַמירט אַלס כינעזישער אימפּעראַטאָר און אין דער עלטער פון פינף יאָר איז ער אַראָפּגעזעצט געוואָרן פון טראָן. דערנאָך האָט ער געפירט אַ שטילן רויִקן לעבן אין בייפּין ביז אין אַ טאָג, ווען די יאַפּאַנער האָבן זיך אין אים דערמאָנט; פּלוצים האָט מען אים געבראַכט אין פּאָרט־אַרטור, און שפּעטער אין מוקדען. פּו־אי איז אויפגענומען געוואָרן פון דעם יאַפּאַנישן אימפּעראַטאָר, וועלכער האָט בײַ דער געלעגנהייט אים געשאָנקען צוויי פון די דריי אויצרעס, וועלכע האָבן באַלאַנגט צו דער געטן פון דער זון, אַ שווערד און אַ שפּיגל. די אויצרעס זיינען קלוימערשט געגעבן געוואָרן דורך דער געטן פון דער זון צו דעם טעננאָ, און בײַ יענער געלעגנהייט זיינען אַרויסגערעדט געוואָרן די באַוווּסטע ווערטער: „אכט עקן פון דער וועלט אונטער איין דאַך״. מיט די ווערטער הייבט זיך אָן דער רעסקריפּט פון דעם ערשטן יאַפּאַנישן אימפּעראַטאָר דזיממו און מיט די זעלבע ווערטער האָט זיך אויך אָנגעהויבן דער רעסקריפּט פון היראָהיטאָ, וועלכער איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן גלייך נאָכן אונטערשרייבן דעם אָפּמאַך צווישן יאַפּאַן, דייטשלאַנד און איטאַליע.

„אכט עקן פון דער וועלט אונטער איין דאך” באדייט: די גאנצע וועלט אונטער דעם יאפאנישן דאך.

אפן פראצעס אין טאקיא האט דאן פו־אי, דער „גאט”, זיך אפנהאר־ציק מוידע געווען, אז ער האט נאר געדינט אלס א בלינד מאכטלאז געווער אין די הענט פון יאפאנישע אגענטן.

— ווי געפעלט דאס אייך? — האט מיך געפרעגט אין געריכט־זאל אן אמעריקאנער זשורנאליסט.

— דאס איז א שטארקער קלאפ פארן טעננאיזם, — האב איך גע־ענטפערט. דער אמעריקאנער האט א שמייכל געטאן און מיר אריינגע־שעפטשעט שטיל אין אויער, אז דער וואך־אפיציר זאל ניט דערהערן:

— ס'איז אין דער זעלבער צייט אויך א קלאפ פאר דוגלאס מאק־ארטורן, וועלכער וואלט זיך ניט אפגעזאגט פארעכנט צו ווערן פאר א גאט.

ער האט מיר באַ די ווערטער דערלאנגט א וואכנשריפט „ניפאן טיַימס”, ווו עס איז געווען אפגעדרוקט אן ארטיקל וועגן מאק־ארטורן. דער טיטל פון דעם ארטיקל איז געווען: „דער מאן הינטער דעם באמבו־פארהאנג”. דער מעכאבער פון יענעם ארטיקל איז געווען מילס וואון, א קארעספאנדענט פון דער „יונייטעד פרעס” אין טאקיא. איך פלעג זיך גאנץ אפט באגעגענען מיט מילס וואונען. דאס איז א קליינוווקסיקער, דיקער, רויטפענעמדיקער פארשוינדל, מיט א שטימע פון א בויך־רעדנער. מילס וואון איז געווען זייער נאענט צו מאק־ארטורן און אין זיין ארטיקל האט ער דערמאנט וועגן דעם, אז פארצייטנס פלעגט מען די יאפאנישע אימפעראטארס רופן: „מענטשן הינטערן באמבו־פארהאנג”, ווייל די אימפעראטארס האבן געזען אלעמען, בעשאס קיינער האט ניט געהאט קיין רעכט צו זען דעם אימפעראטאר.

„ווייזט אויס, אז איצט איז ליידיק געווארן דאס פלאץ הינטער דעם באמבו־פארהאנג”, — שרייבט מילס וואון אין זיין ארטיקל — „איז דאך גאנץ נאטירלעך אז מאק־ארטור מוז גלייך אוועקגעשטעלט ווערן אף דעם טראדיציאנעלן פאסטן, נאכדעם ווי ער האט זיך דערוויזן פארן יאפאנישן פאלק, מען זאל זיך צו אים בוקן, ווייל לויטן ארט דענקען פון די יאפאנער, מוז זיך ערגעץ ווו געפינען א שטארקע און פארבארגענע מאכט, וועלכע פירט אן מיטן גורל פון דעם לאנד. גענעראל מאק־ארטור איז געווארן דער באזיצער פון אזא מין מאכט. ער איז געווארן א מין אומדירעקטע אפשטאמונג פון דער געטן פון דער זון אמאטעראסו אמי־קאמי”.

אין צוזאמענהאנג מיט דעם האט זיך מיר דערמאנט דער צארנדי־קער פראטעסט מיצאד דער יאפאנישער צייטונג „דזידזי־סימפא”, ווו אין אן ארטיקל איז מען אנגעפאלן אף די שול־לערער פאר זייערע בא־

מיונגען איינצוּוואַרצלען אין די מויכעס פון זייערע שילער דעם געדאַנק, אַז מאַק־אַרטור איז זייער געטלעכער אויסלייזער.

„ביז דער מאַפּאָלע פון יאפּאן", — האָט געשריבן די צייטונג — „האָבן די זעלבע לערער פאַרזיכערט אַז דער אימפּעראַטאָר איז אַ גאָט. איצט ווידער פאַרטומלען זיי די יוגנטלעכע מויכעס מיט אַ פרישער פלוי־דעריי, אַז אויך מאַק־אַרטור איז אַ גאָט. ניין, ביז וואַנען יאפּאַן וועט זיך ניט באַפרייען פון אַזאַ מין אַרט דענקען, וועט אין יאפּאַן ניט קענען זיין קיין דעמאָקראַטיע".

יאָ ! דאָס יאפּאַנישע פאָלק הייבט שוין אָן אויך צו פאַרשטיין, אַז דער וועג צו דער עמעסער דעמאָקראַטיזאַציע פון זיין לעבן פירט ניט דורך דעם אימפּעראַטאָר־פּאַלאַץ.

— 4 —

ס'איז שוין דריי וואָכן ווי מיר וווינען אין טאָקיאָ, אין סאַמע צענ־טער פון אַ האַלב־אָפּגעברענטער שטאָט, און דאָך ווייזט זיך אונדז אויס, אַז מיר געפינען זיך נאָך אַלץ אָפן וועג קיין יאפּאַן. אונדז רינגלט אַרום עמעס אַ ניט קיין נאַטירלעכער אַמעריקאַנער יאפּאַן. אַריינגיין אין אַ יאַ־פּאַנישן טעאַטער קענען מיר ניט — עס איז אונדז פאַרבאָטן צו גיין אַהין. מען גיט אונדז ניט די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיטן יאפּאַ־נישן אַרבעטער און צו באַקענען זיך מיטן אַרט לעבן זיינעם. אָנשטאָט דעם ווערט אונדז קעסיידער פאָרגעשלאָגן דער אַמעריקאַנער באַר און דער ביאָגראַף ווועלכער, בעשוטפעס מיט האָליוווּד, טוט ער אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך קעדיי אונדז צו איבערצייגן, אַז דאָס גאַנצע לעבן אין אַמעריקע שפּילט זיך אָפּ אין די נאַכט־לאָקאַלן און אין געיעג נאָך מער־דער.

יאָ, עס איז פאַר אונדז אומבאַדינגט נויטיק אַרויסצורייסן זיך קיין יאפּאַן !

און ענדלעך האָט מען אונדז דערלויבט אַרויסצופאָרן קיין נאַגאַסאַקי דורך קיאָטאָ און אָסאַקאַ. אַלע צוגרייטונגען צו דער רייזע זיינען שוין פאַרענדיקט און מיר וואַרטן נאָך אָפּ די דערלויבענישן. איינס אַזייגער נאָכמיטיק איז אין זשורנאַליסטן־קלוב, ווו מיר האָבן געוווינט, געקומען אַ יונגער אַמעריקאַנער לייטענאַנט. ווי עס איז אונדז שפּעטער באַוווּסט געוואָרן איז דאָס אַ זון פון אַן אַמעריקאַנער אינזשעניער, וועלכער האָט פאַרבראַכט פיר יאָר אין ראַטנפאַרבאַנד. זיין פאַמיליע־נאָמען איז מאַרקי־טאַנט. דער לייטענאַנט האָט אונדז דערקלערט, אַז ער וועט מיטפאָרן מיט אונדז, ווייל אין וועג וועט אונדז אויסקומען צוזאַמענשטויסן זיך מיט דער אַמעריקאַנער מאַכט און זיין אָנוועזנהייט וועט אַ סאַך פאַר־

לייכטערן אונדזער גורל. דערביי האָט ער, ווי פאַרבייגייענדיק אָנגע־מערקט, אַז ער אַרבעט אין דער „דזשיטו", דאָס הייסט אין דער אָפּטיי־לונג פון אויסשפּיר־ און קאָנטער־שפּיאָנאַזש פון מאַק־אַרטורס שטאַב.

מיר האָבן גערעכנט מיט אַ פּאָר טעג פריער פאַר אונדזער אָפּפאָרן, אַרויסצושיקן קיין קיאָטאָ אונדזער יאַפּאַנישן דאָלמעטשער, קעדיי ער זאָל איינאָרדענען פאַר אונדז אַ באַגעגעניש מיט דער דאָרטיקער אינטעלי־גענץ, וועלכע איז קאָנצענטרירט אַרום דעם גרעסטן אוניווערזיטעט אין קיאָטאָ.

— אַנטשולדיקט, — באַמערקט אונדז מאַרקיטאַנט, — מיר זיינען קעגן דעם אַז אייער דאָלמעטשער זאָל אַרויספאָרן פריער. מיר וועלן אים מיטנעמען מיט זיך, און אַרויספאָרן אַלע צוזאַמען.

באַם געזעגענען זיך מיט אונדז גיט ער צו:

— יאָ, נאָך אַ זאַך. דער שטאַב קען ניט אַרויסגעבן קיין דערלויבעניש אַף דער רייזע פון אייערע דאָלמעטשערס איוואַנאָוו און מיעלאָוו, ווייל זיי זיינען געקומען צופאָרן קיין יאַפּאַן מיט דער מיסיע פון דעם גענעראַל דערעוויאַנקאָ.

דער לייטענאַנט מאַרקיטאַנט האָט זיך נאָך די ווערטער געזעגנט מיט אונדז און אָפּגעמאַכט, אַז ער וועט אונדז אָפּוואַרטן באַם וואַגאָן אַף דעם טאָקיער הויפּט־וואָקזאַל.

דעם זעלבן אָוונט האָבן מיר איינגעאָרדנט אין קלוב אַ געזעגענונגס־אָוונטברויט און פאַרבעטן צום טיש די אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענטן. זיי האָבן זיך שטאַרק פאַרוווּנדערט, דערוויסנדיק זיך אַז מיט אונדז פאָרט מיט אַ דזשיטו־אָפיציר.

— באַמיט זיך צו פאַרלירן אין וועג אייער דזשיטו, — האָט אונדז געייעצט דער הער גאָרדאָן וואַלקער, קאָרעספּאָנדענט פון דער צייטונג „קריסטשען סייענס מאָניטאָר".

אָבער עס איז גאָר ניט אַזוי לייכט געווען צו פאַרלירן „אונדזער דזשיטו", דאָס הייסט דעם אַמעריקאַנער אָפיציר, איבערהויפּט נאָך ווען ער איז ניט געווען אַליין.

אַפן הויפּט־וואָקזאַל האָט מאַרקיטאַנט אונדז פאָרגעשטעלט אַ צווייטן לייטענאַנט, וועלכער האָט געהייסן סקובי. דאָס איז געווען אַ יונגערמאַן מיט אַן אויסגעטטאַרטשעטער גאָמבע און מיט אַ הילכיקער שטימע. אַ ראַ־שיקער, אַ טומלדיקער פלעגט ער נאָכאַנאַנד אונדז פאַרשלאָגן זיין הילף, וועלכע איז אָפּטמאָל געווען אינגאַנצן איבעריק און אַפילע ניט אָנגענעם.

די ביידע לייטענאַנטן האָבן אונדז אָנגעוויזן אונדזערע פלעצער אין וואַגאָן. אונדז באַקאַנט געמאַכט מיטן רייזע־פּלאַן — און פון יענער רעגע אָן, האָבן מיר אויפגעהערט צו געהערן זיך אַליין — מיר האָבן זיך פאַר־וואַנדלט אין „דזשיטו"־געפאַנגענע!

אכט אזייגער פאַרנאַכט האָט דער באַן גערירט און פאַרלאָזט טאָקיאָ און עס האָט זיך אָנגעהויבן אונדזער רייזע, וועלכע מיר האָבן שפּעטער אַ נאָמען געגעבן אין שפּאַס „די רייזע מיטן דזשיטו".

ניט איין מאָל איז מיר אויסגעקומען צו באַמערקן די אומרויִקע בליקן פון ביידע לייטענאַנטן, ווען עמעצער פון די סאָוועטישע זשורנאַליסטן פלעגט פאַרלאָזן דעם וואַגאָן, אָדער אַריינגיין אין אַ שכיינעסדיקער קופּע.

איך גיי אַרויס אַף דער וואַגאָן־פּלאַטפאָרמע, די פייערן פון דער פּאָרט־שטאָט יאָקאָהאָמאַ זיינען פאַרבליבן ערגעץ ווו אונטן — דער באַן טראָגט זיך מיט אַ גרויסער שנעלקייט איבער אַ הויכן וואַל. עס האָבן שוין אָנגעהויבן צו פינקלען פייערלעך פון די רייכע הינטערשטאָטישע ווילעס פון די איינזאַמע אָרעמע דערפער פאַרוקטע ווייט פון דעם וועג אין דער טיפעניש פון די פעלדער. און אין דעם באַנאַכטיקן הילכן פון דעם צוג האָב איך זיך ניט איינמאָל דערמאָנט אָן מאָסקווע — עס ווייזט זיך מיר אויס אַז זי געפינט זיך ערגעץ ווייט־ווייט, אין סאַמע עק־וועלט.

— גייען מיר שלאָפן ? — פרעגט מיך עמעצער. איך קער זיך אום. הינטער מיר שטייט דער לייטענאַנט מאַרקיטאַנט. ער וואַרט אַף מיין ענטפער. איך גיב צו אים אַ שאָקל מיטן קאָפּ און איך גיי אַריין צוריק אין קופּע.

באַגינען האָט מען אונדז אויפגעוועקט. דער צוג דערנענטערט זיך צו קיאָטאָ. די אַמעריקאַנער זיינען שוין געווען אָנגעטאָן. זיי בעטן אונדז זיך ניט צו באַזּמרויִקן ווען אונדזער געפּעק. די וואַליזעס וועלן צוגעשטעלט ווערן צום האָטעל, ווו עס זיינען שוין פאַר אונדז באַשטעלט געוואָרן צימערן. דערביי זאָגט אונדז מאַרקיטאַנט :

— אין קיאָטאָ וועט מען אונדז אָפּוואַרטן.

מיר איז געקומען אַפן זיקאָרן אַ געשפּרעך וואָס איך האָב געהאַט אין טאָקיאָ מיט אַן אַמעריקאַנער גענעראַל. דאָס איז געווען איינער פון מאַק־אַרטורס פריינט און געהילפן, דער שעף פון דעם אַמעריקאַנער אויסשפּיר־דינסט און קאָנטער־שפּיאָנאַזש אין יאַפּאַן, גענעראַל ווילאָובי.

אַפן צווייטן טאָג נאָך אונדזער אָנקומען אין טאָקיאָ האָט דער פּרעסע־פאַרוואַלטער, גענעראַל בייקער, אונדז געייצעט מיר זאָלן אומבאַדינגט אָפּשטאַטן אַ וויזיט באַם גענעראַל ווילאָוגבי, (דאָס איז דער מעכטיקסטער און דער איינפלוסרייכסטער מענטש אין גאַנץ יאַפּאַן), פון אים זיינען געווען אָפּהענגיק ניט נאָר אַלע אונדזערע רייזעס, נאָר ביכלאַל אונדזער גאַנץ לעבן אין יאַפּאַן. מיר זיינען דאָך אַהער געקומען אייגנטלעך ניט קעדיי צו מאַכן אַ שפּאַציר איבער דער אַמעריקאַניזירטער גינזעגאַס, אַזוי הייסט אין טאָקיאָ די הויפּט קאָמערציעלע גאַס, און אויך ניט אויסצוטרינקען אַ פלאַש קאַלטע „קאָקאַ־קאָלאַ" אין זשורנאַליסטן־קלוב

אף „מארו נאוטי", האגאם דער קלוב געפינט זיך אין סאמע צענטער פון טאָקיאָ איז ער דאָך זייער ווייט פון יאפאן.

מיר האָבן געמאַכט אַ באזוך באַם גענעראל ווילאָוגבי.

ער האָט אונדז אויפגענומען אין אַ גרויסן רייכן קאבינעט. אין דער מיט איז געשטאַנען אַ רונדער טיש. דער פּאָלקאָווניק פּעש, וועלכער האָט אונדז אויפגענומען באַם אריינגאנג אין מאַק־ארטורס שטאב און וועלכער האָט געדערט אַ קאָרעקטן רוסיש, האָט צוגערוקט פאַר אונדז צום טיש עטלעכע באקוועמע טיפע פאָטעלן און פאָרגעשלאָגן, אַז מיר זאָלן ארויסזאָגן אַלע אונדזערע טײַנעס און פאָדלאנגען.

— פארלאנגען? — פרעג איך איבער באם פּאָלקאָווניק פּעש. — איך האָב אזוי פיל פארלאנגען, אַז מיר שיינט, אַז עס וועט ניט סטאַיען קיין צייט קעדיי ארויסצוברענגען זיי אַלע פארן גענעראל.

ווילאָוגבי גיט אַ שמייכל און ענטפערט:

— איך וועל זיך באַמיען אַלץ אויסצוהערן.

איך האָב באַ אים געבעטן ער זאָל אונדז דערציילן וועגן יאפאן. ער האָט זיך אָבער אויסגעדרייט פון דעם ענטפער און באַמערקט, אַז יאפאן איז אים קימאַט ווי אומבאַקאַנט. ער האָט אונדז אָנגעדייט, אַז זיין גע־פינען זיך באַ די ברעגן פון דעם שטילן אָקעאן איז עפּעס אַ מין ווילדער צופאַל, אָדער בעסער געזאָגט, אַז דאָס איז אַ פּויעל־יוויצע פון אַ סיסטעם וועלכע, לויט ווילאָוגבים רייד, ווערט דורכגעפירט אין אַמעריקע.

— איך האָב אַ גאָר לאַנגע צייט שטודירט שפּאַניע און פראַנקרייך, — איז זיך מוידע דער גענעראל ווילאָוגבי, — איך בין גוט באַקאַנט מיט איטאַליע און דערפאַר טאַקע האָט מען מיך באַשטימט צו פאָרן קיין יאַ־פּאַן. און אַ כאַוועך מיינער, וועלכער איז גרינטלעך באַהאַוונט מיטן לעבן אַף די אינדזלען פון דעם שטילן אָקעאַן און איבערהויפּט אין יאפאן, ווערט דעריבער טאַקע איצט געשיקט קיין איטאַליע.

— וואָס־זשע זאָל מען טאָן, — ענטפער איך, — אַף אַזאַ אויפן וועט שוין אונדז אויסקומען מיט אייגענע קויכעס זיך פאַרנעמען מיטן שטודירן יאפאַן, און איך גלויב, אַז איר וועט אונדז געבן אַלע מעגלעכ־קייטן דערצו.

— אָ, זיכער, איר וועט קענען פאָרן וווּהין איר וועט נאָר וועלן. מיר וועלן שאַפן פאַר אייך אַלע נויטיקע באַדינגונגען.

און איצט, באַ אונדזער אָנקומען אין קיאָטאָ איז מיר געקומען אַפן זיקאָרן דעם גענעראל ווילאָוגבים צוזאָג: ער האָט בעעמעס געשאַפן פאַר אונדז אַלע נויטיקע באַדינגונגען, אַז מיר זאָלן וואָס ווייניקער דערגיין וועגן יאפאַן.

אַזוי ווי מען האָט דאָס געקענט דערוואַרטן, האָבן אונדז אַפן וואָק־זאַל אין קיאָטאָ באַגעגנט עטלעכע אַמעריקאַנער אָפיצירן. דער פּערזאָן איז

געוועז איינגאַנצן ליידיק. עס האָט געמאַכט אַן איינדרוק, אַז מען האָט אים ספּעציעל אויסגעליידיקט צוליב אונדזער אָנקומען. אַפּן וואָקזאַל — קיין איינציקער יאַפּאַנישער פּאָנעם. ערגעץ ווו, ווייט, אַף אַ הינטערשטער פּלאַטפאָרמע שטייט אַ לאַנגע ריי פון יאַפּאַנער, וועלכע ווילן קויפן באַן־בילעטן, מיר אָבער קענען זיי זען נאָר פונדערווייטנס. אונטערגעשטופּט פון די אַמעריקאַנער אָפיצירן רוקן מיר זיך צום אַרויסגאַנג. אַרויס אַף אַ גרויסן פּלאַץ, מען שלאָגט אונדז פאָר איינצושטייגן אין אויטאָמאָבילן, מיר אָבער, בעטן אַ דערלויבעניש זיך אָפּצושטעלן כאָטש אַף צוויי מינוט קעדיי זיך ארומצוקוקן.

קיאָטאָ — די אוראַלטע הויפּטשטאָט פון יאַפּאַן, אַ שטאָט וועגן וועלכער מען דריקט זיך אויס אַז דאָרט ליגט פאַרבאָרגן דער פּעאָדאַלער גייסט פון יאַפּאַן. אַ שטאָט, וועלכע איז באַרימט מיט אירע טעמפּלען, מיט איר טויזנטיאָריקער קולטור, מיט איר אוניווערזיטעט און אויך, ווי מאָדנע עס זאָל ניט אויסקומען, מיט צוויי טויזנט שאַנדהייזער.

דאָ שטייט זי פאַר אונדזערע אויגן אַ הילכיקע, אַ פּילפּאַרביקע, אַ פאַרכאַפּטע מיט עפּעס אַ מין פיבער, אַ שטאָט וואָס לעבט מיט פאַר־באָרגענע פאַר אונדזער פאַרשטאַנד טרוימען און האָפענונגען.

באַם וואָקזאַל זייט באַ זייט מיט אַמעריקאַנער אויטאָמאָבילן שטייען ריקשעס וועלכע וואַרטן אַף פּאַסאַזשירן. אָט איז אַן אַמעריקאַנער מיידל מיליטעריש געקליידט און לעבן איר צוויי מיידלעך אין קימאָנאָס — אין טאָקיאָ באַגעגנט מען אַלץ זעלטענער דעם נאַציאָנאַלן בעגעד. דאָרט טרעפט מען אָן פיל מער אייראָפּעיִשע קליידער, דאָ, אָבער, אין קיאָטאָ באַהערשן קימאָנאָס. און דאָס קלאַפּן פון די „געטע" — אַ שוכוואַרג, וואָס ווערט באַנוצט אין יאַפּאַן שוין זינט טויזנטער יאָרן. ס'איז אַ מין הילצערנע בענקעלע. אין יאַפּאַן איז מען צו דעם צוגעוווינט. איך גלויב אָבער, אַז דאָס איז ניט צוליב אַ ספּעציעלער ליבע צו האָלץ, אַפילע ניט אויס אָרעמקייט, ווייל די הילצערנע „געטן" קאָסטן אָפטמאָל טייערער ווי לעדערנע שיך, נאָר אין דעם באַמערקט מען דעם קויעך פון דער נאַציאָ־נאַלער טראַדיציע. דאָס קלאַפּן פון די הילצערנע „געטן" איבערן שטיי־נערנעם ברוק האָט אונדז באַגלייט איבערן גאַנצן וועג פון דעם וואָקזאַל ביז צום האָטעל „קיאָטאָ".

אין פאָדערהויז פון דעם האָטעל באַגעגנט אונדז אַן אַמעריקאַנער אָפיציר, דער קאַפּיטאַן לאָורי, וועמענס מיסיע באַשטייט אין אויפּצופּאַסן אונדז. ער שלאָגט אונדז פאָר זיך צו באַקענען מיט אונדזער רייזע־פּלאַן. איך וואַרף אַ בליק אַף אַן אויסגעמאָלענעם בויגן פּאַפּיר און ווער דערשטוינט, מיט וואָס פאַר אַ פּינקטלעכקייט און אויסרעכענונג עס איז אָנגעצייכנט אונדזער רייזע. אַכט אַזייגער מיט פינף מינוט מוזן מיר פאַרלאָזן דעם האָטעל, אַכט מיט צוועלף מינוט קומען מיר אָן צום טעמפּל

„דער גאָלדענער פּאַוויליאָן", אַכט מיט צוואַנציק פּאַרלאָזן מיר דעם טעמפּל, אַכט מיט איין און דרייסיק קומען מיר אָן אין עפּעס אַ אוראַלטן שלאָס, אַכט מיט זעקס און פערציק מוזן מיר דעם שלאָס פאַרלאָזן, ניין מיט פינף מוזן מיר קומען צו עפּעס אַן אַלטן בודיסטישן טעמפּל. ס׳איז אונדז דערלויבט צו באַטראַכטן דעם טעמפּל נאָר צוויי און צוואַנציק מי־נוט. שפּעטער, אין דער צייט ביז צום פרישטיק, איז לויט די פּינקטלעכע פאָרשריפטן צוגעשיקטע פון טאָקיאָ, דאַרפן מיר באַווייזן צו באַזוכן נאָך זעקס טעמפּלען. צוועלף אַזייגער האָבן מיר באַדאַרפט זיין אין האָטעל צום פרישטיק און נאָכן פרישטיקן ווידער זיך איינשליסן אין דער מע־כאַניזירטער טוריסטישער קאַרוזעל, וועלכע איז געווען אויסגערעכנט נאָר אויף דעם, אַז מיר זאָלן באַזוכן אַלע אַלטערטימלעכקייטן פון דער שטאָט, מיט קיינעם זיך ניט באַקענען, מיט קיינעם זיך ניט צוזאַמענטרעפן און „גאָט באַהיט", ניט קענען אַריינדרינגען אין דעם לעבן פון היינטיקן יאַפּאַן.

אויף אַזאַ מין אויפן זיינען געווען מיט אַן אויסערגעוויינלעכער אויס־רעכענונג, כראָנאָמעטריש אָנגעצייכנט, מינוט צו מינוט, אַלע טעג פון אונדזער זיין אין קיאָטאָ, קאָבע, אָסאַקאַ און נאַגאַסאַקי. איך האָב אומ־געקערט דעם קאַפּיטאַן לאָורי זיין פּלאַן און דערקלערט, אַז מיר האָבן גאָרניט בעדייע צו פאַרברענגען אין קיאָטאָ בלויז איין טאָג און מיר ווילן איבערהויפּט ניט פירן זיך לויט די פאַראָרדענונגען פון עפּעס אַן אַמעריקאַנער אָפיציר, ווייל סאָפקאָלסאָף, זיינען מיר ניט קיין פּאַשעטע טוריסטן, נאָר מיר זיינען זשורנאַליסטן.

— צום באַדויערן, — ענטפערט לאָורי, — קען איך אַבסאָלוט גאָר־ניט ענדערן.

באַלד גיט ער אַ קוק אויפן זייגער און זאָגט:

— מיר ווען פאַרשפּעטיקן דעם פרישטיק.

מיר האָבן באַזוכט די טעמפּלען, ווו מיר האָבן ניט געטאָרט זיך פאַרהאַלטן לענגער, ווייל דער אַמעריקאַנער אָפיציר מיטן זייגער אין האַנט האָט אונדז קעסיידער אונטערגעיאָגט. מענטשן, וועלכע ווילן שטו־דירן די אוראַלטע יאַפּאַנישע קונסט, וועלכע קומען צופאָרן אין יאַפּאַן קעדיי צו פאָרשן די אַנטשטייונג און די באַזעס פון בודיזם אָדער דעם אינערלעכן זין פון דעם מעכטיקן יאַפּאַנישן קולט — סינטאָאיזם — אַזעל־כע מענטשן וואָלטן בעעמעס געקענט אָפּזיצן אין די טעמפּלען גאַנצע טעג.

אַלץ דאָ אין די טעמפּלען, אָנהויבנדיק פון דעם שטיין באַם אַריינ־גאַנג ביז צו די זיילן, געהערט צו דער געשיכטע. צען יאָרהונדערטער פון מענטשלעכע יעסורים האָבן איבערגעלאָזט זייער שטעמפּל אויף אַלץ, אפי־לע אויף דעם אויסערלעכן אויסזען פון די טרעפּ, אויף וועלכע מיר האָבן גע־

שטיגן, אַף די גאַלערייען דורך וועלכע מיר זיינען געגאַנגען פון טעמפּל צו די פּאַוויליאָנען, ווו לאַנגווייליקע יאַפּאַנער אין ווייסע קימאָנאָס זיצן און האַנדלען מיט סוּווענירן. איר וועט איבעראַשט ווערן דערזעענדיק אַפן מיזבייעך אַן אויפשריפט, וועלכע מיר האָבן טאָג־טעגלעך באַגעגנט אין די אַמעריקאַנער באַרן און רעסטאָראַנען: „נאָ סמאָקינג", ד"ה ניט רויכערן. איר וועט זיך וווּנדערן, אַז אַלע אויפשריפטן און אָנווייזונגען זיינען געשריבן אין דער ענגלישער שפּראַך. וואַרשיינלעך איז דאָ אַלץ צוגעפּאַסט און צוגעגרייט ספּעציעל פאַר די טוריסטן, וועלכע באַזוכן מאַסנווייז קיאָטאָ. עפּעס אַן אַלטער גייסטלעכער וועט אייך איַינליק אַריינפירן אין אַ פּאַוויליאָן און דאָרט פאַר צוויי יען, וועט ער אייך באַווייזן אַ שטריק מיט וועלכער מיט זיבן הונדערט יאָר צוריק האָט מען אַרויפגעהויבן די זייַלן פון דעם טעמפּל. די שטריק איז געפלאָכטן פון פרויען־האָר. מיט שטאָלץ וועט אייך דער גייסטלעכער דערציילן די גאַנצע געשיכטע פון דער שטריק אין וועלכער עס איז אַריינגעפלאָכטן די פרויען־נעשאָמע פון יאַפּאַן, ווו עס הערשט שוין אין מעשעך פון זעקס און צוואַנציק יאָרהונדערט דער דאָר פון דער געטן פון דער זון — אַמאַטעראַסו אָמיקאָמי.

— 5 —

נאָכן פרישטיק בעטן מיר דעם קאַפּיטאַן ער זאָל אונדז ווייזן אַ פאַבריק, ווייל קיאָטאָ רימט זיך אויך מיט איר זייד.

דער קאַפּיטאַן פאַרלירט זיך און ענטפערט, אַז וועגן פאַבריקן ווייסט ער גאָרניט, נאָר דאָך וועט ער זיך באַמיען עפּעס איינצואָרדענען. אונדזער ביטע איז דאָך ניט פאָרויסגעזען אין זיין „פּלאַן".

און דאָך האָט מען אונדז געפירט אין אַ קליין קוסטאַר־פאַבריקל, ווו מען וועבט העלקאָלירוקע אַטלאַסענע „אָבי".

„אָבי" — דאָס איז אַ מין גאַרטל, וועלכן מען טראָגט אַף די קימאָנאָס; די מענער באַנוצן זיי אין טונקעלע, בלאַסע קאָלירן און די פרויען מיט שרייענדיקע צייכענונגען. „אָבי" איז די עלטסטע און פאַרביקסטע באַפּוצונג. אין די דינע פאַרפלאָנטערטע צייכענונגען פון אַן „אָבי" לייגן אַריין די יאַפּאַנער זייער גאַנצע קונסט.

אין אַ לאַנגער געביידע, מיט אַ נידעריקן סופיט, אַן אַלטע און האַלב־טונקעלע, האָרעווען באַ די וועבשטולן, וועלכע זיינען איינגעשטעלט שוין עפּשער מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק, עטלעכע הונדערט מענטשן. די וועבשטולן האָבן שוין איבערגעלעבט ווייזט אויס עטלעכע דורעס וועבער. דאָ פלעגן אָנהויבן זייער פאַרהאָרעוועטן לעבן און אויך דאָ פלעגן שטאַרבן טויזנטער יאַפּאַנישע מייסטערס, וועלכע האָבן באַהערשט

די אויסערגעוויינלעכע קונסט: אין פארלויף פון א גאנצן טאָג ארבעט קען א וועבער אויסוועבן ניט מער ווי צוויי צענטימעטער פון אן „אָבי".

מיר גייען צו צו א וועבער א זאָקן — ער ארבעט איבער זיין „אָבי" שוין דעם דריטן מאָנאט. אין דער פאבריק ארבעט ער שוין פינף און פערציק יאָר. פונדעסטוועגן ארבעטן זייער פלינק זיינע אלטע הענט. לייכט, ווי אָנטאפנדיק, כאפט ער אויף די שפולן מיט די פילפארביקע פעדים, וועלכע הענגען איבער זיין שטול. ער גיט א שליידער דאָ איינעם, דאָ א צווייטן שיץ און קערט זיך אפילע ניט אום צו אונדז ווען מען פרעגט אים: „וויפל „אָבי" האָט ער אויסגעוועבט אין פארלויף פון זיין לעבן?". ווארשיינלעך אז די פראגע האָבן אים געשטעלט אלע טוריסטן, וועלכע האָבן באזוכט די פאבריק.

דערפאר אָבער האָט ער אויפגעלעבט און אפילע געלאָזט שטיין זיי־נע שפולן, ווען מיר האָבן אים געפרעגט, וואָס האָט ער היינט געגעסן?

דער אלטער האָט א שמייכל געטאָן, געגעבן א שאָקל מיטן קאָפּ און געענטפערט: „דערווייל נאָך גאָרניט".

אין א שרעקלעכער דושנעקייט האָבן אין דער פאבריק געהאָרעוועט קינדער, פרויען און זקיינים. האלב־נאקעטע האָבן זיי ארומגעפויזט צווישן די וועבשטולן. שווער איז געווען צו גלויבן, אז מיר לעבן אין די פער־ציקער יאָרן פון דעם צוואנציקסטן יאָרהונדערט און דאָ אין דעם לאנגן טונקעלן מאָרעשכוירעדיקן פאבריק־באראק ווערן מיר באגלייט פון זעקס אמעריקאנער אָפיצירן, וועלכע שטאָלצירן אזוי מיט זייער ציוויליזאציע.

עס האָט זיך פּאַשעט ניט געגלויבט, אז דאָ גאָר ניט ווייט לויפן ארום אויטאָמאָבילן, גייען באנען און אין דער לופט איבער דער שטאָט פליט א שווערער אוויאָן. די מענטשן האָרעווען דאָ פון באגינען אָן ביז באנאכט. קעדיי צו האָבן די מעגלעכקייט צו קויפן פאר זיך א שטיקל פארפוילטע פיש, מוז מען דאָ אָפזיצן צוועלף שאָ, איינגעשרומפּט און איינגעבויגן איבער א קאָמפּליצירטער און פארפלאָנטערטער צייכענונג פון אן „אָבי". אזוי איז דאָס געווען מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק; אזוי איז דאָס געווען ביז דער מיידזי־רעסטאווראציע; אזוי איז געווען באם אויפשטייג־ און אויפבלי־פעריאָד פון דזייבאצו און אזוי לעבן זיי און האָרעווען אף דער פאבריק אויך איצט נאָך יאפּאנס מאפּאָלע.

קיין זאך האָט זיך ניט געענדערט, קיין זאך.

מיר גייען ארויס אפן גאָס און די אמעריקאנער שטעלן אונדז אָפּ. דער קאפּיטאָן פרעגט:

— וואָס פאר אן איינדרוק מאכט עס אף אייך?

מיר האָבן זיי באדאנקט פאר דער רייזע אין מיטלאלטער און אויך דערפאר, וואָס ענדלעך האָבן זיי אונדז באוויזן א קליין שטיקעלע פון דעם עמעסן יאפּאן.

די אמעריקאנער זיינען געוואָרן אומרויִק: ווייזט אויס, אַז מיר האָבן דערזען עפּעס איבעריקס. זייער אויפגאַבע איז דאָך אונדז צו ווייזן די דערפּאָלגן און דעם גרויסן אויפטו פון דער אַמעריקאַנער קולטור אין יאַפּאַן. ניט איינמאָל איז אונדז אויסגעקומען צו הערן פון זיי, אַז: די אַמעריקאַנער אין יאַפּאַן — איז אַ גרויסע עפּאָכע פון וועלכער די וועלט וועט ווערן דערשטוינט. דערפאַר ווייזט אויס שלאָגט מען אונדז פאַר ווי־דער צו פאָרן באַטראַכטן די טעמפּלען.

מען פירט אונדז אין סינגאַפּטיו — אַ בודיסטישער טעמפּל. ער איז באַרימט מיט זיין הויך. דאָס איז, ווי מען זאָגט, די העכסטע גע־ביידע אין יאַפּאַן וואָס איז געבויט פון האָלץ.

דאָס מאָל באַקומען מיר אַ דערקויבעניש אריינצוגיין צום גייסט־לעכן. מיר מוזן אויסטאָן אונדזערע שיך נאָך אויף די טרעפּ, און אין זאָקן דורכשפּאַנען אַ לאַנגן סאַלאָן, פאַרשפּרייט מיט „טאַטאַס״ — אַזעלכע דיקע יאַפּאַנישע טעפּיכער. דער גייסטלעכער לייענט אַ דראָשע פאַר אַ גרופּע יונגנטלעכע יאַפּאַנער, וועלכע גרייטן זיך צו ווערן בודיסטישע מאָנאַכן.

זיי שטייען פאַר אים אויף די קני, אָדער בעסער געזאָגט, אַז אפילו ניט אויף די קני, נאָר אַזוי נידעריק צוגעבויגן צו דער ערד, אַז זייערע שטערנס רירן אָן דעם הייליקן טעפּיכל, אויף וועלכן עס שטייט דער גייסט־לעכער.

דער גייסטלעכער רייסט ניט איבער זיין דראָשע בײַ אונדזער אריינ־קומען, זיין שטימע ווערט נאָר עטוואָס שטילער, פּונקט ווי ער וואָלט גע־וואָלט, אַז מיר זאָלן ניט הערן די געהיימע ווערטער וועלכע ער פלאַנצט איין אין די נעשאָמעס פון זיינע צוהערער, צונויפגעזאַמלטע פון אַלע עקן פון יאַפּאַן. אויך די יונגעלייט, אויסגעצויגענע אויף דער ערד פאַר זייער־לערער, לייגן אויף אונדז קיין שום אכט. זיי הערן אויס די מוסערדיקע דראָשע וועגן דעם גרויסן וועג וואָס שטייט פאַר דעם בודיסטישן גלויבן, וועגן פּלאַץ וואָס דאָס פאַרנעמט אין דעם לעבן און גורל פון דעם יאַפּאַ־נישן פאָלק.

אונדז שטייט נאָך פאָר צו באַזוכן אַ סינטאָיִסטישן טעמפּל, נאָר מיר שלאָגן פאָר אָפּצולייגן דעם באַזוך אויף שפּעטער, בײַ אונדזער צוריק־פאָרן פון נאַגאַסאַקי. די אַמעריקאַנער זיינען גאַנץ אָפן אומצופרידן מיט דעם וואָס מיר פאַרלעצן אַזוי אָפט זייער פּלאַן, וועלכער איז מיט אַזאַ פּינקטלעכקייט אָנגעמערקט געוואָרן. אָבער דאָס מאָל פּויעלן מיר אויס דאָס אונדזעריקע. אין אַזעלכע פאַלן איז בײַ די אַמעריקאַנער דאָ אַן אויסגעצייכנטער אויסוועג. זיי דערמאָנען זיך, אַז זיי פאַרמאָגן אַ באַר. און אויב בײַ זיי איז ניטאָ קיין שום פּראָגראַם, לאַדן זיי אייך גלייך איין אַהין. מיר אָבער דערמאָנען זיי וועגן דער באַוווּסטער פאַבריק „אַרימאַ־

נאָ", וועלכע איז געווען דער גרונטשטיין פאַר דער גאַנצער יאַפּאַנישער זייד־אינדוסטריע. אַ האַלבער מיליאָן מענטשן האָרעווען שווער און בי־טער אַף די פעלדער, אין די בערג און אין פאַבריק־צעכן, פאַרמערנדיק מיט זייער האָרעוואַניע די רייכטימער פון די באַלעבאַטים פון דער פאַ־בריק „אָרימאַנאָ" אין קיאָטאָ. די אַמעריקאַנער קוקן זיך איבער צווישן זיך. זיי ווייסן ניט, זאָגן זיי, גאָרניט וועגן דער פאַבריק. זיי האָבן אַפילע ניט קיין אַנונג, ווּ זי געפינט זיך. און אויסער דעם אויב שוין יאָ, מוז מען האָבן אַ דערלויבעניש אַריינצוגיין אַהין, און דאָס קען מען באַקומען נאָר אין טאָקיאָ.

וואָס־זשע טוט מען, מען מוז פאָרן אין באַר.

אַף איין שאָ בלויז באַקומען מיר אַ דערלויבעניש זיך דורכשפּאַצירן איבער דער שטאָט צו פוס, אָן אויטאָמאָבילן. מיר שפּאַנען איבער דער הויפּט־גאַס פון קיאָטאָ, אַרומגערינגלט פון אַמעריקאַנער אָפיצירן. עס איז אוממעגלעך זיך אָפּצושטעלן קעדיי פאַרפירן אַ שמועס מיט אַ יאַ־פּאַנער, ווייל יענער דערשרעקט זיך דערזעענדיק אַ מאַכנע מענטשן, וואָס רינגלען אים אַרום. קומט אונדז אויס שטומערהייט אָבסערווירן דעם ראַ־שיקן, פּילפּאַרביקן און הילכיקן האַמוין אַף די גאַסן פון קיאָטאָ.

אין קליינע געשעפטן פאַרקויפט מען אַלערליי קליייניקייטן — דאָס ראָוו פאַר די אַמעריקאַנער. מען פאַרקויפט אַ טאַשן־טיכל מיטן הערב פון דעם ערשטן קאָרפּוס, וועלכער שטייט אין קיאָטאָ; אַ פּאַפּיראָסן־שאַכטל אַף וועלכן עס איז אויסגראַווירט די אַמעריקאַנער פאָן; ספּינקעס מיט דער עמבלעמע פון עפּעס אַן אַמעריקאַנער דיוויזיע; אַ קימאָנאָ מיט אַן אויסגעהאַפּטענער אָפּצייכענונג פון דער אַכטער אַמעריקאַנער אַרמיי, וועלכע באַזעצט יאַפּאַן. טויזנטער און טויזנטער ביליקע זאַכן און שמאָכ־טעס זיינען באַשאַפן געוואָרן פאַר די אַמעריקאַנער, צו שטילן זייער גיי־ציקייט צו אָנדענקונגס־קלייניקייטן.

אויך דאָ, קימאַט באַם סאַמע ברוק פון דער גאַס האָבן זיך צעשפּרייט קליינע גאַסן־רעסטאָראַנדלעך, ווּ פאַר הונדערט יען קענט איר קויפן אַ שטיקל געפּרעגלטן אָקטאָפּוס. אַ גערוך פון גאָר ניט קיין פרישע פיש טראָגט זיך אַרום איבער דער גאַס און דער גערוך פאַרפאָלגט אייך דעם גאַנצן וועג. פאַר צוויי יען קענט איר קויפן אַ גלעזעלע „קאָרי" (אָנגע־שאָבענער אייז). פאַר אַ האַלבן יען — אַ שלוק וואַסער מיט סיראָפּ. אָבער קיינער גייט ניט אַריין אין די רעסטאָראַנען — זיי באַדינען דאָך בלויז די קאַבצאָנים און באַ זיי איז שווער צו געפינען אַ האַלבע יען, אָדער צוויי יען, היינט הונדערט יען איז דאָך גאָר ניט בענימצע.

די אַמעריקאַנער איילן אונדז צו — שוין צייט זיך אומצוקערן אין האָטעל. דאָרט וואַרט אונדז שוין אָפּ דער קאַפּיטאַן לאָורי מיט אַ מעל־דונג, אַז באַגינען מוזן מיר שוין אַרויספאָרן קיין נאַגאַסאַקי. מיר מוזן?

דאָס וואָרט פירט אונדז אַרויס פון גלייכגעוויכט און מיר דערקלערן קאַטעגאָריש, אַז מיר מוזן טאָן נאָר דאָס, וואָס מיר געפינען פאַר נוצלעך פאַר די סאָוועטישע צייטונגען און דאָס וואָס עס איז אונדז נויטיק אַף צו שטודירן יאַפּאַן, אָבער בעשום אויפן ניט דאָס, וואָס די אַמעריקאַנער שלאָגן אונדז פאָר. דער קאַפּיטאַן שמייכלט, צעפירט זיינע הענט און ענטפערט:

— צום באַדויערן קען איך מיט קיין זאַך ניט העלפן.

ווידער בעטן מיר איבערצוגעבן אין טאָקיאָ, אַז מיר זיינען ניט קיין טוריסטן, נאָר בעפיירעש זשורנאַליסטן און אַז פון היינט אָן אַף ווייטער וועלן מיר זיך אַבסאָלוט ניט רעכענען מיטן „פּלאַן", וועלכן עס האָט אויסגעטראַכט עפּעס אַן אַמעריקאַנער אָפיציר — זאָל זיין אַפּילע פון אַ וויכטיקן אָפיציר, און אַז מיר וועלן שטודירן אַלץ, וואָס איז פון אונדזער שטאַנדפּונקט אינטערעסאַנט און וויכטיק, ווייל צוליב דעם צוועק זיינען מיר געקומען צופאָרן קיין יאַפּאַן, דורכמאַכנדיק אַ רייזע פון צען טויזנט מייל.

— וואָס־זשע וואָלט איר נאָך געוואָלט זען? — פרעגט אונדז דער קאַפּיטאַן.

— מיר ווילן זען יאַפּאַן, דער עמעסער יאַפּאַן, איר אָבער ווייזט אונדז אייער אַמעריקע און די אַמעריקאַנער. פאַרוואָס באַהאַלט איר אויס יאַפּאַן פון אונדז? פאַרוואָס פאַרשטעלט איר אונדז דאָס פּאָנעם פין דעם יאַפּאַנישן פאָלק?

לאָורי בלייבט אַנטשוויגן. ער קען גאָרניט ענטפערן.

— לאָמיר גיין אין באַר אַריין — זאָגט ער נאָר.

און דאָרט אין באַר, זיצנדיק בא אַ טישל, גיט ער אַ טיפן זיפץ, פאַרדעקט מיט די הענט זיין פּאָנעם און איז זיך מוידע פאַר אונדז מיט פאַרביטערונג:

— איר ווייסט גאָרניט ווי מיר וואָלט זיך געוואָלט — אָנשטאָט צו זיין דאָ, — בעסער צו געפינען זיך ערגעץ ווו אַף אַ פאַרם אין טעקסאַס. איר מיינט, אַז איך פאַרשטיי אַליין ניט, אַז איך פיר דורך אַ זייער מיִעס שטיקל אַרבעט, אָבער וואָס זאָל איך טאָן — איך בין דאָך אַ זעלנער. און אויסער דעם מוז מען דאָך אויך מאַכן אַ לעבן. איר פאַרשטייט דאָך וואָס איך מיין? לאָמיר בעסער טרינקען דעם יאַפּאַנישן ביר! ער שיינט צו זיין פיל בעסער פון דעם אַמעריקאַנער, ניט אַזוי?

— ניטאָ קיין אַנדער ברייירע, — ענטפערן מיר — אויב מען טאָר ניט זען יאַפּאַן, טאָ לאָמיר זיך באַגרענעצן כאָטש מיט דעם וואָס מיר וועלן טרינקען יאַפּאַנישן ביר.

אָבער אויך אין באַר לאָזט מען אונדז ניט פאַרהאַלטן זיך צו לאַנג, דער לייטענאַנט לאַדט אונדז איין צום אָוונטברויט, און מיר פאָרן אין

„מיאקאָ־האָטעל", וווּ עס וווינען בלויז אַמעריקאַנער אָפיצירן פון העכערן ראַנג. דאָרט וועט אונדז אויסקומען צו פּאַטערן דעם גאַנצן אָוונט.

— עפּשער וואָלט מעגלעך געווען מיר זאָלן זיך דורכשפּאַצירן אי־בער דער שטאָט, אָדער אַריינגיין אין אַ יאַפּאַנישן טעאַטער, אָדער אַ בליק טאָן אין אַ ביאָגראַף?

— ניין, — באַקומען מיר אַן ענטפער פון די אַמעריקאַנער — אַהין איז פאַר ניט קיין יאַפּאַנער דער איינטריט שטרענג פאַרבאָטן (און פאַר אונדז, סאָוועטישע זשורנאַליסטן אָוואַדע און אָוואַדע).

„אָף לימיטס" (אַריינגאַנג פאַרבאָטן), — אַזאַ אויפשריפט געפינט זיך אין אַלע יאַפּאַנישע רעסטאָראַנען, טעאַטערס, אין די יאַפּאַנישע קוואַר־טאַלן, יאַפּאַנישע באַנען, האָטעלן און אָפּיקע אין די טראַמווייען. — או־מעטום, וווּ איר קענט זיך נאָר צוזאַמענטרעפן מיט אַ יאַפּאַנער. עפּעס אַ מין געפּאַנצערטער פאַרהאַנג טייקט אָפּ דאָס יאַפּאַנישע פאָלק פון די אַלע, וואָס קומען צופאָרן אין לאַנד.

די אויפשריפט „אָף לימיטס" איז צוגעטראַכט געוואָרן פון מאַק־אַרטורס שטאַב, קעדיי מיטן קויעך פון געווער און געזעץ אינגאַנצן אָפּ־זונדערן דאָס יאַפּאַנישע פאָלק און אין דער זעלבער צייט אונטערשטרייכן, אַז קיין אייראָפּעער אָדער אַמעריקאַנער, טאָר ניט האָבן קיין שום מאַגע און מאַסע מיטן יאַפּאַנער: מען טאָר מיט אים ניט זיצן אין דעם זעלבן וואַגאָן, מען טאָר ניט פאַרברענגען מיט אים צוזאַמען אין אַ קאַבאַרעט, אין טעאַטער, קינאָ, און מען טאָר ניט וווינען מיט אים אין דעם זעלבן האָטעל.

— פאַרוואָס איז דאָס אַזוי איינגעפירט? — פרעגן מיר בא די אַמעריקאַנער.

אייניקע פאַרטייטשן אונדז, אַז דאָס איז פאַרבונדן מיט קראַנקייטן און עפּידעמיעס, וועלכע זיינען געפערלעך פאַר אייראָפּעער און אַמערי־קאַנער; אַנדערע באַרעכטיקן דאָס צוליב דער ווילדקייט און שמוץ, וואָס הערשט אין די יאַפּאַנישע וווינונגען, טעאַטערס און קינאָס; די דריטע, אָבער, און טאַקע די מער אויפריכטיקע דערקלערן, אַז פאַר אַמעריקאַנער און אייראָפּעער איז אַ שאַנדע צו געפינען זיך צוזאַמען מיט די יאַפּאַנער, ווייל זיי געהערן צו אַ נידעריקערער ראַסע, וועלכע האָט זיך איינגערעדט אַז זי איז גרויס, און דערפאַר מוז מען איינוואָרצלען אין זיי אָף אייביק, אַז זי קען ניט שטיין אין איין ריי מיט ציוויליזירטע מענטשן.

„אָף לימיטס" — איז אַ מין בייטש, אָדער אַ וואָרענונגס־געשריי, וועלכער פאַרפאָלגט אייך אָף טריט און שריט. און אויב איר וועט וואַגן ניט צו פאָלגן, וועט אייך גלייך אָפּשטעלן אַן אונטער־אָפיציר פון דער עמפּי — אַמעריקאַנער פּאָליציי — און וועט אייך שוין צווינגען אויס־צופאָלגן די אַמעריקאַנער געזעצן.

— צום טייוול, מען שפּאַסט ניט מיט אייך, — וועט ער זאָגן און קייען אָן אויפהער די גומע.

אַזוי אַרום, אונטערגעוואָרפן די אַמעריקאַנער געזעצן, זיינען מיר געצווונגען די לעצטע נאַכט אין קיאָטאָ פאַרברענגען ניט אין יאַפּאַן, נאָר אין אַמעריקע. פאָרן מיר הייסט עס אַוועק אין אַ רייכן, אַמעריקאַנער לוקסוס־באַר, וועלכער איז איינגעאָרדנט פאַר די הויך־ראַנגיקע אָפיצירן פון דעם ערשטן קאָרפּוס.

די אַמעריקאַנער זיינען העפלעך און גוט דערצויגן. זיי ווייסן, אַ שטייגער, אַז מען מוז זיך אויפשטעלן, ווען צום טיש גייט צו אַ דאַמע; זיי ווייסן ווי מען דאַרף האַלטן אַ מעסער און אַ גאָפּל; זיי האָבן אויסגעלערנט די טוירע ווי מען דאַרף זיך האַלטן באַם טיש. איז דען דאָס אָבער אַלץ? אין דעם באַר הערשט עפּעס אַ שטיקנדיקע שטילקייט און האַלבטונקלקייט. אַלע זיצן רויִק באַ זייערע טישלעך ביז 10 אַזייגער אין אָוונט, — ביז עס וועט אָנקומען דער דזשאַז־אָרקעסטער און עס וועלן זיך אָנפאַנגען די טענץ. די אַמעריקאַנער ווייזן אַזוי אַרום איינער פאַרן צווייטן זייער גוטע דערציִונג.

דאָ האָבן מיר פאַרפירט מיט זיי אַ געשפּרעך וועגן מוזיק, וועגן ליטעראַטור, געשיכטע און אויך אַנדערע פראַגן וואָס אינטערעסירן און אַפילו מוזן אינטערעסירן יעדן מער־ווייניקער קולטורעלן מענטשן — און דאָ האָבן זיי אַרויסגעוויזן זייער פולשטענדיקע אומבאַהאָלפנקייט. זייער גייסטיקע וועלט איז גאַנץ באַגרענעצט; זיי זיינען ניט אימשטאַנד אייך אָנצורופן קיין איין נאָמען פון אַן אַמעריקאַנער שרייבער, וועמענס לעבן און טעטיקייט געהערט צום נייַנצנטן יאָרהונדערט. זייער גייסטיקע אַנטוויקלונג באַגרענעצט זיך צו די באַגריפן פון אַן אָנפאַנג־שול וועגן דערציִונגס־נאָרמען. זיי זיינען צוגעוווינט צו דעם, אַז די גאַנצע וועלט אַרום זיי זאָל זיין מעכאַניזירט, און זיי באַמיען זיך ניט אַפילו אַ טראַכט צו טאָן וועגן עפּעס, וואָס געפינט זיך בלויז עטוואָס ווייטער פון דער ספערע פון זייער טעטיקייט.

מיר קומען צו אַן אויספיר, אַז פאַר אונדז איז אַפילו נוצלעך דאָס, וואָס מיר קענען נאָך אַלץ ניט אַריינדרינגען אין יאַפּאַן און געפינען זיך ווי אַפּן וועג אַהין. אין דעם איז אויך דאָ פון וואָס צו לערנען: מיר האָבן זיך באַקענט מיט אַ גאָר נייער אַמעריקע, אַן אַמעריקע אָן יענעם אויסערלעכן גלאַנץ, מיט וועלכן עס ווערן אַרומגערינגלט אַלע, וואָס קומען צופאָרן אין ניו־יאָרק, סאַן־פראַנציסקאָ, אָדער שיקאַגאָ. ס'איז אַן אַמעריקע, אָן איר שטראָם פון אויטאָמבילן, אייזקאַסטנס, עלעקטרישע ליכט־רעקלאַמעס און רווישנדיקע גאַסן.

גאָר אַנדערש האָבן אויסגעזען אין מיינע אויגן די אַמעריקאַנער, דערווייטערטע פון זייער מעכאַניזירטן לעבנס־שטייגער, אין יענעם האַלב־

פינצטערן רייכן קלוב, ווּ אונטער די קלאַנגען פון דזשאַז־מוזיק האָבן געטאַנצט פּרויען אין נאַכט־קליידער און מענער אין אויסגעפּרעסטע או־ניפאָרמען.

— אייך איז ניט אומעטיק? — פרעגט בא מיר דער מאַיאָר קלאַרק, וועלכער האָט אין יענער נאַכט געשפּילט בא אונדזער טישל די ראָל פון א גאַסטפריינטלעכן באַלעבאָס. — מיר באַמיען זיך צו שאַפן דאָ פאַר אונדזערע אָפיצירן דעם אַמעריקאַנער לעבנס־שטייגער, זיי זאָלן ניט פילן יענע בענקשאַפט, וועלכע באַפאַלט זיי שטענדיק אין א נייער אַטמאָספערע.

— און דאָס איז דער אַמעריקאַנער לעבנס־שטייגער? — פרעג איך.

— קימאַט, — ענטפערט דער מאַיאָר און גיט א געשריי — באָי סאַן! דריי קאָקאַ־קאָלאַ מיט וויסקי!

— 6 —

די גאַנצע נאַכט זיינען געגאַנגען צו אונדז אין האָטעל עפּעס גאָר אומבאַקאַנטע מענטשן. זיי האָבן געבראַכט רייזע־דערלויבענישן, באַן־בי־לעטן, אויסגעפרעגט וועגן אונדזער געפּעק און דערביי אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעכע זאָרגעוודיקייט. מען האָט זיך געגרייט צו אונדזער רייזע קיין נאַגאַסאַקי.

באַגינען ערשט, זיינען מיר אַנטשלאָפן געוואָרן. מען האָט אונדז אָבער גלייך אויפגעוועקט, ווייל דער צוג קיין נאַגאַסאַקי גייט אָפּ פון קיאָטאָ זעקס מיט פינף אינדערפרי. שווייגנדיק גייען מיר אַרויס פון דעם האָטעל „קיאָטאָ" און ציטערן פון דעם אומרויִקן שלאָף און פון דער פרי־מאָרגן־קעלט. אונדזערע וואַליזעס ליגן שוין אַף א דזשיפּ, בא דער האָטעל־טיר שטייען צוויי אויטאָמאָבילן מיט אַמעריקאַנער פענדלעך. אין די אוי־טאָמאָבילן האָט מען אונדז אָפּגעפירט צום באַן.

באַם אַריינגיין אין וואַגאָן האָבן מיר באַמערקט, אַז דער גאַנצער באַן איז איזאָלירט פון אונדז, כאָטש אין אים איז ניט געפאָרן קיין איין יאַפּאַנער — דער צוג איז געווען באַשטימט אויסשליסלעך פאַר אַמערי־קאַנער און א יאַפּאַנער האָט ניט געהאַט קיין רעכט אפילע זיך צו דער־נענטערן צו אים, און דאָך האָבן מיר ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט זיך צונויפטרעפן אפילע מיט יענע מענטשן, וואָס זיינען געפאָרן אין איין באַן מיט אונדז. אונדזער וואַגאָן איז געווען דער לעצטער און צווישן אים און דעם איבעריקן טייל פון צוג איז געווען א שטאַרקע, דיקע אייזערנע טיר, ניט פאַרשלאָסן, נאָר אַף טויט פאַרשרויפט מיט פעסטע שטאַרקע שרויפן. באַם אַריינגאַנג אין וואַגאָן איז געשטאַנען דער לייטענאַנט מאַר־קיטאַנט. ער האָט אונדז אָנגעוויזן די פּלעצער און נאָך א לאַנגער גלאָקן־קלינגעריי, (אַף די יאַפּאַנישע באַן־סטאַנציעס געדויערט דאָס קלינגען קי־

מאַט צוויי מינוט), האָט זיך דער צוג געריהרט און מיר זיינען אַפּגעפאָרן קיין נאַגאַסאַקי.

איך האָב זיך דורכגעשפּאַצירט איבערן קאָרידאָר און אַריינגעקוקט אין אַלע קופּעען: זיי זיינען געווען קימאַט ליידיק, אין זיי האָבן זיך צעזעצט בלויז די אָפיצירן, וועלכע זיינען מיט אונדז מיטגעפאָרן. איצט זיינען זיי שוין געווען פיר, ווייל אין קיאָטאָ זיינען צוגעטיילט געוואָרן נאָך צוויי — דער קאַפּיטאַן פּאַפּאַליני און דער לייטענאַנט ברעדלי.

מיר האָבן פאַרנומען צוויי קופּעען און עפּעס אַן אומהיימלעכקייט האָט זיך געפילט אין דעם גרויסן, האַלב־ליידיקן וואַגאָן, ווו די פּאָלן זיינען געווען פאַרדעקט מיט טעפּיכער.

דער באַן איז געפאָרן פאַרביי שטעט און דערפער, פאַרביי פעלדער פאַרזייטע מיט רייז און פרוכט־פּלאַנטאַציעס.

ארום אכט זייגער אינדערפרי איז צו מיר געקומען דער לייטענאַנט סקובי און מיר געמאָלדן, אַז ער צוזאַמען מיטן לייטענאַנט ברעדלי וועלן מיטפאָרן מיט אונדז ביז נאַגאַסאַקי. דער לייטענאַנט מאַרקיטאַנט און דער קאַפּיטאַן פּאַפּאַליני וועלן מיטפאָרן מיט אַנדערע צוויי קאָרעספּאָנ־דענטן, וועלכע פאַרבלייבן אין קורע און הירשימאַ. שפּעטער האָט ער אונדז איינגעלאַדן צום פרישטיק. מיר גייען ארויס אַף דער פּלאַטפאָרמע פון אונדזער וואַגאָן, נאָר קעדיי מיר זאָלן קענען צוקומען צום וואַגאָן־רעסטאָראַן מוזן מיר אָפּוואַרטן ביז דער באַן וועט שטיין בלייבן אַף אַ סטאַנציע. עס איז אונדז ניט געווען דערלויבט אפילע דורכצוגיין דורך די וואַגאָנען, ווו עס זיינען געזעסן בלויז אַמעריקאַנער זעלנער און אָפי־צירן. די איינציקע מענטשן מיט וועמען מיר האָבן געהאַט די מעגלעכ־קייט צו פירן אַ שמועס זיינען געווען די עטלעכע אָפיצירן, וועלכע זיי־נען מיט אונדז מיטגעפאָרן. אָפטמאָל פלעגן זיי גאַנץ אינטערעסאַנט דערציילן וועגן די שטעט, ווו זיי זיינען געבוירן געוואָרן, וועגן די שולן, ווו זיי האָבן זיך געלערנט, וועגן זייערע קינדער־יאָרן... אָבער זייערע זיכרוינעס האָבן זיך זייער שנעל אויסגעשעפּט, און דאַן פלעגט קומען צו הילף דער רעטונגס־מיטל — „וויסקי” — אַ יאַפּאַנישער אינגל פלעגט אונדז דערלאַנגען קליינע גלעזעלעך און ווידער באַקומט זיך דער איינ־דרוק, אַז מיר געפינען זיך ערגעץ ווו אין אַן אַמעריקאַנער באַר. בלויז דער ווילד־שנעלער גאַנג פון דעם צוג צו דאָרעם, צום אינדזל קיוסיו, נאָר דאָס דערמאָנט אונדז אַז מיר געפינען זיך אין יאַפּאַן.

דעם גאַנצן טאָג האָט געברענט באַ אונדז אין וואַגאָן דאָס עלעק־טרישע ליכט.

דער באַן פלעגט אַריינקריכן אין טונעלן, גערינגט הינטער אַ הויכער שטיינערנער וואַנט, איבער אָפּגרונטן, געגאַנגען לענגאויס דעם ברעג פון יאַם און ווידער אַריינגעקראָכן אין אַ טונעל.

אין וואַגאָן־רעסטאָראַן האָט מען אונדז דערלאַנגט אַ געוויינלעכן אַמעריקאַנער פֿרישטיק, וועלכער באַשטייט פֿון דזשיוס־מאַראַנצן־זאַפט, אַ שטיקל שינקע־קאַנסערוון, אייער און אַ טעפּעלע קאַווע. בײַם טיש איז קימאַט די גאַנצע צייט געשטאַנען דער „באַי", וועלכער האָט געקוקט אויף אונדז מיט גלייכגילטיקע אויגן; נאָר קוים האָבן מיר זיך נאָר אומ־געקערט צו אים, פֿלעגט זיין פּאָנעם אויגנבליקלעך בייטן דעם אויסדרוק און פֿלעגט ווערן האַכנאָעדיק און כניפעדיק. וואַרטנדיק אויף באַפֿעלן, פֿלעגט דער „באַי" איינבויגן זיין קאָפּ, און ווען מיר פֿלעגן גאָר ניט באַ־פֿעלן איז ער נאָך אַלץ געשטאַנען אַ פּאָר מינוט מיטן קאָפּ איינגעבויגן, פּונקט ווי ער וואָלט מוירע האָבן זיך אויסצוגלייכן.

דאָס איז בעעמעס געווען אַ סימבאָלישע פֿיגור פֿון דעם היינטיקן יאַפּאַן — פֿון דעם יאַפּאַן, וואָס האָט זיך געשטעלט אויף די קני און איינ־געבויגן דעם רוקן; עס איז געווען די פֿיגור פֿון אַ יאַפּאַנער, וואָס צע־שמייכלט זיך ברייט און פֿאַרנייגט זיך אין אויפֿהער פֿאַר אַן אַמעריקאַ־נער, ווען יענער טוט אים אָן דעם קאָווער און פֿרעגט בײַ אים וועגן עפּעס וואָס.

אָפּטמאָל ווילט זיך פּאַשעט ניט גלויבן, אַז דאָס זיינען די זעלבע מענטשן, אין וועלכע מען האָט שטענדיק אריינגערעדט אַז יאַמאַטאָס ראַ־סע איז אַ געטלעכע, די העכסטע, און אַז גאָט אַליין האָט איר באַפֿוילן צו געוועלטיקן איבער מיזרעך־אַזיע און איבער דער גאַנצער וועלט.

נאָכן פֿרישטיק שטייען מיר ווידער אויף דער וואַגאָן־פּלאַטפֿאָרמע און וואַרטן ביז דער צוג וועט בלייבן שטיין. עס קומט אונדז אויס צו וואַרטן מער ווי אַ שאָ צייט. ס'איז דושנע און שטויביק. מיר רוקן זיך צו נענטער צו די פֿענצטער און שטרענגען זיך קעדיי זיך אָן צוצוקוקן צו די קליינע שטיבעלעך וואָס הענגען ערגעץ אין דער ווייט איבער אַן אָפּגרונט אָדער בײַם ברעג פֿון יאַם, אויף אַ שטיקל ערד, וועלכע איז מיט קויעך אויסגע־קעמפֿט געוואָרן בײַ די כוואַליעס. טויזנטער פֿישערס מיט זייערע ווייבער שטייען ביז די היפֿטן אין וואַסער מיט זייערע נעצן. עס פֿליען פֿאַרביי פּירקאַנטיקע בערגלעך מיט אַן אויסגעגראָבענער גרוב אין אין דער מיט. דאָס באַקומען אַרום די יאַפּאַנער זאַלץ פֿון יאַם־וואַסער. נאָר די טונעלן, וועלכע זיינען אויסגעבויערט געוואָרן אין די הויכע שטיינערנע בערג מיטן קויעך פֿון אוממענטשלעכער, שווערער פּראַצע, נאָר די טונעלן טיילן אונדז אָפּ פֿון די טאָג־טעגלעכע בילדער פֿון דעם יאַפּאַנישן פּייזאַזש.

די אַמעריקאַנער אָפֿיצירן שטייען לעבן אונדז און אַנטציקן זיך מיט דער לעבהאַפֿטיקייט פֿון די פֿאַרבן, מיט דער אויסטערלישקייט פֿון די באַרג־קאָנטורן, מיט דער געלקייט פֿון דעם זאַמד, וואָס איז נאָך אויסגע־טריקנט געוואָרן נאָכן אָפּפֿלוס. זיי באַמערקן קימאַט ניט קיין מענטשן.

אַף די באַן־סטאַנציעס פּרוּווּן מיר פּאַרפּירן אַ שמועס מיט די יאַ־פּאַנער און דאַן וואַקסן אויס לעבן אונדז די פיגורן פון די צוויי אַמע־ריקנער אָפיצירן, וועלכע פאַרשרייבן אונדזער יעדע פראַגע און אַלץ, וואָס מען ענטפערט אונדז. אונדזערע פראַגעס זיינען אינגאַנצן אומשולדיקע. מיר פרעגן, צום ביישפּיל, בײַ אַ יאַפּאַנער, ווּ ער פּאָרט? צוליב וואָס? ווּ ער וווינט? מיט וואָס ער באַשעפטיקט זיך? דער יאַפּאַנער ענטפערט אונדז אָן כיישעק, דערביי קוקט ער זיך אום מיט שרעק דאָ אַף איינעם, דאָ אַף דעם צווייטן פון די אַמעריקאַנער אָפיצירן, וועלכע שטייען אַנט־קעגן אים מיט די נאָטיץ־ביכעלעך אין די הענט. גאָר גיך איבערצייגן מיר זיך אין דער נוצלאָזיקייט פון אונדזערע שמועסן. און ווען דער באַן בלייבט שטיין אַף אַ סטאַנציע, גייען מיר אַרויס און באַטראַכטן שטום דעם יאַפּאַנישן אוילעם, וועלכער שטייט מיט זיין געפּעק און וואַרט אַף זייער צוג. מען האַלט זיי הינטער אַ פּאַרקאַן, זיי זיצן אָפּן יאַפּאַנישן שטייגער מיט די פיס אונטער זיך, אָדער זיי ליגן אויסגעצויגן אַף די הילצערנע ברעטער פון דעם פּאָדיום. לענגאויס דעם פּאַרקאַן שפּאַנט אַרום אַן אַמעריקאַנער זעלנער מיט אַ ווייסער קאַסקע.

דער הויפּט־באַלעבאָס איבער די יאַפּאַנישע אייזנבאַן־ליניעס איז איצט די „ביוראָ פון אייזנבאַן־פאַרבינדונגען” בײַ מאַק־אַרטורס שטאַב. אַגענטן פון דער ביוראָ באַגעגענען און באַגלייטן די באַנען, זיי היטן אָפּ די אָרדענונג אַף די באַן־סטאַנציעס און אין די וואַגאָנען, האַלטן וואַך און קאָנטראָלירן אַלץ וואָס ווערט געפירט.

צוויי אַזייגער נאָכמיטיק קומען מיר אָן אין דער שטאָט היראָשימאַ, וועלכע איז האַלב פאַרניכטעט געוואָרן דורך דער אַטאָמישער באָמבע. אָט דאָ ערשט ווערן אונדזערע אַמעריקאַנער שטאַרק באַריידעוודיק. זיי דערמאָנען אונדז וועגן דעם אומקום פון דער באַפעלקערונג פון דער שטאָט, וועגן דער ריזיקער קראַפט פון דעם אויפרייס, וועגן דעם געהיימען פייער, וועלכער האָט פאַרוואַנדלט אין אַש די הייזער מיט זייערע איינ־וווינער. אָבער איצט זעט גאָר די שטאָט היראָשימאַ ניט אויס אַזוי פאַר־וויסט, ווי מיר האָבן זיך דאָס פאָרגעשטעלט. עס זיינען שוין פאַראַן פריש־אויפגעבויטע און באַוווינטע גאַסן. די יאַפּאַנישע שטיבעלעך, וועל־כע באַשטייען פון אַ פונדאַמענט, סיאַדזי־ווּנטלעך וועלכע צערוקן זיך און האָבן אַ דאַך פון שינדלעך, זעען אויס ווי שפּילצייג. אונדזער באַן גייט לאַנגזאַם פאַרביי די הייזלעך, פאַרביי קליינטשינקע גערטנדלעך, בלומען קלומבעס און קליינע יאַפּאַנישע מערק, וועלכע זיינען אויך דאָ לעבהאַפט און פילפאַרביק, פּונקט ווי אין אַלע אַנדערע שטעט.

— 7 —

באַגינען קומען מיר אָן קיין נאַגאַסאַקי. אַף דער באַן־סטאַנציע באַ־געגנט אונדז דער לייטענאַנט מאַק־קעלראַי. דאָס איז שוין דער דריטער

אַמעריקאַנער אָפיציר, וואָס ווערט צו אונדז צוגעטיילט. ער פירט אונדז איבער דער גאַנצער שטאָט ביז צו אַ בערגל, ווּ עס געפינט זיך אַ קליין הייזעלע אין יאַפּאַנישן סטיל, וואָס באַהאַלט זיך אויס צווישן געדיכטן גרינוואַרג. דאָס הײַזל, געהערט צו עפּעס אַ רייכן יאַפּאַנישן סוי־כער, וועלכן מען האָט פון דאָרט אַרויסגעזעצט ערעוו אונדזער אָנקו־מען. אונדזערע אויטאָמאָבילן קומט אויס צו קלעטערן באַרג־אַרויף, אַף אַ בעטאָנירטן וועג. באַם אַריינגאַנג אין גאָרטן, וועלכער פאַרטרעט דאָ דעם הויף, שטייט אַן אַמעריקאַנער זעלנער מיט אַן אויטאָמאַטישן ביקס. דער אויטאָמאָביל בלייבט שטיין באַם אַריינגאַנג. צוויי אַמעריקאַנער זעלנער טראָגן אַריין אונדזערע וואַליזעס, און שלאָגן אונדז פאָר, ביז דער פרישטיק וועט פאַרטיק ווערן, זיך באַקענען מיט אונדזער וווינונג.

אויך דאָ, פּונקט ווי אין אַלע יאַפּאַנישע הייזער איבערראַשט אונדז דער פּוילשטענדיקער מאַנגל אין מעבל. דער פּאָל איז פאַרשפּרייט מיט דיקע טאַטאַמי, נאָר דאָ טוען מיר ניט אויס די שיך, ווי עס פירט זיך באַ די יאַפּאַנער. צום ערשטן מאָל טרעטן מיר איבער די טאַטאַמי אין פאַרשטויבטע שיך. מיר רוקן פאַנאַנדער די גלעזערנע ווענטלעך. זיי רוקן זיך אָפּ ערגעץ אין אַ זייט און מיר געפינען זיך פּלוצלינג אין אַ גאָרטן. אָפּטמאָל ווייזט זיך אונדז אויס, אַז עס איז אינגאַנצן ניטאָ קיין הויז, עס זיינען נאָר דאָ טאַטאַמי, פאַרשפּרייטע איבערן ווייכן גראָז פון דעם גאָרטן.

שפּעטער פאָרן מיר אין שטאָט, וועלכע האָט איבערגעלעבט דעם אַטאָמישן אויפרייס. קווידעמקאָל פירט מען אונדז איבער יענע גאַסן, וועלכע זיינען פאַרבליבן גאַנץ. דאָס זיינען גאַנצע פערטלען פון אַלטע, מערסטנטייל צווייישטאָקיקע הייזער, וועלכע זיינען פאַרבליבן אומבאַ־רירט. אין דער פרימאָרגן־שאָ זיינען צערוקט די ווענטלעך פון די אוי־בערשטע שטאָקן און מען זעט אַלץ וואָס עס טוט זיך אין די וווינונגען. קימאַט אין יעדן הויז געפינט זיך אַ געשעפט מיט סוּווענירן־אַרטיקלען, פאַרביקע זיידענע אויסאַרבעטונגען, יאַפּאַנישע כפייצים און אייזערנע געשיר. קיין רעסטאָראַנען זעט מען קימאַט ניט. אָנשטאָט זיי, זיינען דאָ גאַסן־שענקען, ווּ פאַר זייער אַ הויכן פּרייז קען מען קויפן אַ קליין שטיקל האַלב־פאַרפוילטע געפּרעגלטע פיש און אַ קליין שיסעלע מיט זופּ, ווּ עס שווימען אַרום שטיקלעך יאַם־גראָז. אַן אייראָפּעער מאָגן וואָלט עס ניט געקאָנט פאַרדייען, אָבער די הונגעריקע מענטשן — ריקשעס, טרע־גער, גאַסן־הענדלער א. א. וו. שטופּן זיך באַ די טישלעך וועלכע זיינען אויסגעשטעלט אין מיטן גאַס, קוים באַדעקט מיט אַ לייוונטענעם דעכל. דער לייטענאַנט מאַק־קעלראָי יאָגט אונדז אונטער, לויטן „פּלאַן פון טאָ־קיאָ", וועלכן ער האָט באַקומען, מוזן מיר קווידעמקאָל, לויט זיין אויס־

דרוק „אויסשטודירן" די אַלע אַטאָמישע צעשטערונגען, פון וועלכע עס האָט געליטן נאַגאַסאַקי.

מיר געפינען זיך אין סאַמע צענטער פון דעם אַטאָמישן אויפרייס. דאָרט שטייט איצט אַ הילצערנער סלופּ מיט אַן אויפשריפט:

„אין צוואַנציקסטן יאָר, דעם אכטן כוידעש, דעם ניינטן טאָג, לויט דער יאַפּאַנישער ציילונג, איז אַף דער הויך פון 500 מעטער איבער דער ערד אין דער שטאָט נאַגאַסאַקי, איבערן הויז נר. 170 אויפגעריסן געוואָרן אַן אַטאָמישע באָמבע".

מיר קוקן זיך אום. אויך דאָ זיינען שוין אויסגעוואַקסן קליינע הייזע־לעך, פּונקט אַזעלכע, ווי מיר האָבן געזען אין הירָאשימאַ. אין די גערט־נער ווו עס איז פאַרזייט קאַרטאָפל, אַרבעטן יאַפּאַנישע פרויען. מיר פרוּוון אַרומצוכאַפּן מיט אונדזערע בליקן יענע טייל פון דער שטאָט, וועלכע האָט געזאָלט זיין אָפּגעווישט פון דער ערד. מען האָט אונדז אַפילע פאַרזיכערט, אַז אַלע געביידעס און מענטשן — איבערהויפּט אַלץ וואָס האָט געלעבט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַש און אין אַזאַ מין שטויב, וועלכער איז נאָך געפערלעכער ווי די אַטאָמישע באָמבע. אַפן גאַנצן וועג קיין נאַגאַסאַקי האָט מען אונדז דערציילט אומגלויבלעכע „לעגענדעס" וועגן דעם טראַגישן אומקום פון טויזנטער פרויען, וועלכע זיינען צופעליק אַריינגעפאַלן אין דער זאָנע פון דער ווירקונג פון דער אַטאָמישער באָמבע, וועגן די שרעקלעכע יעסורים פון די איינוווינער פון דער שטאָט, פון דעם אַזוי גערופענעם אַטאָמישן פיבער. איך האָב גערעדט מיט דאָקטוירים, געפאָרשט באַ זיי, געוואָלט דערגיין וואָס איז דאָס פאַר אַ מין פיבער און פון אַלעמען פלעג איך באַקומען איינעם און דעם זעלבן ענטפער, אַז אויך זיי האָבן נאָר געהערט וועגן דעם, נאָר אַליין האָבן זיי ניט אָנגעטראָפן אַף קיין איינציקן מענטשן וועלכער זאָל ליידן פון אַזאַ מין פיבער. און איצט, אין נאַגאַסאַקי, איבערצייג איך מיך אַלץ מער, אַז ס'עקזיסטירט גאָרניט דער פיבער. ער איז אויסגעטראַכט געוואָרן אונטער דער ווירקונג פון שרעק. די לעגענדע וועגן אַזאַ פיבער האָט באַשאַפן די פאַנטאַזיע פון מענטשן מיט שוואַכע נערוון. און אי־בערהויפּט געפינט זיך ניט אין נאַגאַסאַקי אַפילע קיין שפּור פון אַלע יענע „אַטאָמישע גרוילן", וועגן וועלכע עס האָבן אונדז אַזוי פיל אָנגע־דערציילט די אַמעריקאַנער.

מען ברענגט אונדז צופירן צו דריי ריזיקע געביידעס, ווו עס איז אַמאָל געווען די מעדיצינישע אַקאַדעמיע. דאָרט באַגעגענען מיר דעם וועכטער סאַנאַדאַ. ער האָט איבערגעלעבט דעם אַטאָמישן אויפרייס. איצט דערמאָנט ער זיך וועגן דער געשעעניש ביז צו די קלענסטע איינצל־הייטן.

יענעם טאָג אינדערפרי האָט אים אַרויסגערופן צו זיך דער אויפ־

זעער און אים געהייסן אויסגראָבן אַ שוץ־גראָבן לענגויס דער וואַנט פון דעם צווייטן קאָרפּוס פון דער אַקאַדעמיע. סאַנאַדאַ האָט פּלייסיק אָן אַפּרו, געאַרבעט ביז עלף אַזייגער פאַר מיטיק, און דער גראָבן איז שוין געווען אַף אַזוי פיל פאַרטיק, אַז ער וואָלט שוין אין אים געקענט זיך אויסבאַהאַלטן אין פאַל פון אַ געפאַר, עמעס, אַז מען וואָלט זיך באַ־דאַרפט עטוואָס איינבויגן. קורץ גערעדט, דער גראָבן איז געווען פון אַ טיפקייט פון אַ מענטשלעכן קערפּער. 11 אַזייגער מיט אַ פערטל האָבן זיך באַוויזן איבער דער שטאָט דריי אַוויאָנען. זיי האָבן זיך געדרייט איבערן פּאָרט, איבערן צענטער פון דער שטאָט, איבער די פאַבריקן און לויט עס האָט זיך אויסגעדוכט סאַנאַדאָן, איבער דער אַקאַדעמיע און איבערהויפּט איבער אים אַליין. דעריבער טאַקע איז ער אַריינגעקראָכן אין גראָבן אַריין און זיך עטוואָס צוגעבויגן. איבער דער ערד־פּלאַך איז געבליבן שטעקן בלויז זיין קאָפּ. און פיר־פינף מינוט, אומגעפער, נאָך דעם ווי עס האָבן זיך איבער דער שטאָט באַוויזן די דריי אַמעריקאַנער אַוויאָנען, האָט זיך דערהערט אַ שרעקלעכער אויפרייס. דער אָפּקלאַנג פון דעם אויפרייס איז ניט געווען ענלעך צו אַן אויפרייס פון אַ געוויינ־לעכער באָמבע, עס איז געווען עפּעס אַ מין טרוקענער בראַזג. גלייך נאָך דעם האָט אים פאַרבלענדט אַ פלאַם ענלעך צו אַ מעטעאָר און ער איז אומגעפאַלן אַפן דעק פון דעם גראָבן ניט הערנדיק און ניט זעענדיק מער גאָרניט. ער קען ניט זאָגן ווען ער האָט זיך אויפגעהויבן און געדענקט אויך ניט ווי לאַנג ער איז אָפּגעלעגן אין גראָבן, נאָר ווען סאַנאַדאַ איז אויפגעשטאַנען, איז די שטאָט געווען אין פלאַמען, די אַקאַדעמיע האָט געברענט. האַלב־אָפּגעברענטע מענטשן פלעגן אַרויסשפּרינגען פון פייער און אייניקע פון זיי פלעגן פאַלן. צום אָוונט איז דער פייער קלענער גע־וואָרן. אין דער אַקאַדעמיע האָבן אָפּגעברענט בלויז די הילצערנע ווענט־לעך און דאָס מעבל. די געביידעס, די טרעפּ, די לאַבאָראַטאָריעס, דאָס געצייג און אַלע מעטאַלענע זאַכן זיינען געבליבן גאַנץ. סאַנאַדאַ אַליין איז אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק, ווייל ער איז געזעסן אין אַ געוויינ־לעכן גראָבן, דערצו נאָך ניט קיין טיפן.

דאָס זעלבע באַשטעטיקט אויך דער פּרעפעקט־גובערנאַטאָר פון נאַ־גאַסאַקי — סוגיאַמאַ סאַאָדזיראָ. ער נעמט אונדז אויף אין זיין גרויסן קאַבינעט פון דער פּרעפעקטור־געביידע, וועלכע איז פאַרבליבן אינגאַנצן אומבאַשעדיקט. דער גובערנאַטאָר איז אונדז מעכאַבעד מיט גרינעם טיי. נאָר איין דריטל פון דער שטאָט איז אָפּגעברענט געוואָרן, דערציילט אונדז דער גובערנאַטאָר, און פאַרברענט זיינען געוואָרן מערסטנטייל הילצערנע הייזלעך.

— איר ווייסט דאָך, — זאָגט ער אונדז, — אַז די יאַפּאַנישע

הייזלעך באשטייען פון האָלץ, קארטאָן און גלאָז. מיט איין שוועבעלע בלויז קען מען זיי אונטערצונדן.

דער גובערנאַטאָר רופט אונדזער אויפמערקזאַמקייט אַף מיצוביסים שיף־ווערפטן, וואָס געפינען זיך באַם ברעג פון דער נאגאסאקער בוכטע. די ווערפטן לאָזן ארויס שיפן, פונקט ווי פריער, ווי פאַר דער מילכאָמע, און די אַטאָמישע באָמבע האָט גאָרניט געווירקט אַף דעם גאנג פון דעם לעבן פון די ווערפטן. לויט דעם גובערנאַטאָרס רעכענונג זיינען פון דער אַטאָמישער באָמבע אומגעקומען 25.300 פערזאָן. דאָס זיינען געווען מערסטנטייל יענע מענטשן, וועמען עס האָט פארכאפט דאָס פייער אין זייערע הייזער און זיי האָבן זיך ניט געקענט ארויסרייסן פון די פלאַמען, וועלכע האָבן זיי ארומגעכאפט.

— זיינען געווען טויט־פאַלן פון קראַנקייטן, וועלכע קענען אַנט־שטיין אַלס קאָנסעקווענץ פון דעם אויפרייס ? — פרעג איך באַם גו־בערנאַטאָר.

— ניין, — ענטפערט סוגיאמאַ, — די מענטשן זיינען געשטאָרבן מערסטנטייל פון בראַנד־ווּנדן. די אַטאָמישע באָמבע האָט זיי פארכאפט אומגעריכט. זיי האָבן זיך צו איר באַצויגן ווי צו אַ געוויינלעכער באָמ־בע און דעריבער ניט פארלאָזן זייערע וווינונגען גלייך נאָך דעם אויפ־רייס. שפּעטער אָבער האָבן די פלאַמען זיי פארשטעלט דעם וועג זיך צו ראַטעווען.

איצט זיינען שוין אין נאַגאַסאַקי געעפנט די שולן, אָבער אַן עמע־סע מאַגייפע פאַר דער שטאָט, זיינען די היימלאָזע קינדער. מיר האָבן געזען אַף די מערק, אין די פארקן, אַף לײדיקע פּלעצער האַלב־נאַקעטע, האַלב־הונגעריקע קינדערלעך, וועלכע זיינען פארבליבן אָן אַ דאַך און אָן קרויווים. זיי לעבן אין שמוץ און דערנערן זיך מיט אָפּפאַלן. מען קען זיי זען גאַנצע טעג אַף די הינטער־הויפן פון רייכע הייזער, אָדער באַ די פענצטער פון די באַראַקן וווּ עס וווינען די אַמעריקאַנער. זיי פּאָרען זיך צווישן מיסט זוכנדיק רעשטלעך פון קאָנסערוון, ברויט־סקאָרינקעס אָדער קאַרטאָפל־שאָלעכץ.

מיר האָבן געפרעגט באַם גובערנאַטאָר וועגן די סיבעס פון אַזויפיל היימלאָזע קינדער.

— דאָס קענט איר זען היינט איבער גאַנץ יאַפּאַן, — ענטפערט סוגיאמאַ סאַאָדזיראַ. — עס פעלן אונדז אויס הייזער פאַר די קינדער. — ער צעפירט מיט די הענט און פארענדיקט מיט אַ געפאַלענער שטי־מע: — וואָס קען איך מאַכן ? איך בין דאָך אינגאַנצן אַ מאַכטלאָזער מענ־טשעלע !

ער גיט זיך אָבער גלייך אַ כאַפּ, וואַרפנדיק אַ בליק אַף די דריי

אמעריקאנער אפיצירן, וועלכע באגלייטן אונדז, און שעפטשעט צו אונ־
דזער דאלמעטשער:

— מיין לעצטן זאץ דארף מען ניט איבערזעצן אף ענגליש, זאלן
וועגן דעם וויסן בלויז די רוסן.

דער לייטענאנט ברעדלי פאדערט אבער מען זאל אים איבערזעצן
דעם גובערנאטארס לעצטן זאץ. אונדזער דאלמעטשער ענטפערט:

— דער גובערנאטאר סוגיאמא־סאן איז זיך מוידע פאר אונדז, אז
ער איז מיד.

דאן גיט זיך דער לייטענאנט א שטעל אויף:

— יא, איצט וואלט ניט שלעכט געווען כאפן א טרונק קאלטן ביר.
לאמיר פארן אהיים.

מיר אבער איילן זיך ניט און מיר זיצן נאך א גאנץ לאנגע צייט
באם קיילעכדיקן טישל מיטן גובערנאטאר און הערן אויס זיינע דער־
ציילונגען:

— אין שטאט איז דא איין גרויסע ביבליאטעק, פינף קינאס, צוויי
סטאבילע טעאטערס און א סאך קאבארעטן, וועלכע האבן זיך געעפנט
ספעציעל פאר די אמעריקאנער. דער הונגער נעמט צו א סאך מענטש־
לעכע לעבנס. און ער, דער גובערנאטאר סוגיאמא סאאדזירא, איז ניט
בעקויעך צו קעמפן מיטן הונגער, ווייל די גאנצע פראווינץ פארמאגט
ניט מער ווי אכט און צוואנציק טאיא אגריקולטור־ערד. עפשער וועט
דער האיעריקער שניט פארבעסערן די לאגע פון דער שטאט. דער הונ־
גער־טויט איז א גאנץ געוויינלעכע דערשיינונג אין נאגאסאקי, — פאר־
ענדיקט סוגיאמא סאאדזירא.

דא שטעלט זיך ווידער אויף דער אמעריקאנער אפיציר און דער־
מאנט אונדז אז עס איז שוין צייט צו כאפן א טרונק קאלטן ביר.

דער גובערנאטאר לאדט אונדז איין צו באזוכן די שיף־ווערפטן און
די טארפעדן־פאבריק. די פאבריק, וועלכע האט פריער אויסגעארבעט
טארפעדן, לאזט איצט ארויס טורבינעס און פארשיידענע אנדערע אר־
טיקלען פארן טאג־טעגלעכן געברויך, ווי: וואגשאלן, מעסערס, גאפל,
טעפ.

מיר קומען אן אין דער פאבריק שוין נאך האלבן טאג. דארט בא־
געגנט אונדז דער הויפט־דירעקטאר פוקודא יאשידא און ווייזט אונדז
די העלב־צעשטערטע צעכן, ריזיקע געביידעס אן דעכער, אבער מען הערט
דאס רוישן פון די מאשינען — די פאבריק ארבעט.

די פאבריק איז אדמיניסטראטיוו אונטערגעווארפן מיצוביסים שיף־
ווערפטן, וועלכע געפינען זיך דא ניט ווייט — איצט ווערן אף די ווערפטן
אויסגעארבעט קליינע שיפן.

— בלויז קליינע? — פרעגן מיר איבער פוקודאן.

— יאָ, — ענטפערט דער דירעקטאָר, — איך גלויב אַז בלויז קליי־נע, ווייל יאַפּאַן נויטיקט זיך איצט ניט אין קיין גרויסע שיפן. יעדנפאַלס קען איך ניט אורטיילן, ווייל דאָרט פאַרוואַלטן אויך די אַמעריקאַנער.

מיר באַקענען זיך מיט דער פאַבריק. דער דירעקטאָר ווייזט אונדז אַ צעך, וואָס איז צעשעדיקט געוואָרן דורך דער אַטאָמישער באָמבע. דאָרט האָבן אָפּגעברענט פיר הונדערט ווארשטאַטן, דאָך איז געלונגען צו ראַטעווען און לאָזן אין גאַנג צוויי הונדערט גאָר וויכטיקע מאַשינען. אין איצטיקן מאָמענט געפינען זיך אין פולן גאַנג טויזנט פיר הונדערט ווארשטאַטן.

באַם אויפרייס פון דער אַטאָמישער באָמבע איז פוקודאַ געווען אין דער פאַבריק. ער איז געזעסן באַ זיך אין ביוראָ און האָט געשריבן. נאָכן שרעקלעכן טרוקענעם טראַסק, וועלכער איז גיכער געווען ענלעך אַף אַ דו־נער, איידער אַף אַ באָמבע־אויפרייס, איז פוקודאַ ארויסגעלאָפן פון זיין קליין שטיבעלע און דערזען ווי די צעכן און די שטויסן ברעטער ברענען. אַף די סקלאַדן פון דער פאַבריק זיינען דאַן געווען אַ סאַך טאָרפּעדן, זיי זיינען פאַרבליבן גאַנץ און ניט צעשעדיקט. פון פאַרשיידענע צעכן זיי־נען געלאָפן מענטשן מיט קליידער פון וועלכע עס האָט געזעצט אַ רויך. זיי פלעגן פרווון אַראָפרייסן פון זיך די קליידער, און יענע וואָס האָבן דאָס ניט געקענט באַווייזן, פלעגן אומפאַלן אַף דער ערד און פרווון מיט זאַמד פאַרלעשן דעם פלאַם, וועלכער האָט זיי ארומגעכאַפּט. דערנאָך פלעגן זיי זיך אויפהויבן און זיינען געלאָפן צום וואַסער־באַסיין, ווו עס האָבן זיך פאַרזאַמלט טויזנטער מענטשן. פוקודאַ אַליין איז געוואָרן לייכט פאַרווונדעט מיט אַ שטיק צעבראָכענעם גלאָז. ער האָט פאַרבונדן זיין ווונד און אָנגעהויבן שנעל באַזוכן אַלע אָפּטיילונגען פון דער פאַבריק. ביז צום אָוונט איז שוין געווען אויסגעלאָשן די סרייפע אין פאַבריק און נאָכדעם האָט מען אין מעשעך פון דער גאַנצער נאַכט צונויפגענומען די טויטע קערפּערס. פוקודאַ האָט זיך דאַן איבערצייגט, אַז די גרעסטע טייל פון טויט־פאַלן זיינען פאַרורזאַכט געוואָרן דורך די באַקומענע בראַנד־ווונדן. און די בראַנד־ווונדן האָט באַקומען דער, וועלכער האָט זיך געפו־נען בעייסן אויפרייס אַף אַן אָפענעם, ניט געשיצטן פּלאַץ. יענע מענטשן, וועלכע זיינען געווען אין די צעכן האָבן גאָרניט געליטן. פוקודאַ האָט אונדז באַוויזן בלויז איין צעך, וועלכער האָט געליטן פון דער אויפרייס־כוואַליע. די צעך־געביידע האָט זיך איינגעבויגן, פונקט ווי אַ שיף בייגט זיך איין בעשאַס אַ שטאַרקן יאַם־שטורעם. און אַזוי שטייט די געביידע אויך איצט. לויט דעם דירעקטאָרס דערקלערונגען, לאָזן די אַמעריקאַנער די געביידע אין אַזאַ צושטאַנד, קעדיי זי צו באַווייזן פאַר אַלע טוריסטן, וועלכע קומען אָן קיין נאַגאַסאַקי און איבערצייגן זיי, וואָס פאַר אַ שרעק־לעכע קראַפט עס פאַרמאָגט אין זיך די אַטאָמישע באָמבע.

ביז צום סאָף יאָר מוז די פאַבריק, איינע פון די גרעסטע מיצוביסי־אונטערנעמונגען, ווערן פולשטענדיק רעסטאַווירט. מיר פרעגן באַם די־רעקטאָר: — פון וואַנען וועט די פאַבריק באַקומען די רוי־שטאָפן און וואָס פאַר אַ באַשטעלונגען וועט זי אויסאַרבעטן?

— דאָס ווייס איך ניט, — ענטפערט פוקודאַ, — מיר האָפן אָבער צו באַקומען דעם נויטיקן מעטאַל פון אַמעריקע. יעדנפאַלס אַזוי זאָגן אונדז צו די אַמעריקאַנער און דאַן וועט מען מוזן אַלע אונדזערע אויס־אַרבעטונגען אָפּגעבן די אַמעריקאַנער.

— וואָס זשע וועט איר דאָ פּאָרט אויסאַרבעטן? — פרעגן מיר אים.

— דאָס ווייס איך אויך ניט, — ענטפערט ער און בעיים מײַסע קוקט ער זיך אום אויף די אַמעריקאַנער אָפיצירן.

עס בלייבט אונדז איבער צו באַמערקן, אַז צום ערשטן מאָל אין אונדזער לעבן טרעפן מיר אָן אַ באַלעבאָס, וואָס לייגט אַריין ריזיקע קאַפּיטאַלן אויף ווידעראויפבויען אַ פאַבריק און ער ווייס ניט, פון וואַנען ער וועט באַקומען די נויטיקע רוי־שטאָפן און וואָס פאַר אַן אַרטיקלען ער וועט דאָ אויסאַרבעטן. פוקודאַ אַליין שמייכלט אויך און ענטפערט אונדז:

— איר וועט זיך אין יאַפּאַן אָנשטויסן אויף אַ סאַך זאַכן, וועלכע וועלן אייך איבעראַשן.

פוקודאַ יאָשידאַ איז אַן אינזשעניער, ער האָט געענדיקט דעם אימ־פּעראַטאָרשן אוניווערזיטעט, און פאַרשטייט זיך, אַז ער אַליין ווייסט גאַנץ גוט, אַז עס איז ניט מעגלעך אויפבויען אַ פאַבריק, אַפילו די קלענ־סטע, ניט האָבנדיק קיין אַנונג וועגן איר צוקונפט און אירע ווייטערדיקע פּערספּעקטיוון. איצט אָבער מוז ער דאָס אַלץ פאַרשווייגן. ווי עס זאָל דאָרט ניט זיין, נאָר עס איז קלאָר אַז די צוקונפט פון דער פאַבריק איז פאַרהילט אין אַ געהיימעניש, וועלכע ער, פוקודאַ, האָט ניט קיין רעכט צו אַנטפּלעקן. ער גיט אונדז אָן אייִצע מיר זאָלן באַזוכן די ווערפטן, אונטער וועמענס אַדמיניסטראַציע ער איז אונטערגעוואָרפן.

— מעגלעך אַז דאָרט, — זאָגט ער — וועט איר זיך דערוויסן באַם באַלעבאָס פון די ווערפטן, טאַמאַי קיאָסקע, וועגן דעם אַלעמען, וואָס אייך אינטערעסירט.

— יאָ, — ענטפערן מיר, און געזעגענען זיך מיט פוקודאַ־סאַן.

ער בלייבט נאָך אַ לענגערע צייט שטיין באַ דער אַריינגאַנגס־טיר מיט זיין הוט אין דער האַנט, און האַלט זיך אין איין נויגן אַזוי נידעריק צו דער ערד, אַז ס'איז אַפילו איבערגעטריבן פאַר אַ יאַפּאַנער. און אַזוי, ביז אונדזערע אויטאָמאָבילן פאַרלאָזן דעם פאַבריקס־הויף.

איצט פירט מען אונדז צוריק „אהיים", צו יענעם בערגל, ווו עס געפינט זיך אונדזער וווינאָרט, דער אָפּגעזונדערטער פון דער וועלט. מיר בעטן בא די אמעריקאַנער זיי זאָלן אונדז ווייזן די שיף־ווערפטן. דער גובערנאַטאָר און דער פאַבריק־דירעקטאָר האָבן דאָך אונדז איינגעלאַדן אהין. די אָפיצירן זיינען אונדז מעכאַבעד מיט קאַלטן ביר, און וואָס עס איך שײַעך די ווערפטן, מוזן זיי זיך אָנפרעגן, אויב מיר מעגן אהין פאָרן.

אזו זיצן מיר באַם קאַלטן ביר און מיר וואַרטן א שאָ, צוויי. מיר ווערן נערוועז. מיר גייען ארויס אין הויף און פרעגן בא די אמעריקאַנער אָפיצירן, ווען וועט מען אונדז שוין דערלויבן צו באַזוכן די ווערפטן?

— מיר וואַרטן אף א דערלויבעניש פון מינוט צו מינוט, — ענטפערט אונדז דער לייטענאַנט סקובי.

עס דויערט אָבער נאָך א האַלבע שאָ און מיר באַשליסן, אַז לענגער וואַרטן האָט שוין ניט קיין זין. שטייען מיר אויף און גייען אוועק. מיר גייען פאַרביי דעם איבעראַשטן אמעריקאַנער וואַך־זעלנער; לאָזן זיך אראָפּ פון בערגל און גייען אין שטאָט אריין.

אייגנטלעך איז דאָס אונדזער ערשטער שפּאַציר איבער דער שטאָט, ווייל ביז איצט פלעגן מיר פליען איבער די גאַסן אין די אמעריקאַנער דזשיפּס. די אמעריקאַנער זיינען גאַנץ אָפּן אומצופרידן מיט אונדזער שפּאַציר. זיי קענען אָבער אונדז ניט פאַרווערן צו שפּאַצירן איבער די גאַסן פון נאַגאַסאַקי. דריי אמעריקאַנער אָפיצירן גייען אונדז נאָך און פאַרלאָזן אונדז ניט אפילע אף א רעגע. מיר בלייבן שטיין בא א קיאָסק, ווו מען פאַרקויפט סוווענירן: עפּעס אזעלכע קעסטעלעך, הילצערנע אויסאַרבעטונגען, שפּילצייגן. מיר פּרוּוון פאַרפירן א שמועס מיט א גאַסן־הענדלער, מיט א פּאָרט־אַרבעטער, וועמען מיר באַגעגענען אין א קליינעם שענק, וואָס געפינט זיך דאָ אף דער גאַס. דער אַרבעטער באַקענט אונדז מיט א מאַטראָס און מיר זעצן זיך אַלע צו א טישל. די אמעריקאַנער אָפיצירן שרייען צו אונדז: „אָף לימיטס"!

איצט אָבער לייגן מיר אף דעם שרייען קיין שום אכט ניט, און פאַרבעטן זיי צו אונדזער טישל. זיי קענען זיך אָבער ניט באַשליסן צוצוזעצן זיך בא אונדזער טישל און בלייבן שטיין, ווי וועכטער ארום טיש.

נאַקאַוואַ, אַן עלטערער מאַטראָס, האָט זיך ניט לאַנג אָנגעדונגען אף א שיף, וועלכע גרייט זיך צו א רייזע קיין שאַנכײַ. ביז איצט האָט ער אין פאַרלויף פון צוואַנציק יאָר געדינט אף א קריגס־שיף, אף א קרייצער.

— ווו געפינען זיך אַלע אייערע כאַוויירים פון דעם קרייצער? — פרעגן מיר אים.

— זיי אַלע, פּונקט ווי איך, זיינען אַריבער אויף האַנדלס־שיפן.
— מען נעמט אייך אָן גערן?
— אוודאי, — ענטפערט נאַקאַווא. — די מאַטראָסן פון דעם יאַ־פּאַנישן קריגס־פלאָט זיינען זייער געניטע יאַם־לייט.
— קומט הייסט עס אויס, אַז דער האַנדלס־פלאָט איז היינט צו טאָג אַ פּלאַץ וווּ יאַפּאַן באַהאַלט אויס די בעסטע מאַנשאַפט פון איר קריגס־פלאָט? — פרעגן מיר.
— איך גלויב, אַז מיר וועלן שוין מער ניט פירן קיין מילכאָמעס, — ענטפערט נאַקאַווא.
— גלויבט איר, אַז עס איז אָפּהענגיק נאָר פון אייך?
נאַקאַווא שמייכלט. ער האָט זיך אויסגעוויזן צו זיין אַ גאַנץ פאַר־שטענדלעכער באָכער.
— אוודאי, פאַרשטיי איך, אַז עס איז אָפּהענגיק ניט נאָר פון מיר; נאָר עפּעס וואָס איז אויך פון מיר אָפּהענגיק.
מיר שטייען אויף פון טיש. די יאַפּאַנער נייגן זיך אַ לאַנגע צייט, און ווען איך דריי זיך אויס צו זיי און פאַרנויג זיך פאַר זיי אָפּן יאַפּאַנער שטייגער דריי מאָל, מיט די הענט אויף די קני, באַגלייטן זיי אונדז ביזן ראָג פון דעם געסל און דאָרט געזעגענען זיי זיך מיט אונדז, ווינטשנדיק אַ גליקלעכן וועג.
אַזוי בלאָנדזשען מיר אַרום איבער דער שטאָט ביז פאַרנאַכט. דאַן הייבן אָן די אַמעריקאַנער אונדז אונטערצואייַלן, ווייל עס דערנענטערט זיך די הייליקסטע שאָ פאַר זיי — די „דינער"־שאָ, ד"ה מיטיק־עסן. דער־צו הערט ניט אויף דער לייטענאַנט ברעדלי אונדז צו דערמאָנען, אַז „שוין צייט כאַפּן אַ טרונק קאַלטן ביר", ער האָט זייער ליב ביר. מיר קערן זיך אום צו אונדזער שטיבל און בעטן, מען זאָל אונדז דערלויבן צו באַזוכן אין אָוונט די פאָרט־רעסטאָראַנען, אַריינגיין אין אַ טעאַטער אָדער אין אַ קינאָ. נאָר אויף דעם באַקומען מיר איינעם און דעם זעלבן ענטפער: „אָף לימיטס".
— איר ווילט זען אַ קינאָ־בילד? — פרעגט אונדז דער לייטענאַנט סקובי. — אָ, מיר וועלן דאָס גלייך איינאָרדענען!
מען ברענגט אַ קליינעם שמאָל־פילמיקן קינאָ־אַפּאַראַט מיט זעקס בילדער צו אים, און מען ווייזט זיי אונדז אין פאַרלויף פון דעם גאַנצן אָוונט. ווי עס איז דער שטייגער, זיינען דאָס די געוויינלעכע אַמעריקאַ־נער קינאָ־בילדער, אין וועלכע עס ווערן מאַמעש פאַרהייליקט אי די פאַר־ברעכער אי די געהיים־אַגענטן, וועלכע יאָגן זיך נאָך זיי.
מיך האָט שוין לאַנג געוווּנדערט דער פאַקט, וואָס די אַמעריקאַנער קינאָ־אינדוסטריע שענקט אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט די פאַרברעכער, די מענטשן וועלכע פאַרלעצן דאָס געזעץ, מענטשן וועלכע האַרגענען אַנ־

דערע מענטשן, פּאַשעטע גענגסטערס. ווען עס ווערט אייך געוויזן אַפילע אַ היסטאָריש בילד, מוז דער הויפּט־העלד זיין אומבאַדינגט אַ פּיראַט, וועלכער פאַרכאַפּט אַף אַ טאָג עפּעס אַ פּאָרט־שטעטל און פאַרשלעפּט מיט זיך דאָס שענסטע מיידל פון דעם שטעטל, אָדער אַף עפּעס אַ גאָר קונציקן אויפן באַרויבט ער די שטאָט־באַנק. און דאָס אַלץ אינאיינעם הייסט „דעם פּיראַטס געליבטע".

אויב ווידער עס ווערט אייך געוויזן אַ מאָדערנע קינאָ־בילד, איז דאַן דער הויפּט־העלד — אַ רייצנדיקער אַריסטאָקראַטישער גענגסטער (אין אַזעלכע ראָלן זעט מען אָפטער ווי אַלע דעם שווישפּילער טשאַרל באָיע) — דער העלד קומט אריין אין אַ סאַלאָן, ווו עס ווערט געשפּילט אין רו־לעטע, און פּלוצלינג צווינגט ער דעם גאַנצן אוילעם צו בלייבן שטיין ווי פאַרגליווערט ביז ער, דער העלד, פאַרשווינדט ניט פון דעם סאַלאָן, מיט־נעמענדיק מיט זיך אַ באַרג מיט דאָלאַרן, וועלכע זיינען געלעגן אַפן טיש. עס ווערן אונדז געוויזן אויך פלינקע, שטאַרקע, שיינע יונגעלייט, געניטע ספּאָרטלייט, וועלכע קענען גוט באָקסירן, פליען מיט אַ בליץ־שנעלקייט אין זייערע אויטאָמאָבילן, רייטן איבער בערג און טאָלן אַף פערד, האַלטן זיך זייער פיין און קאָרעקט מיט גאָר שיינע מאַנירן.

נאָר צום סאָף לאָזט זיך גאָר אויס, אַז אָט די אַלע אַזוי סימפּאַטי־שע יונגעלייט זיינען אָדער גענגסטער, אָדער געוויינלעכע פאַרברעכער, אָדער פּראָסט־פּאָשעט גאַנאָווים, וועמען עס זוכט אַרום די פּאָליציי און וועמען עס אַרעסטירט סאָפקאָלסאָף, אַ געניטער געהיים־אַגענט.

מיר שיינט, אַז איך וועל ניט מאַכן קיין טאָעס, אויב איך וועל זאָגן, אַז די גרעסטע טייל פון די אַמעריקאַנער קינאָ־בילדער זיינען געווידמעט נאָר אַזאַ מין טעמע. און די טעמע ווערט באַהאַנדלט אין טויזנטער וואַ־ריאַנטן און אין אַלערליי געזעלשאַפטלעכע סוויוועס. אָפטמאָל באַקומט זיך אַן איינדרוק אַז די אַמעריקאַנער פילם־אינדוסטריע פאַרפאָלגט נאָר איין ציל, צו באַאיינפלוסן די יוגנט, אַז דערגרייכן צום שפּיץ פון רום אָדער צו אַ גוטער קאַריערע, קען מען נאָר ווערנדיק אַ גליקלעכער גענגס־טער, וועלכן זי האָט אַזוי גרינטלעך און מיט אַן אויסערגעוויינלעכער באַהאַוונטקייט אויסגעשטודירט און ווייזט עס מיט אַזאַ שעפערישער פילפאַרביקייט אַף אַלע וועלט־עקראַנען. איך בין גרייט אויסצוהערן די באַהויפּטונגען פון אַ סאַך קינאָ־רעזשיסאָרן, וועלכע וועלן אָנווייזן אַף אַזעלכע בילדער, ווי „דער גרויסער וואַלס", „וועגן מייז און מענטשן", „מיַיסעלעך פון מאַנהעטן", דערמאָנען וועגן יענע בילדער, וועלכע עס זיינען באַשאַפן געוואָרן פון דזשאַן פאָרד, אָדער העגרי קינג. יאָ, עמעס, איך וועל זיך ניט שפּאַרן, אַז דאָס זיינען עמעסע קונסט־ווערק, אָבער אַזעלכע בילדער לאָזט האָליווּד אַרויס ניט מער ווי אַ צענדליק אין יאָר, און פינף הונדערט זיינען ענלעך צו יענע בילדער וועלכע מיר האָבן גע־

זען אין יענעם קליינעם שטיבעלע אין נאַגאַסאַקי. זיי וועלן אויך געוויזן אין אַלע קינאָ־טעאַטערס פון יאַפּאַן, כינע, פּיליפּינען־אינדזלען און אין אַמעריקע גופא — אומעטום, וווּהין האָליוווּד האָט נאָר געהאַט אַ מעג־לעכקייט אַריינצודרינגען.

מיר זיצן אַף אַ סאָפקע אין אַ פינצטערן צימער, הינטער אונדזערע פּלייצעס רוישט אַ קליינער קינאָ־אַפּאַראַטל און פאַר אונדזערע אויגן שווינדלען געננסטער, עס הערט זיך אַ שיסעריי און עס שפּילן זיך אָפּ האַרצרייסנדיקע דראַמעס, פון וועלכע דער מענטש ווערט ניט דערהויבן, ער ווערט ניט עדלער און איידעלער, נאָר עס הייבט אים אָן צו ציען צו אַ רעוואָלווער.

אָפּטמאָל ווילט זיך פרעגן באַ די אַלע אַמעריקאַנער שוישפּילער, קינסטלער און רעזשיסאָרן: „אַף וואָס פאַרטאַכלעוועט איר אייער טאַ־לאַנט?‟.

עס ווערט שוין שפּעט, מיר גייען שלאָפן. אין שכיינעסדיקן צימער, הינטער אַ דין וואַנטעלע אָרדענען זיך איין די אַמעריקאַנער אָפיצירן. זיי רעכענען ווייזט אויס, אַז עס איז אוממעגלעך, אָדער אַז זיי האָבן ניט קיין רעכט אונדז איבערצולאָזן אַליין אַפילע באַנאַכט, און גאַנץ פרי, ווי נאָר מיר שטייען אויף, באַווייזן זיי זיך שוין אין אונדזער צימער.

— 9 —

אינדערפרי דערמאָנען מיר ווידער וועגן אונדזער פאַרלאַנג צו באַ־זוכן די שיף־ווערפטן. דער לייטענאַנט מאַק־קעלראַי מעלדעט אונדז: „דאָס איז ניט מעגלעך, ווייל עס איז איצט אַ מיליטערישע פאַבריק‟.

— איר זאָגט אַ מיליטערישע פאַבריק? — פרעגן מיר איבער — איז דען נאָך דאָ אין יאַפּאַן מיליטערישע פאַבריקן?

— ניין, — ענטפערט מאַק־קעלראַי — דאָס איז אַן אַמעריקאַנער מיליטערישע פאַבריק. און וואָס שייַעך די מיצוביסי־שיפּס־ווערפטן אין נאַגאַסאַקי, קענען זיי אייך ניט געוויזן ווערן.

— מיילע, — ענטפערן מיר — ס'איז ניטאָ קיין אַנדער ברייירע; נאָר מיר מוזן אייך זאָגן, אַז ס'איז אַ סענסאַציע די ידיעה, אַז די אַמע־ריקאַנער פאַרמאָגן אין יאַפּאַן מיליטערישע פאַבריקן. דאָס איז נאָר אין נאַגאַסאַקי, אָדער אויך אין אַלע יאַפּאַנישע שטעט?

מאַק קעלראַי בלייבט שטיל אַ ווײַלע, פאַרטראַכט זיך און ענטפערט:

— איך ווייס ניט, איך גיב אייך איבער נאָר דאָס וואָס מיר איז געלונגען זיך צו דערוויסן. עס קען מעגלעך זיין, אַז איך האָב אייך דער־ציילט שוין מער ווי מען דאַרף.

— הייסט עס אַז מיצוביסיס שיפּס־ווערפטן אין נאַגאַסאַקי געהערן

צו די אמעריקאנער און זיי בויען קריגס־שיפן, — מאך איך אן אויספיר.

— וואס זשע מעגן מיר יא זען? עפשער וועט פאר אונדז מעגלעך זיין זיך דורכצופארן אין א יאפאניש דערפל?

דער לייטענאנט מאק־קעלראי גייט אוועק און אין א האלבער שעה ארום קומט ער צוריק מיט אן ענטפער:

— ניין, — זאגט ער — איר טארט ניט פארן אין דארף, איר טארט ניט פארלאזן די שטאט נאגאסאקי.

— און פארוואס דערלויבט מען אונדז ניט צו פארן אין א דארף? דארט זיינען אויך דא עפעס מיליטערישע אביעקטן? — פרעגן מיר.

— איך ווייס ניט, — ענטפערט מאק־קעלראי — וועגן דעם האט מען מיר גארניט געזאגט, אבער איך דענק, אז דא האנדלט זיך אין דעם וועג דורך וועלכן איר וואלט באדארפט פארן. ניט ווייט פון דעם וועג בויט זיך באם ברעג פון יאם א גרויסע אוויאציע־באזע. וויל מען מיס־טאמע ניט, אז איר זאלט זי זען.

— וואס־זשע בלייבט אונדז צו טאן? — פרעגן מיר — עפשער זאלן מיר אינגאנצן אוועקפארן פון נאגאסאקי?

דא אבער מישט זיך אריין דער לייטענאנט סקובי. ער דערמאנט אונדז, אז מיר מוזן פארברענגען אין נאגאסאקי דריי טעג, ניט מער, אבער אויך ניט ווייניקער. דעריבער טארן מיר ניט ארויספארן פון דאנען פריער פון דעם באשטימטן טערמין.

— וועלן מיר דאן אפפארן אין א יאפאנישן באן. איר קענט דאס אונדז ניט פארווערן.

— איך בין געצוווּנגען אייך דאס צו פארווערן און איר וועט דאס ניט טאן, — ענטפערט אונדז סקובי.

— וואס־זשע וועלן מיר דא טאן? עפשער ווידער קוקן קינא־ביל־דער? דאס וואלטן מיר דאך געקענט טאן אין טאקיא אויך, און אפילע אין מאסקווע.

דער לייטענאנט מאק־קעלראי שלאגט פאר באקוקן די שטאט.

— וועט איר אונדז עפשער ווייזן דעם פארט, אהער די יאפאנישע שיפן וועלכע געפינען זיך דארט?

— ניין, אויך דעם פארט קאן איך אייך ניט ווייזן, ווייל איצט איז דאס שוין א מיליטערישער פארט, וועלכער געהערט צו דער אמע־ריקאנער ארמיי. ס'איז איצט די באזע פון דעם אמעריקאנער קריגס־פלאט, און אף די יאפאנישע שיפן טאר מען אייך ניט ארויפלאזן, ווייל אויף זיי איז אויסגעבראכן אן עפידעמיע פון כאלערע.

אזוי ארום בלייבט אונדז איבער נאר דאס איינציקע: ווידער אריינ־צוזעצן זיך אין די דזשיפּס און פארן באקוקן נאגאסאקי. לאנג פארן מיר ארום מיט א ווילדער שנעלקייט איבער די שמאלע גאסן, איבערשרעקנ־

דיק די קינדער, גאַסן־הענדלער, פּוסגייער און ריקשעס. צום סאָף בעטן מיר מען זאָל צופאָרן צו דער רעדאַקציע פון דער צייטונג „נאַגאַסאַקי־סימבון”.

מיר שטייגן אַרויף אַפן דריטן שטאָק. דאָרט ווערן מיר אויפגענו־מען פון דעם הויפּט־רעדאַקטאָר — וואַטאַנוקי. פון אים דערוויסן מיר זיך אַז ביז דעם לעצטן יאָר פלעגן דערשיינען אין נאַגאַסאַקי פיר צייטונגען, איצט אָבער האָבן זיי זיך אַלע פאַראייניקט און געשאַפן בלויז איינע — „נאַגאַסאַקי־סימבון”. וואַטאַנוקי גלויבט אָבער, אַז גאָר אינגיכן וועלן ווי־דער אָנהויבן זייער זעלבסטשטענדיקן לעבן צוויי צייטונגען: „סאַסעבאָ־גונקאָ”, וואָס איר טייטש איז „דער מיליטערישער פּאָרט — סאַסעבאָ” און „סימבאַראַ סאַמבון”.

די ערשטע פון די צוויי צייטונגען געהערט צום הער נאַגאַנאַ, וועל־כער איז איינער פון די רייכסטע סאָכרים און באַלעבאָס פון אַ שיפס־גע־זעלשאַפט. די צווייטע געהערט דעם הער סימידזו — דעם קעניג פון די עקספּאָרט־סאָכרים. די צוויי נייע צייטונגען וועלן הויפּטזעכלעך באַדינען די שיפס־געזעלשאַפטן, ווייל זיי וועלן דערשיינען בלויז פאַר די יאַם־לייט.

— עס ווייזט אויס, — באַמערקן מיר — אַז דאָס ווידערדערשיינען פון די צוויי צייטונגען איז ענג פאַרבונדן מיטן ווידעראויפלעבן פון דעם מיליטערישן פּאָרט און אויך פון די שיפס־געזעלשאַפטן אין נאַגאַסאַקי?

— וואַרשיינלעך, אַז דאָס איז טאַקע אַזוי, — ענטפערט וואַטאַנוקי.

מיר פּרוּוון געוואָרן ווערן באַ דעם הויפּט־רעדאַקטאָר וועגן דעם אַלע־מען, וואָס עס האָט זיך אונדז ניט איינגעגעבן צו דערגיין בעיס אונ־דזער אַרומרייזן איבער דער שטאָט.

וואַטאַנוקי דערציילט אונדז, אַז אין דער שטאָט עקזיסטירט אַ זייער גרויסער פאַרבאַנד פון יאַם־לייט. ער האָט זיך איצט פאַרגרעסערט אין פינף מאָל אַזויפיל, ווייל אַלע מאַטראָזן און אָפיצירן פון דעם קריגס־פלאָט זיינען איצט אַריבער צום האַנדלס־פלאָט.

דאָ קומט אונדז אַפן זיקאָרן אונדזער שמועס מיטן מאַטראָז אין שענק: ער האָט אונדז דאַן געזאָגט דעם ריינעם עמעס. עס איז קלאָר, אַז מען האָט אַריבערגעפירט אַלע יאַם־לייט פון דעם קריגס־פלאָט אין האַנדלס־פלאָט, קעדיי אַזוי אַרום צו האָבן זיי גרייט פאַר דער צוקונפט. מיר שטעלן דעם הויפּט־רעדאַקטאָר אַ פראַגע: וואָס איז זיין מיינונג וועגן יאַפּאַנס צוקונפט? וואַטאַנוקי שאָקלט מיטן קאָפּ און איז זיך מוי־דע, אַז די צוקונפט איז דערווייל שטאַרק פאַרנעפּלט און ער קען גאָרניט פאָרויסזען. ער זעט אפילע ניט די וועגן אַף וועלכע יאַפּאַן וועט גיין צו דער צוקונפט.

— און וואָס פאַרלאַנגט דאָס פאָלק? — פרעגן מיר.

— דאָס פאָלק וויל פרייהייט און שאָלעם, — ענטפערט וואַטאַנוקי און קוקט זיך אום דערביי אַף די אַמעריקאַנער אָפיצירן.

— און וואָס גיט מען דעם פאָלק?

דאָ איז זיך וואַטאַנוקי ווידער מוידע, אַז עס איז אים זייער שווער צו ענטפערן אַף דער פראַגע.

— עפשער זאָל איך אייך דערציילן עפּעס וועגן דער צייטונג, וועגן איר רעדאַקציע, עפשער זאָל איך אייך ווייזן אונדזער דרוקעריי? — שלאָגט ער אונדז פאָר.

נאָך דעם שפּאַציר איבער די אַלע דריי שטאָקן, וועלכע די צייטונג פאַרנעמט, פרעגן מיר אויס בא וואַטאַנוקין וועגן די פאַרלאַמענט־דעפּו־טאַטן, אויסגעוויילטע פון נאַגאַסאַקי. ער ענטפערט אונדז, אַז פינף פון די זעקס דעפּוטאַטן געהערן צו דער ליבעראַלער פּאַרטיי און דער זעקס־טער איז פון דער פּראָגרעסיווער, דער לעצטער איז איינער פון די גרעס־טע באַנקירן אין נאַגאַסאַקי. די אַלע פינף ליבעראַלן זיינען באַקאַנטע געוועזענע הויכע באַאַמטע אין נאַגאַסאַקי נאָך באַם אימפּעראַטאָר און בעשאַס דער מילכאָמע האָבן זיי פאַרנומען זייער וויכטיקע פּאָסטנס.

— יאָ, — זאָגט וואַטאַנוקי צום סאָף, — עס האָט זיך גאָרניט גע־ענדערט.

— נו, און ווי דענקט איר, וועלן די זעקס דעפּוטאַטן קעמפן אין פּאַרלאַמענט פאַר יענע שטרעבונגען פון פאָלק, וועגן וועלכע איר האָט דאָ נאָר וואָס גערעדט, ד"ה פאַר פרייהייט און שאָלעם?

וואַטאַנוקי שמייכלט.

— דאָס גלויב איך ניט; און דאָך, מען קען ניט זיין זיכער. עפּ־שער יאָ.

מיר אָבער פאַרשטייען איינער דעם צווייטן גאַנץ גוט, האַגאַם וואַ־טאַנוקי געהערט ניט צו דער פּראָגרעסיווער טייל פון די יאַפּאַנישע זשור־נאַליסטן.

— איז דערשינען די צייטונג אין יענעם טאָג ווען עס איז אַראָפּ־געוואָרפן געוואָרן די אַטאָמישע באָמבע? — פרעגן מיר אים.

— ניין, — ענטפערט ער. — די צייטונג איז דערשינען אפן צווייטן טאָג.

— ווייזט אונדז, וואָס עס איז אין איר געוועזן אָפּגעדרוקט.

וואַטאַנוקי שלעפּט אַרויס אַ קאָמפּלעט צייטונגען און צעעפנט פאַר אונדז אַ צייטונגס־נומער, וועלכער איז דערשינען גלייך אַף מאָרגן נאָך דעם ווי עס האָט אויפגעריסן די אַטאָמישע באָמבע. און מיר געפינען אין איר בלויז אַזאַ מין נאָטיץ וועגן דער באָמבע:

„דער הויפּט־שטאַב פון דאָרעם. דעם 8־טן עלף אַזייגער אינדערפרי,

האָט דער סוינע אראָפּגעשליידערט אַ נייע באָמבע. מיר דענקען אַז די צאָל קאָרבאָנעס איז ניט קיין גרויסע".

קיין איין שורע מער איז ניט געוועז אָפּגעדרוקט וועגן דער אַטאָמי־שער באָמבע אין אַ צייטונג, וועלכע איז אַרויס אין נאַגאַסאַקי, אין יענער שטאָט, וועגן וועלכער מען זאָגט, אַז זי האָט געצוווּנגען צו דעם, אַז דאָס יאַפּאַנישע פאָלק זאָל זיך ערנסט פאַרטראַכטן און קאַפּיטולירן נאָך איידער עס איז אַריין אין שלאַכט דאָס סאָוועטישע מיליטער פון די דריי וויטמיזרעכדיקע פראָנטן.

מיר געזעגענען זיך מיט וואַטאַנוקי־סאַן. אַלס מאַטאָנע שענקט ער אונדז אַ גאַנצן קאָמפּלעט פון זיינע צייטונגען, צווישן וועלכע עס געפינט זיך אויך יענער נומער, וועלכער איז דערשינען אויף מאָרגן נאָך דעם אויפ־רייס פון דער אַטאָמישער באָמבע. ווידער זעצן מיר זיך אַריין אין די דזשיפּן און דער לייטענאַנט ברעדלי דערמאָנט אונדז, אַז „שוין צייט צו כאַפּן אַ טרונק קאַלטן ביר".

דאָס מאָל זיינען מיר אויך מאַסקים. זאָל זיין ביר. ניטאָ קיין אַנדער ברייזע. מיר פאָרן צוריק אַהיים. דער מיטיק פאַרציט זיך. און מיר אַליין איילן זיך אויך ניט, ווייל מיר ווייסן אַז סיי ווי סיי וועט מען שוין אונדז אין נאַגאַסאַקי ניט לאָזן גיין אין קיין שום פּלאַץ און מיר פּרוּוון אפילע ניט זיך צו באַפרייען פון דעם אומדערוואַרטעטן הויז־אַרעסט, וועלכער הייסט אויף דער אָפיציעלער שפּראַך — גאַסטפריינטלעכקייט. דאָך באַם אויפהויבן זיך פון טיש שטעלן מיר אַ פראַגע:

— אַלזאָ, וואָס וועלן מיר איצט טאָן?

און דער לייטענאַנט סקובי, וועלכער פאַרמאָגט אין זיך אַביסל הו־מאָר ענטפערט:

— לאָמיר אַביסל אַ טראַכט טאָן!

זעצן מיר זיך אויס אין אַ רונדן צימער, וועלכער איז אויסגעשטאַט גאָר ניט אויפן יאַפּאַנישן שטייגער און מיר טראַכטן. מיר זיצן און שווייגן, רויכערן אַמעריקאַנער סיגאַרעטן און רוסישע פּאַפּיראָסן, וואַרפן זיך אי־בער צווישן זיך מיט עטלעכע פּוסטע זינלאָזע פראַזן און דאָס אַלץ איז אַזוי שווער און אומעטיק.

צום סאָף הייבן מיר זיך אויף און גייען ווידער אין שטאָט אַריין. די אַמעריקאַנער גייען אונדז נאָך און לאָדן אונדז איין אַריינצוגיין אין אַ קאַבאַרעט, וווּ עס ווערן דערלאָזט נאָר אַמעריקאַנער.

פונדערוווייטנס זעען מיר אַ קליין הייזעלע באַפּוצט מיט יאַפּאַנישע לאַמטערנדלעך. פון די צעעפנטע פענצטער דערטראָגן זיך צו אונדז קלאַנ־גען פון דזשאַז־מוזיק. מיר גייען אַרויף אויפן צווייטן שטאָק. באַם אַריינ־גאַנג שטייט אַ זעלנער פון „עמפּי", באַ די ווענט פון אַ גרויסן זאַל שטייען בענק און אויף זיי זיצן מיידלעך געקליידעט אייראָפּעיִש און אויך

אין קימאָנאָס. מען באַקענט אונדז מיט דער באַלעבאָסטע פון דעם קאַ־באַרעט, דאָס איז אַ יאַפּאַנישע אַקטריסע פון אָסאַקאַ. זי איז געקומען אַהער, קעדיי אויסצוטראַכטן עפּעס אַ פאַרווײַלונג פאַר די אַמעריקאַנער זעלנער: זיי לאַנגווײַליקן זיך דאָך נעבעך אַזוי געפערלעך. די אַלע מיידלעך, וועלכע זיצן אויף די בענק — דאָס זײַנען די פּערמאַנענטע טענצערנס אין דעם קאַבאַרעט, זייער אויפגאַבע איז צו טאַנצן מיט די זעלנער און אָפּיצירן, וועלכע קומען אַהער צוגיין.

— אָבער נאָר טאַנצן — שטרייכט אונטער די באַלעבאָסטע.

פאַר יעדן טאַנץ באַקומט דאָס מיידל פון דעם אַמעריקאַנער אַ קו־פּאָן, וועלכע יענער מוז קויפן באַם אַרייַנגיין. אַ מיידל, וועלכע זאַמלט אָן אין פאַרלויף פון אַ נאַכט דרייסיק קופּאָנעס, רעכנט זיך פאַר אַ גו־טער טענצערן, ווייל דערמיט איבערצייגט זי אַז זי געפעלט די געסט און ווערט אָפטער פון אַן אַנדערער איינגעלאַדן צום טאַנץ. פאַראַן מייד־לעך וועלכע זיצן אויף אַ גאַנצע נאַכט אויף זייערע בענקלעך און וואַרטן אַז עמעצער זאָל צוקומען און זיי איינלאַדן אויף אַ טאַנץ.

מיר פרעגן אויס אייניקע פון די מיידלעך וועגן זייער באַשעפטי־קונג איידער זיי זײַנען געקומען אין דעם קאַבאַרעט. איינע פון זיי דער־ציילט, אַז זי האָט שטודירט אין דעם אוניווערזיטעט אין אָסאַקאַ און שוין געווען אויפן דריטן קורס פון ליטעראַרישן פאַקולטעט. אַ צווייטע האָט נאָר וואָס פאַרענדיקט אַ מיטלשול און קען אָבער ניט געפינען אַ פּאַסי־קע אַרבעט פאַר אירע קענטענישן — ניטאָ קיין אַרבעט, קיין שום אַרבעט. אַ דריטע האָט געאַרבעט אין אַ פאַבריק, אָבער איצט האָט מען דאָרט באַזייטיקט אַלע פרויען און זייערע פּלעצער באַשעפטיקט מיט מענער, איז אויך זי איז געצוווּנגען געווען אַוועקצוגיין.

— נו, און דאָ, איז אייך פריילעך? — פרעגן מיר זיי.

זיי ענטפערן שטיל:

— ניטאָ קיין אַנדער ברירה, מען מוז זיך פריילעך מאַכן. אַזוי איז דאָס לעבן.

די מיידלעך האָבן שוין אויסגעלערנט אַ צענדליק ענגלישע ווערטער אויף צו קענען כאָטש עפּעס אָפּענטפערן זייערע אַמעריקאַנער קאַוואַלירן אויף די קאָמפּלימענטן און וויצן בעיים דעם טאַנצן. איבערן זאַל לויפט אום די גאַנצע צייט אַ „באָי", נאָך קימאַט אַ קינד, אָנגעטאָן אין ווייסן, מיט אַ טאַץ אויף וועלכן עס שטייען גלעזעלעך מיט קאַלטן ביר. די אַמע־ריקאַנער זײַנען מעכאַבעד מיט ביר די מיידלעך מיט וועלכע זיי טאַנצן און דאָס ווערט דאָ באַטראַכט ווי דער העכסטער אויסדרוק פון העפלעכ־קייט און אין אַזעלכע פאַלן דאַנקען די טענצערנס זייערע קאַוואַלירן און נייגן זיך פאַר זיי אַ לאַנגע צייט. אַזוי דויערט דאָס טאַנצן דאָ ביז עלף

אזייגער. און דאַן גיט דער זעלנער פון עמפּי אַ קוועטש אַ גלעקל, דאָס ליכט ווערט אויסגעלאָשן און אַלע מוזן פאַרלאָזן דעם קאַבאַרעט.

מיר זיצן אין זאַל און באַטראַכטן די טאַנצנדיקע פּאָרלעך. מען טאַנצט אומעטיקע און וויניק עסטעטישע פּאָקסטראָטן. מיר קענען ניט פאַרשטיין פאַרוואָס פּאַטערן די אַמעריקאַנער אָפיצירן אַזוי פיל צייט אין די באַרן און אין די קאַבאַרעטן. און מיר פרעגן וועגן דעם בא די אָפיצירן, וועלכע זיינען מיט אונדז געקומען צופאָרן.

— אין אַמעריקע פאַרברענגען מיר אויך אָפן זעלבן שטייגער. — ענטפערט מען אונדז. — די אַלע לוקסוס־רעסטאָראַנען און די רייכע פּרעכטיקע פאַרוויילונגס־פּלעצער ווערן געוויזן נאָר פאַר טוריסטן. אַ דורכ־שניטלעכער אַמעריקאַנער איז ניט אימשטאַנד אַריינצוטרעטן אַהין. אונדזער פרייע צייט פאַרברענגען מיר מערסטנטייל אין די קינאָ־טעאַטערס אָדער אין קאַבאַרעטן, ענלעך צו דעם דאָ. דער איינציקער אונטערשייד באַשטייט אין דעם, וואָס דאָרטן טאַנצן אַמעריקאַנער מיידלעך ניט קיין יאַפּאַנישע, און דאָרטן איז פיל אנגענעמער. — אַזאַ אויספיר מאַכט דער לייטענאַנט.

אַהיים גייען מיר צופוס. אין שטאָט איז שוין נאַכט, אָבער די גאַסן זיינען העל באַלויכטן, ווייל די יאַפּאַנער האַנדלען ביז גאָר שפּעט בא־נאַכט. אין די קליינע קלייטלעך קענט איר קויפן אַ קימאָנאָ, אָדער עפּעס אַ קלייניקייט, אַן אָנדענק, וועלכע איז פאַרבונדן מיט דער אַטאָמישער באָמבע. איר קענט אָפּעסן אַ שיסעלע זופּ, אָדער אויסטרינקען אַ גלאָז ווייַן. און אין די קליינע שמאָלינקע געסלעך, וווּהין עס קען ניט אַריינ־קריכן אפילו אַן אַמעריקאַנער „דזשיפּ", אַף די הוילע טראָטואַרן אונ־טער די פענצטער, צעלייגן זיך אַף נאַכטלעגער די היימלאָזע. זיי שלאָפן אַף די שטיינער וואָס זיינען אָנגעגליט געוואָרן פון דער באַטאָגיקער זון און לייגן אונטער צוקאָפּנס זייערע זעק מיטן גאַנצן האָב און גוטס. מיר באַגעגענען אָפן וועג אָרעמעלייט. דערזעענדיק אייך, ציען זיי אויס שוין פונדערווייטנס זייערע דאַרע הענט און באַקומענדיק אַ האַלבן יען, שטעלן זיי זיך אַף די קני, לאָזן אַראָפּ זייער קאָפּ ביז צו דער ערד און אַזוי בלייבן זיי שטיין ביז וואַנען איר פאַרשווינדט ניט פון דעם געסל.

אָפן וועג פאַלן מיר אַריין אין אַ טעמפּל. אַ מאָנאַך דערקלערט אונדז אַז דאָס איז אַ בודיסטישער טעמפּל און אַהער קומען די יאַפּאַנער פאַרן שלאָפן גיין, קעדיי צו דערמאָנען גאָט וועגן זיך. מיר זעען ווי דריי פרויען גייען צו מיט שנעלע טריט צו אַ טאַץ זיי קויפן פאַר אַ יען אַ צענדליק ליכט, אויסגעאַרבעטע פון יאַם־גראַז, צינדן זיי אָן, שטעלן זיך אַף די קני און זאָגן עפּעס אַ קורצע טפילע. אָפּגעזאָגט, הייבן זיי זיך אויף און לאָזן זיך צום אַרויסגאַנג מיט די זעלבע שנעלע טריט. אייניקע פאַר־האַלטן זיך אין דעם דערבייאיקן גאָרטן, וווּ יעדעס ביימעלע און יעדער

קוסט רעכענען זיך פאַר הייליקע. זיי ברענגען מיט זיך קליינע שטיקעלעך פּאַפּיר, אַף וועלכע זיי שרייבן אָן מיט יעראָגליפן זייערע פאַרלאַנגען, ביטעס און טרוימען, געווענדעט צו גאָט. די פּאַפּירלעך מיט די ביטעס, בינדט מען צו צו די צווייגן פון די ביימער באַנוצנדיק דערצו דינע פעדימ־לעך, וועלכע ווערן געוואַשן אין הייליקן וואַסער באַם אַריינגאַנג אין טעמפּל.

אַ מינוט אָדער צוויי בלייבן זיי שטיין אַף די קני פאַרן בוים און גייען אַוועק פול מיט האָפענונגען, אַז זייערע ביטעס און טרוימען אָנגע־שריבן צו גאָט מיט יעראָגליפן אַף די פּאַפּירלעך וועלן בעיים זייער שלאָפן דערגיין צום קיסיי־האַקאָוועד. און דאַן וועט זיך ענדערן זייער לעבן און זיי וועלן קענען אַרויסקריכן פון יענער דאַכקעס און נויט אין וועלכע זיי געפינען זיך.

איך האָב געפרעגט באַם מאָנאַך:

— וועגן וואָס בעטן אָט די אַלע מענטשן בא גאָט?

— זיי בעטן וועגן זייער אַ סאַך! — ענטפערט ער מיר.

— אָבער דאָך, וועגן וואָס?

— זיי בעטן זייער אַ סאַך און פאָדערן שוין צופיל און דעריבער, פאַרשטייט זיך, ניט אַלץ ווערט מעקוּיעם, ניט יעדן פאַרלאַנג קען גאָט באַפרידיקן.

— פונדעסטוועגן — וואָס פאַרלאַנגען זיי? וועגן וואָס טרוימען זיי? עפשער בעטן זיי גאָר אויס פאַר זיך גרויסע פּאַלאַצן, וועלכע זיי פאַרמאָגן ניט? אָדער זיי פאַרלאַנגען גאָר פאַר זיך גרויסע אויצרעס?

דער מאָנאַך פאַרטראַכט זיך און ענטפערט:

— איך טאָר ניט אַריינקוקן אין די הייליקע בריוו, וועלכע ווערן געשריבן צו גאָט.

אָבער דער וועכטער פון גאָרטן קען גאַנץ גוט די אַלע סוידעס. ער שמייכלט צו אונדז און זאָגט:

— זיי בעטן פאַר זיך אָנשטאָט איינעם — צוויי שטיקלעך פיש אין וואָך און אויך אַ ביסעלע רייז כאָטש איין מאָל אין כוידעש, מעג דער רייז אַפילע זיין ניט פון זייער אַ גוטער קוואַליטעט, אָבער רייז, ניט אויסגעמישט מיט ערד און גראָז.

— שוין לאַנג ווי זיי בעטן בא גאָט וועגן אָט די אַלע ווילטיקן?

— יאָ, — ענטפערט דער וועכטער — שוין לאַנג, זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע.

מיר פאַרלאָזן דעם טעמפּל מיט דער מיינונג אַז די יאַפּאַנער בוקן זיך צו זייער אַ גרויזאַמען גאָט. אין פאַרלויף פון די אַלע יאָרן איז ער טויב צו די טפילעס פון אַ פאָלק, וועלכער שטאַמט פון דער געטן פון דער זון — אַמאַטעראַסו אָמיקאַמי.

צוזאַמען מיט אונדזערע אַמעריקאַנער קומען מיר צוריק אין קליי־נעם שטיבעלע, וווּ מיר וועלן מוזן פאַרברענגען אונדזער לעצטע נאַכט אין נאַגאַסאַקי. און ווידער פאַלן מיר אַריין אין אַמעריקע, כאָטש מיר זיינען נאָר וואָס געקומען פון דעם קאַבצאָנישן, האַלב־הונגעריקן פעאָדאַלן יאַפּאַן.

מען לייגט אונדז פאָר צו זען אַ קינאָ־בילד, וועלכעס הייסט „די געדרייטע טרעפּ". מיילע, ניטאָ קיין אַנדער ברייָרע — וווּהין צו גיין איז ניטאָ, זאָל זיין „די געדרייטע טרעפּ". מען קלערט אונדז אויף, אַז דאָס בילד וועלכעס מיר וועלן באַלד זען איז דער לעצטער קינאָ־שלאַגער אין אַמעריקע. ער האָט זייער אַ גרויסן דערפאָלג, איבערהויפּט אין דער אַרמיי. מענטשן מיט שוואַכע נערוון קענען דאָס בילד ניט אויסזיצן און זיי פאַרלאָזן דעם זאַל אינמיטן דער פאָרשטעלונג, אָבער די אַמעריקאַנער זיינען זיכער אַז מיר פאַרמאָגן שטאַרקע נערוון. יאָ, מיר וועלן אויסזיצן ביז צום סאָף.

און אָט וואָס מיר זעען:

מיר ווערן איבערגעטראָגן אין אַ גרויסער, ראַשיקער אַמעריקאַנער שטאָט. אין באַקוועמען לוקסוס־הויז, וווינט אַ יונג שיין מיידל. זי איז אין אַ פאַרלעגנהייט, ווייל זי קען ניט באַשליסן מיט וועמען כאַסענע צו האָבן: דריי כאַסאַנים וואַרטן אויף איר אויסוואַל. זי גייט אַרויף צו זיך אין שלאָף־צימער, עפנט אַ שאַנק און פּלוצלינג באַווייזן זיך צוויי הענט אין שוואַרצע הענטשקעס, וועלכע דערשטיקן דאָס מיידל. אַ טויטע — פאַלט זי אויף דער ערד. דער מערדער איז געווען באַהאַלטן אין שאַנק. מיר זעען אים ניט. דעם צושויער ווערט דערלויבט צו זען נאָר זיינע אויגן. זיי דערנענטערן זיך אַלץ מער און מער צו אונדז ביז זיי פאַר־נעמען דעם גאַנצן עקראַן. די אויפגעבראַוזטע שטאָט דערוויסט זיך מיט גרויל וועגן דעם נייעם מאָרד. שוין אין מעשעך פון דריי מאָנאַטן דער־שטיקט עמעצער יונגע מיידלעך און קיינער קען זיי ניט ראַטעווען. קיי־נער ווייסט ניט אין וועמענס הויז וועט די קומענדיקע נאַכט אַריינדרינ־גען דער מערדער. די מענטשלעכע נעשאָמעס זיינען פול מיט פּאַכאַד. ניטאָ קיין קויעך, וועלכער זאָל זיי אָפּראַטעווען פון די געהיימע הענט. די סימאָנים פון די מערדערישע פינגער ווערן געדרוקט אין אַלע צייטונ־גען, די פּאָליציי שטודירט זיי. איין איינציקער קלוגער געדאַנק פאַלט איין די געהיימ־אַגענטן — דער מערדער איז רייך, ווייל ער באַרויבט ניט זיינע קאָרבאָנעס. שפּעטער פאַלט זיי איין נאָך אַ געדאַנק — דאָס איז אַ נעקאָמע־נעמער. עפּשער איז דאָס אַ שלימאַזל? עפּשער האָט אים פאַרלאָזט זיין ווייב? עפּשער איז דאָס די ווירקונג פון אַן אָפּגענאַרטער ליבע? נאָר אַלץ איז אומזיסט, מען קען קיינעם ניט געפינען און אַלץ אָפטער און אָפטער זעען מיר אָפּן עקראַן אין האַלב־טונקעלע בודוואַרן,

אין פרעכטיקע סאלאָנען, אין רייכע שלאָפצימערס א פּאָר שטעכיקע אויגן און הענט אין שוואַרצע גומי־הענטשקעס. דער דאָקטאָר, וועלכער קומט צופאָרן פעסטצושטעלן דעם טויט, רעדט שטענדיק אַרויס אַלץ די זעלבע פראַזע: „אַלץ דאָס זעלבע!”. דער דאָקטאָר פאַרלאָזט א הויז, ווו מען האָט נאָר וואָס דערוואָרגן א יונג מיידל, און באַגעגנט אַף דער גאַס זיינעם א פּריינט. דאָס איז אויך א יונג מיידל, א שוועסטער פון א באַרימטן פּראָפעסאָר־פּסיכיאַטער. דאָס מיידל האָט אין דער יוגנט פון שרעק פאַר־לאָרן איר לאָשן — דעריבער גייען זיי ביידע און שווייגן. זיי ביידע זייי־נען אַלטע גוטע פריינט. דער דאָקטאָר טראַכט. טראַכטנדיק זאָגט ער אַרויס זיין מיינונג, אַז דער מערדער דערוואַרגט בלויז קאַפּריזנע און היסטערישע מיידלעך; אויסגעלאַסענע מיידלעך, וועלכע פאַרליבן זיך צו אָפט, אָדער וועלכע האָבן אינגאַנצן קיין האַרץ ניט. דאָס שטומע מיידל גייט אַהיים, ווו עס וואַרטן אַף איר, איר ברודער, דער פּראָפעסאָר מיט זיין פרוי, און אַן אַלטע קראַנקע מוטער. די מוטער ליגט קראַנק אין א צימער אַפן אויבערשטן שטאָק, אַהין פירן געדרייטע טרעפּ. די אַלטע ליגט אין בעט און הערט זיך צו די גאַנצע צייט צו די טריט אַף די טרעפּ, זי פאַרזיכערט אַז פון דאָרטן דראָט איר דער טויט. זי בעט זיך מען זאָל צו איר ניט אַריינלאָזן איר זון, דעם פּראָפעסאָר, און ווען יענער שטויסט אַוועק דאָס שטומע מיידל און רייסט זיך אַריין אַף קויעך צו זיין מוטער אין צימער, כאַפּט די אַלטע צו אים אַרויס פון אונטער דעם קישן א רעוואָלווער. דער פּראָפעסאָר גייט אַראָפּ צוריק און הייבט אָן פאַרצוואַרפן זיין פרוי, אַז זי האָט אים שוין מער ניט ליב. ער שיקט די פרוי אַראָפּ אין קעלער, אַז זי זאָל אַרויפברענגען א פלאַש שאַמפּאַ־ניער. צום קעלער פירן אויך געדרייטע טרעפּ. באַלד קערט זיך די פרוי אום מיט א פלאַש שאַמפּאַן, אָבער אַפן שוועל ווערט זי פון עמעצן אַוועק־געשלעפּט פון דער שיין, און א פּאָר הענט אין שוואַרצע הענטשקעס דערוואַרגן זי. אין דער זעלבער צייט גייט אַראָפּ אויך דאָס שטומע מיידל און שטויסט זיך אָן אַף די געדרייטע טרעפּ אַף איר ברודער דעם פּראָ־פעסאָר, וועלכער וואַרט זי אָפּ... און מיט שרעק דערזעט זי אַז איר ברודער טראָגט אַף זיינע הענט שוואַרצע הענטשקעס, פאַלט איר איין א געדאַנק אַז דאָס איז ער טאַקע דער מערדער, וועלכן אַלע זוכן אַרום. נאָר דער פּראָפעסאָר אַליין פּרוּווט אפילע ניט זיך צו פאַרטיידיקן: ער איז זיך מוידע, אַז דאָס טוט ער אַלץ צוליב א וויסנשאַפטלעכן צוועק. דער פּראָפעסאָר האָט אויסגעאַרבעט א טעאָריע וועגן דער ריינקייט און פולווערטיקייט פון דעם אַמעריקאַנער פאָלק”. ער אַליין האָט אָנגעפאַנ־גען א קאַמף פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון זיינע „אידעאַלן”. איצט טרעט שוין אַרויס דער פּראָפעסאָר ווי א מוסער־זאָגער און ער פאָדערט, אַז מיר, די צושויער, זאָלן אים מיטהעלפן. ער איבערצייגט אונדז, אַז

פרויען ניט קיין „פּאָלוּווערטיקע״, ד״ה היסטערישע, קראַנקע, קאַפּריזנע, שטומע, צעלאָזענע און ניט קיין אַנטשלאָסענע פרויען — האָבן ניט קיין רעכט צו לעבן. זיי מוזן שטאַרבן, ווייל זייערע קינדער וועלן אויך זיין ווי זיי. ער, דער פּראָפעסאָר, איז ניט קיין מערדער, ער איז אַ קעמפער פאַר דער ריינקייט פון דער מענטשהייט. דער פּראָפעסאָר וויל אויך דער־שטיקן זיין שוועסטער, ווייל זי איז אַ שטומע. זיין פרוי האָט ער דער־מאָרדעט, ווייל זי האָט אים זייער שנעל אויפגעהערט ליב צו האָבן. די הענט אין שוואַרצע הענטשקעס ציען זיך צו דעם האַלדז פון דער שטו־מער מיידל, נאָר אין דעם מאָמענט קריכט אַראָפּ איבער די געדרייטע טרעפּ די אַלטע קראַנקע מוטער און מיט אַ שאָס פון אַ רעוואָלווער דער־הארגעט זי איר אייגענעם זון.

אין צימער ווערט ליכטיק, מיר אָבער בלייבן זיצן ווי פאַרגליווערט. עס ווילט זיך אַלץ ניט גלויבן, אַז אונדז רינגלען אַרום אַמעריקאַנער. קען דען מעגלעך זיין, אַז דאָס בילד איז געמאַכט געוואָרן אין אַמעריקע אין יאָר 1946 און די צושויער האָבן ניט געמאַכט אַזאַ מין אויפשטאַנד, אַז האָליוווד זאָל כאָטש אַביסל קומען צו זיך? אין דעם קליינעם יאַפּאַנישן צימערל אין נאַגאַסאַקי האָט אַ שוועב געטאָן דער ווייסטער, בלוטיקער שאָטן פון היטלערן. מיר זיינען ווידער דערשיטערט געוואָרן פון דעם מייסים־גערוך פון אָשוויענטשים און פון דעם שטיקנדיקן געשטאַנק פון די ברענענדיקע מענטשלעכע ביינער אין די אויוונס פון מײַדאַנעק. מיר האָט זיך אַפילע אויסגעדוכט, אַז עס איז פאַראַן עפּעס אַ פאַרבינדונג צווישן דעם בילד „די געדרייטע טרעפּ״ מיט דעם וואָס ווערט געטאָן דורך די אַמעריקאַנער אין יאַפּאַן. די ערד האָט נאָך ניט באַוויזן אויסצו־טריקענען זיך פון בלוט און טרערן, עס איז נאָך ניט אַנטשוויגן געוואָרן דאָס געוויין און יאָמער פון אַלמאָנעס, יעסוימים און מוטערס, און דער ברוינער טשאַד באַווייזט זיך שוין ווידער דאָרט, ווו ער וואָלט אַלפּי־סייכל באַדאַרפט באַגראָבן ווערן אויף אייביק. די אַמעריקאַנער אָבער זיינען גאָרניט צעטומלט. פאַרקערט, זיי פירן צווישן זיך וויקוכים וועגן דעם, צי איז דער פּראָפעסאָר גערעכט, אָדער ניט? זיי אימפּאָנירט זיין פעסטקייט און אַנטשלאָסנקייט. זיי זעען ניט אין דעם פילם קיין שפּור פון פאַשיזם. זיי שמייכלען און שטרייכן אונטער דעם פאַקט, אַז זיי באַזיצן שטאַרקע נערוון. מיר גייען אַרויס אין גאָרטן און באַטראַכטן שטום דעם אויסגע־שטערנטן הימל איבערן קיוסיו־אינדזל. עס כאַפּט אָן אַ כיישעק אַוועק־צוגיין אַהיים צופוס, איבער גאַנץ יאַפּאַן, קיין מאָסקווע, נאָר דאָרט וואָלטן מיר זיך באַרויִקט. ערגעץ ווייט־ווייט פונדאַנען געפינט זיך מאָס־קווע. און דער געדאַנק בלויז, אַז סאָפּקאָלסאָף וועלן מיר זיך דאָך אומ־קערן אַהין, פילט אָן מיט מוט און פרייד אונדזערע הערצער. דאָרט אין מאָסקווע קענען אונדזערע פריינט גיין און פאָרן וווּהין זייער האַרץ

גלוסט. זיי ווייסן גאָרניט, אַז אויף דער וועלט עקזיסטירן אָפיצירן פון אַמע־ריקאַנער דזשיטו. זיי דאַרפן ניט פּאַטערן זייער צייט אויף אַזעלכע ביל־דער, ווי „די געדרייטע טרעפּ". וואָס טוען זיי איצט דאָרטן? עפּשער קלייבן זיי זיך צו גיין אין א טעאַטער? אָדער זיי שיפן זיך איבערן מאָסקווע־טייך? אָדער זיי אַרבעטן? עס גלוסט זיך אַזוי אומגעהייער שטאַרק צו זיין מיט זיי אינאיינעם. און אונדזערע געדאַנקען טראָגן זיך אַריבער אַהין, צו אונדזערע פריינט, צו אונדזער היימלאַנד.

— באַי סאַן! א קאַלטן ביר! — דערטראָגט זיך די באַס־שטימע פון דעם לייטענאַנט ברעדלי.

מיר דערווייטערן זיך אין די טיפענישן פון דעם גאָרטן. א הייסע נאַכט שווימט איבער יאַפּאַן.

— 10 —

אויף מאָרגן בעטן מיר דעם לייטענאַנט סקובי, איבערצוגעבן אין מאַק־אַרטורס שטאַב אונדזער דאַנק פאַר אַזאַ גאַסטפריינטלעכקייט און אויך מעלדן אַז מיר זיינען דאָך געצוווּנגען צו פאַרלאָזן די אַמערי־קאַנער געזעלשאַפט, אַז מיר האָבן בעדייע זיך אַריבערצוציען אין א יאַ־פּאַנישן האָטעל און פון היינט אָן אויף ווייטער וועלן מיר אַרומרייזן נאָר אין די יאַפּאַנישע באַנען. מען האָט אונדז פאַרוואַנדלט אין הויך־געשעצ־טע טוריסטן, מיר אָבער זיינען זשורנאַליסטן און דער טוריסטישער לעבנס־שטייגער איז פאַר אונדז אינגאַנצן פרעמד.

— מיר זיינען געקומען צופאָרן קיין יאַפּאַן ניט צו זוכן פאַרוויי־לונגען, נאָר קעדיי זיך צו באַקענען מיטן אַרט לעבן פון דעם יאַפּאַנישן פאָלק און צו באַנעמען זיינע געדאַנקען. אונדז וועט באַווייזן אַמעריקע, און יאַפּאַן באַהאַלטן מען אויס.

מיר האָבן געבעטן דעם לייטענאַנט סקובי, אַז ער זאָל אויך איבער־געבן, אַז די אַלע שטערונגען וואָס עס מאַכט אונדז די דזשיטו זיינען אין א פולשטענדיקער סטירע מיט די באַגריפן וועגן דער פרייהייט פון געדרוקטן וואָרט און דעמאָקראַטיע, מיט וועלכע די אַמעריקאַנער שטאָל־צירן אַזוי.

די רייזע — האָבן מיר אונטערגעשטראָכן — האָט אונדז נאָר גע־וויזן מעריקע אין איר אָפענער און דערצו אויך גאַנץ ניט־אַנגענעמער שיין. אויב — פאַרשטייט זיך — מען מעג אַלס ביישפּיל פון אַמעריקע גופא, אָנעמען די אַמעריקאַנער וועלכע געפינען זיך אין יאַפּאַן.

די אָפיצירן האָבן אונדז אויסגעהערט מיט שטוינונג און דאָך האָבן זיי געפרוּווט צו פאַרוואַנדלען דאָס אין א שפּאַס. מיר אָבער זיינען אויפ־געשטאַנען און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג...

— מיר פאָרן אוועק קיין אָסאקאַ, און איר קענט דאָ פּאַרבלייבן — האָבן מיר זיי געמאָלדן.

ווי עס שיינט האָט אונדזער „דעמארש" געווירקט, און אפילו די, וועלכע האָבן איינגעפּירט פאר אונדז דעם פּאָלציי־רעזשים האָבן זיך אָנ־געהויבן צו פילן אומבאקוועם.

אפן אנדערן טאָג, בא אונדזער אָנקומען אין אָסאקאַ האָט אונדז גע־מאָלדן אַ מאיאָר פון דזשיטו, אז עס וועלן אויסגעפּירט ווערן אַלע אונ־דזערע פארלאנגען און אז עס וועט אונדז געוויזן ווערן אַלץ, וואָס מיר וועלן נאָר וועלן זען. די אַמעריקאנער אָפיצירן וועלן זיך שוין מער ניט אריינמישן אין אונדזער לעבן. איין זאַך פארלאנגט נאָר דזשיטו: דאָס שטענדיקע באגלייטן אונדז „אַלס זיכערקייט־מיטל" — לויטן מאיאָרס אויסדרוק.

— וועמענס זיכערקייט באַמרויִקט אייגנטלעך אייך אזוי שטארק? — פרעג איך.

— זעלבסטפארשטענדלעך, אז אייערע, — ענטפערט דער מאיאָר — איר געפינט זיך דאָך אין יאפּאַן, וועלכע איז גאָר ניט לאנג געווען אין מילכאָמע מיט רוסלאנד. איז דען דאָס ניט אזוי?

מיר זיינען אָנגעקומען צו דער באַן סטאנציע און גלייך האָבן זיך אויך באוויזן די אַמעריקאנער אָפיצירן. צום באַן וואָס פאָרט פון נאגא־סאקי אין אָסאקאַ, איז שוין געווען צוגעטשעפּעט אַ וואגאָן מיט אַן עק־זאָטישן נאָמען „אסקאלוזא". דאָך איז אָפּגעהאלטן געוואָרן אַ קליינער זיג איבערן דזשיטו. אין צוזאמענהאנג מיט דעם האָבן מיר ארויסגע־שלעפּט פון אונדזערע וואליזעס אַ פארבאהאלטענע פלעשל רוסישע „וואָד־קאַ". דער צוג איז מיט אַ שנעלקייט געקאָפּן איבערן שלאָפנדיקן יאפּאַן. דער „באָי" האָט קעסיידער געשלעפּט ביר מיט אייז. מיר זיינען געזעסן אין אונדזערע קופּעען אין אַ שרעקלעכער דושנעקייט. אין יענע הייסע סעפּטעמבער־טעג און נעכט האָבן מיר צום ערשטן מאָל דערפילט אז דער דורשט שעפּט אויס דעם מענטשן, מער ווי דער הונגער. מען טאָר אָבער ניט טרינקען — האָבן מיר זיך באנוגנט בלויז מיט שטיקלעך אייז. מיר האָבן פארלוירן דעם כיישעק צו עסן. אפילו דער ווענטילאטאָר, וועלכן מיר האָבן געלאָזט אין גאנג, האָט אויך ניט געהאָלפן.

מיר האָבן לאנג ניט געקענט איינשלאָפן אין יענער נאכט. אין קאָ־רידאָר האָט קעסיידער געסטאַרטשעט די לאנגע פיגור פון דעם האלב־נאקעטן לייטענאנט ברעדלי. ער האָט יעדע ווייַלע אריינגעקוקט צו אונדז, קעדיי זיך איבערצייגן, אז מיר שלאָפן שוין, און גלייך ווידער געבליבן שטיין באַם פענצטער. ווייזט אויס, אז ער האָט געהאַלטן וואַך, קען זיין אז עס האָט זיך אונדז בלויז אויסגעוויזן אזוי.

אינדערפרי זיינען מיר אָנגעקומען אין אָסאקאַ.

א ריזיקע שטאָט, אין פאַרנעם די צווייטע פון יאַפּאַן. זי האָט אונדז גלייך איבערראַשט מיט איר רויש און פאַרשיידנאַרטיקייט. אין טאָקיאָ האָט מיר געזאָגט אַן אַמעריקאַנער גענעראַל:

— איר וועט אָסאַקאַ ניט זען. דאָס איז אַ טויטער ריז!

היינט האָבן מיר זיך איבערצייגט, אַז דער ריז לעבט אויף.

פון אינדערפרי אָן האָבן מיר באַטראַכט די שטאָט. ווי מאָדנע עס זאָל זיך ניט אויסווייזן, אָבער דעם אַמט פון אַ וועגווייזער האָט בא אונדז פאַרנומען אַ זעלנער פון „עמפּי" — אַמעריקאַנער מיליטערישע פּאָליציי. מען האָט אונדז דערקלערט, אַז דער זעלנער קען אויסגעצייכנט די שטאָט און דעריבער האָט מען אים אָנפאַרטרויט דעם שווערן און בע־קאָוועדיקן פּאָסטן — אונדז צו באַגלייטן אין אונדזערע רייזעס איבער דער שטאָט. איצט זיינען מיר שוין געפאָרן אָף זעקס „דזשיפּס", האַגאַם אַליין האָבן מיר זיך באַזעצט אין איינעם. דער ערשטער — דער אויטאָ־מאָביל פון „עמפּי—, נאָך אים דער דזשיפּ פון דעם מאַיאָר, וואָס האָט אונדז באַגעגנט אָף דער באַן־סטאַנציע אין אָסאַקאַ, נאָך אים אונדזער „קאַר" און פון הינטן נאָך דריי אויטאָמאָבילן מיט די אַמעריקאַנער אָפי־צירן.

קוים האָבן מיר זיך ערגעץ ווו אָפּגעשטעלט — פלעגט זיך גלייך פאַרזאַמלען אַ גאַנצער אוילעם. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז די גאַנצע סוויטע איז געוואָרן צוגעטראַכט, קעדיי אונדז צו שטערן פאַרפירן וועלכן עס איז אינטימען געשפּרעך מיט די יאַפּאַנער אָדער מיט גלאַט מענטשן, וועלכע וועלן זיך אונדז טרעפן אָפן וועג.

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן האָט דער עמפּי־זעלנער גוט אויסגע־שטודירט אַלע „פּרוכטן פון דער טעטיקייט פון דער אַמעריקאַנער אוויאַ־ציע" אין אָסאַקאַ. ער האָט אונדז געוויזן ריזיקע געביידעס, אויפגעריסע־נע דורך שווערע באָמבעס, ער פלעגט בלייבן שטיין בא פאַבריקן וועלכע זיינען פאַרניכטעט געוואָרן בעיים דער מילכאָמע און דערנאָך ערשט האָט ער אונדז דורכגעפירט איבערן צענטער פון דער שטאָט, ווו עס איז קימאַט ניט געווען קיין צעשעדיקטע הייזער.

אָסאַקאַ איז אַ קאָמערציעלער און אינדוסטריעלער צענטער פון יאַ־פּאַן. קימאַט אַלע וויכטיקע יאַפּאַנישע צייטונגען האָבן דאָ זייערע צווייטע רעדאַקציעס און זיי דרוקן זיך גלייכצייטיק אין טאָקיאָ און אין אָסאַקאַ. דאָ אין דער שטאָט האָבן מיר דערפילט צום ערשטן מאָל, אַז — די מאָנאָפּאָליסטישע יאַפּאַן, דערשיטערט פון די קאַטאַסטראָפאַלע מאַ־פּאַלע טעג — הייבט איצט שוין ווידער אָן אויפצולעבן, דערפילנדיק עמעצנס אַ שטיצע. די אוניווערסאַל־געשעפטן האַנדלען שוין ווידער, אין די פאַבריקן גייט צו דער אַזוי גערופענער צוגרייטונגס־פּעריאָד ווידער אַרויסצוטרעטן אָפן וועלט־מאַרק; בא די מאַסיווע, מאָדערנע געביידעס

פון די יאפאנישע בענק שטייען אויסגעשטעלט רייען לוקסוס־אויטאָמאָ־בילן; עס ווערן איינגעאָרדנט די האָטעלן. אין די אויפנאַמס־צימערן פון מיצואַי, מיצוביסי און סומיטאמא, דאָרט ווו עס פלעגט אַנטשיידן ווערן דער גוירל פון יאַפּאַן, וואַרט מען אַף געסט פון אַמעריקע. איבער דער שטאָט הייבט זיך צום הימל דער רויך פון די פאַבריק־קוימענס. מיט איין וואָרט, עס מערקט זיך ווי דאָס געשעפטלעכע און עקאָנאָמישע לעבן אין אָסאַקאַ רייסט זיך אַרויס פון דער „טויטער זאָנע”.

— 11 —

איצט וואָלט איך געוואָלט באַקענען אייך, לייענער, מיט דעם גי־גאַנטישן „דזייבאַצו־קעניגרייך”. אין דער שטאָט אָסאַקאַ זיינען מיר דערגאַנגען זיינע סוידעס. די מענטשן, וועלכע מען רופט אָן איצט „דזיי־באַצו”, באַזיצן אַלע רייכטימער, דעם אינדוסטריעלן קויעך און אויך די פאַקטישע מאַכט אין יאַפּאַן. דאָס וואָרט „דזייבאַצו” באַדייט בוכשטעב־לעך — די פינאַנציעלע קליקע. נאָך אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט האָבן זיך באַוויזן אַף דער פּאָליטישער אַרענע פון יאַפּאַן פיר פעאָדאַלע מישפּאָכעס — מיצוביסי, מיצואַי, סומיטאַנאַ און יאָסודאַ. אויסנוצנדיק די הילף פון דער רעגירונג און די אַלזייטיקע שטיצע פון דעם אימפּעראַטאָר, האָבן זיי זייער שנעל זיך פאַרוואַנדלט אין אימפּע־ריאַליסטישע מאָנאָפּאָלן. איינער פון די בעסטע קענער פון דער דזייבאַ־צו־געשיכטע, איטשירא טייכאַרא, באַצייכנט דזייבאַצו אַלס מאָנאָפּאָליס־טישער קאַפּיטאַל, וועלכער האָט זיך אַנטוויקלט אין פעאָדאַלע באַדינ־גונגען. די ביליקע שקלאַפן־אַרבעט האָט מיטגעהאָלפן אַז דזייבאַצו זאָל רייך ווערן. די אַגרעסיווע מילכאָמע אין כינע און אין מאַנדזשוריע, וועל־כע יאַפּאַן האָט געפירט אין מעשעך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט האָבן דייטלעך דערוויזן פאַר דער גאַנצער וועלט די הויפּט־וועגן, וועלכע די הערשער פון מיצואַי, מיצוביסי, סומיטאמא און יאָסודאַ האָבן אויסגע־ווײלט פאַר זיך קעדיי צו פאַרפעסטיקן זייער מאַכט.

די „דזייבאַצו־פּאַלאַצן” האָבן זיך געבויט מיט שווייס און בלוט פון פעלקער און פאַר די לעצטע הונדערט יאָר האָט זיך צו די פּאַלאַצן אַרי־בערגעצויגן דער צענטער פון דעם גאַנצן פּאָליטישן און עקאָנאָמישן לעבן פון יאַפּאַן.

— וואָס־זשע אייגנטלעך טוען איצט דזייבאַצו? — האָב איך גע־פרעגט באַ נאַגאַמאַ אודזאַ, איינעם אַ וויכטיקן עקאָנאָמיסט, וועלכער שטייט נאָנט צום הויז מיצוביסי.

מיר זיינען געזעסן אין אַ גרויסן גאַסט־צימער אויסגעשטאַט אין יאַ־פּאַנישן סטיל אָדער בעסער געזאָגט, גאָרניט אויסגעשטאַט, ווייל אין צי־

מער איז ניט געווען קיין מעבל און קיינע אַנדערע זאַכן. בלויז אין אַ ווינקל, אַף אַ קליינעם טישעלע פון שוואַרצן האָלץ זיינען געלעגן אונדזערע היט, און אַף די שניי־ווייסע טעפּיכער זיינען אָנגעוואָרפן געווען פלאַכע קישנס מיט אויסטערלישער האַפט. די קישנס האָבן אונדז גערינט פאַר בענקלעך. דער באַלעבאָס האָט אַ זופּ געטאָן אַ שלוק וואַרעמען וויין פון אַ קליינעם בעכערל און געענטפערט:

— דריי מענטשן האָבן געשטרעבט צו פאַרייניקן יאַפּאַן: אָדאַ נאָ־בונאַגאַ, טאָיאָטאָמי כידעיאַסי און טאָקוגאַוואַ איזיאַסו. נאָר דערגרייכט האָט עס טאָקוגאַוואַ איזיאַסו. עמעצער האָט זייער טרעפלעך פאַרגלייכט דעם כאַראַקטער פון די דריי מענטשן אין אַ ליד „הייקו“. אַלס טעמע פאַרן ליד האָט געדינט די באַציִונג פון יעדן איינעם פון זיי צו אַ קוקאַווקע, וועלכע האָט בעשום אויפן ניט געקענט אָנפאַנגען צו זינגען.

אָדאַ נאָבוגאַנאַ האָט געזאָגט: „אויב די קוקאַווקע זינגט ניט — דערהאַרגעט זי“. טאָיאָטאָמי כידעיאַסי האָט געזאָגט: „אויב די קוקאַווקע זינגט ניט — צווינגט זי, אַז זי זאָל יאָ זינגען“. און טאָגוקאַוואַ איזיאַסו האָט געזאָגט: „אויב די קוקאַווקע זינגט ניט — לאָמיר צוואַרטן ביז זי וועט אָנהויבן צו זינגען“. דזייבאַצו גייען איצט אַף טאָגוקאַוואַס וועג — זיי וואַרטן.

אַפן אַנדערן טאָג האָט מען מיר געבראַכט דעם מישפּאָכע־רעגלאַ־מענט פון דעם הויז מיצואי. דער רעגלאַמענט איז אָנגענומען און גע־זעצלעך באַשטעטיקט געוואָרן אין יאָר 1900 און איז אין קראַפט נאָך ביזן היינטיקן טאָג. איך גיב אים דאָ איבער קימאַט בוכשטעבלעך, ווייל ער העלפט מיט צו באַגרייפן די ראָל פון דזייבאַצו אין דעם איצטיקן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן לעבן פון יאַפּאַן.

„דער קרייז פון דעם מיצואי־שטאַם ווערט באַצייכנט אין די גרע־נעצן פון די פאָלגנדיקע עלף מישפּאָכעס: מיצואי כאַטירויועמאַן; מיצואי מאַטאַנאַסקע; מיצואי געעמאַן; מיצואי טאַקאַיאַסו; מיצואי כאַטיראַדזי־ראַ; מיצואי מיצואי סאַבוראַסקע; מיצואי מאַטאַטאַראַ; מיצואי מאַרי־נאַסקע; מיצואי טאַקענאַסוקע; מיצואי איאַנאַסקע; מיצואי טאַקועמאַן. די מיטגלידער פון דעם שטאַם מוזן אויספאָלגן די לערע פון די שטאַם־אָנפירער. זיי מוזן זיין אין פריינטלעכע באַציִונגען צווישן זיך, דערגענצן זייער וויסן און שטרעבן צו פאַרפעסטיקן זייערע מישפּאָכעס. דאָס פּער־זענלעכע, געזעלשאַפטלעכע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע לעבן פון די מיטגלידער פון דעם שטאַם ווערט באַהאַנדלט און באַשטעטיקט אַף פאַר־זאַמלונגען פון די קרויווים. די מיטגלידער פון דעם שטאַם מוזן זיך באַ־שעפטיקן אין די אונטערנעמונגען און אין די געשעפטן לויט ספּעציעלע רעגלאַמענטן; זיי מוזן לויט אַ ריי באַטראַכטן די לאַגע פון יעדן איינ־ציקן פון זיי, און ברענגען דאָס צו די פאַרזאַמלונגען פון די קרויווים.

אין פאל ווען עמעצער פון זיי באגייט אדער איז גרייט צו באגיין עפעס א ריזיקאלישן טאט, מוז צונויפגערופן ווערן ווי אמשנעלסטן א פארזאמ־לונג פון קרויוים. די פארזאמלונג פון קרויוים אדער ווי מען רופט עס „דאדזאקוקאי", ווערט צוזאמענגעשטעלט פון די קעפ פון די אויבנדער־מאנטע עלף מישפאכעס מיצואי. אלט פארזיצער פון דער פארזאמלונג איז דער הויפט פון דער צענטראלער מישפאכע פון דעם שטאם. די פאר־זאמלונגען ווערן צוזאמענגערופן איין מאל אין מאנאט. די פארזאמלונגען באהאנדלען און באשליסן פאלגנדיקע איניאנים: יערושע, כאסענע, אדער געטן אין דער מיצואי־מישפאכע, רעוואכים, דיווידענדן, פארשיידענע רע־זערוו־פאנדן יערלעכער ביודזשעט פאר אויסגאבן פאר באזונדערע אונ־טערנעמונגען: געשעפטן אדער פאבריקן, דער אויבער־קאנטראל איבער די רעזערוו־פאנדן, א גענויער און אלזייטיקער שטודיום פון די ביודזשעטן פאר יעדער מישפאכע פון דעם מיצואי־שטאם און דאס פארוואלטן מיט די אלגעמיינע אייגנטומס. די אלע פארזאמלונגען פון קרויוים ווערן דורכ־געפירט אין געהיים. דער סעקרעטאריאט פון דער פארזאמלונג איז אויך אין דער זעלבער צייט די אויספיר־מאכט און פירט דורך אין לעבן אליז, וואס דער שטאם אנערקענט פאר נויטיק.

„אין אלע פאלן פון א כאסענע פון עמעצן פון די מיטגלידער פון מיצואי־שטאם, מוז אומבאדינגט געבעטן ווערן א דערלויבעניש פון דער פארזאמלונג פון קרויוים; אין דער זעלבער ארדענונג ווערן באטראכט און באשטעטיקט די פראגעס וועגן אפעטראפסעס, יערושעס און אויך וועגן פערזענלעכן אייגנטום. די פאנדן ווערן פארטיילט אף פאלגנדיקע קאטעגאריעס: אלגעמיינער פאנד, עמערגענץ־פאנד, רעזערוו־פאנד, פאנד פאר אויסגאבן און פאנד פאר קומענדיקע דוירעס. אין פאל פון פארלעצן מיצאד די קרויוים דעם רעגלאמענט, ווערן ארויפגעלייגט פארשיידענע שטראפן. אין פאל ווען צוליב פארשיידענע סיבעס ווערט געענדערט די רעגירונג־סיסטעם אין יאפאן, קען אויך געענדערט ווערן דער רעגלאמענט, דאך מוזן דערביי פארבלייבן אומבארירט די הויפט־פרינציפן פון דעם שטאם פון דעם גרויסן הויז מיצואי".

דער רעגלאמענט האט זיך ביז היינט ניט געענדערט. ווייזט אויס, אז דאס מיצואי־הויז האלט אז אויך אין דער רעגירונג־סיסטעם פון יא־פאן זיינען ניט פארגעקומען קיין ענדערונגען. פונקט אזא רעגלאמענט פארמאגט דאס הויז מיצוביסי, סומיטאמא און איבערהויפט אלע אנדערע טרוסטן, וועלכע מען רופט אין יאפאן „דזייבאצו".

די יאפאנישע דזייבאצו וואלט מען געקאנט אין אייניקע פאלן פאר־גלייכן מיטן הויז ראטשילד, נאר דאס ראטשילד־הויז האט שוין פון לאנג פארלוירן זיין איינפלוס אף דעם עקאנאמישן לעבן פון דער וועלט, אין דער זעלבער צייט אבער האלטן מיצואי און מיצוביסי די מאכט בא זיך

אין די הענט און קאָנטראָלירן די בענק, די מינען, די פאַבריקן, די וועלדער, די ערד און איבערהויפּט אַלע עקאָנאָמישע קוואַלן פון יאַפּאַן. אַזוי אַרום באַקומט זיך, אַז מיצואי, מיצוביסי, סומיטאָמאָ און יאָסודאַ זיינען ניט קיין פּאַשעטע טרוסטן אָדער אינדוסטריעלע מאָנאָפּאָלן, נאָר גיגאַנטישע קעניגרייכן פון קוילן און מעטאַל, מאַשינען און כעמישע פּראָדוקטן, פאַבריקן און בענק. ניט אומזיסט ווערט דאָס לאַנד פון דער „אויפגייענדיקער זון" אַלץ אָפטער באַצייכנט מיטן נאָמען „דזייבאַצו קעניגרייך".

אייגנטלעך פאַרנעמען דזייבאַצו ביזן היינטיקן טאָג זייערע פריערדיקע סטראַטעגישע פּאָזיציעס. די אַלע, וועלכע שטודירן יאַפּאַן, אָבער ניט לויט די צעשטערטע גאַסן פון טאָקיאָ און אָסאַקאַ, ניט לויט די אויסערלעכע סימאָנים אַף וועלכע עס טייטלען מיטן גרעסטן אייפער די אַמעריקאַנער וועגווייזער פאַר אַלע טוריסטן, וועלכע באַזוכן יאַפּאַן, נאָר לויט די פיל טיפערע און ערנסטערע פאַקטאָרן, וועלן זיך איבערצייגן, אַז אין „דזייבאַצו־קעניגרייך" האָט זיך גאָרניט געענדערט. יאַפּאַן פאַלט ביזן היינטיקן טאָג אַרונטער אונטער זייער מעמשאָלע, די מאָדערנע אינדוסטריעלע מאַשין, וועלכע האָט אין מעשעך פון די לעצטע 50 יאָר געדינט אַלס סיבע און אויך אַלס מיטל פאַרן אָנגריף, געפינט זיך נאָך אַלץ אין די הענט פון יענע, וועלכע האָבן צוגעגרייט און דורכגעפירט דעם אָנגריף, ד"ה אין די הענט פון דזייבאַצו. איצט קוקן זיי מיט האָפענונג אין דער צוקונפט, ווייל דעם שווערסטן און קריטישסטן פעריאָד האָבן זיי שוין איבערגעלעבט, און זיי זיינען שוין ווידער ארויף אַפן וועג פון דעם ווידעראויפלעבן.

הירהאָיטאָ, דער יאַפּאַנישער אימפּעראַטאָר האָט אָנגערופן די צווייטע וועלט־מילכאָמע מיטן נאָמען „די יאַפּאַנישע הייליקע מילכאָמע", האַגאַם אַלע האָבן גוט געוווּסט, אַז זי איז געווען צוגעגרייט און געפירט פון דזייבאַצו (טאַדזיאָ און אַראַקי זיינען געווען נישט מער ווי זייערע אידעאָלאָגישע ברידער). די מילכאָמע אָבער האָט קווידעמקאָל רייך געמאַכט די ערשער מיצואי, מיצוביסי, סומיטאָמאָ, יאָסודאַ און נאָך אַ 20 אַנדערע מישפּאָכעס, די אַזוי גערופענע „נייע דזייבאַצו". אין פינף פאַרמילכאָמע־יאָרן האָט זיך דער דזייבאַצו קאַפּיטאַל פאַרטאָפּלט, אָבער אין די פינף מילכאָמע־יאָרן האָט זיך דער קאַפּיטאַל פאַרגרעסערט צענפאַכיק. דריי הונדערט און זעכציק נייע פאַבריקן האָבן געשפּייזט די לוינבאַרע פאַר דזייבאַצו „מענטשן־יאַטקע": זיי האָבן געשליידערט אַף די שלאַכטפעלדער קאַנאָנען, האַרמאַטן, קוילן, באָמבעס, אַוויאָנען. און די קאָמערציעלע פירמע „סיאָוואַ צוסיאָ קאַבוסיקי קאַיסיאַ" פינאַנצירט פון מיצואי, מיצובים און אָקוראַ, האָט געהאַלטן אין אירע הענט דעם גאַנצן אויסלענדישן האַנדל פון יאַפּאַן ביז צו די לעצטע מילכאָמע־טעג.

אין פאַרלויף פון איר גאַנצער געשיכטע האָבן דזייבאַצו באַקומען

א פאָלשטענדיקע הילף און שטיצע פון דעם אימפעראַטאָר. און זיי זיינען אויך ניט פאַרבליבן זיינע באַלע־כויוועס. דאָס אימפעראַטאָר־הויז האָט זיך אויך פאַרוואַנדלט אין א מעכטיקע דזייבאַצו. דער אימפעראַטאָר האָט אריינגעטראָגן זיינע קאַפּיטאַלן אין דעם „ספּעסי־באַנק” אין יאָקאָהאַמאַ, אין דעם יאַפּאַנישן האַנדלס־אינדוסטריעלן באַנק, אין דעם כאָקקאַידאָ־קאָלאָניאַלן באַנק, אין מיצוביסי־באַנק, אין די פאָרמאָסער צוקער־ און פּאַסט־שיפּס־געזעלשאַפט. אַף אַזאַ מין אופן איז דער אימפעראַטאָר היראָהיטאָ איצט דער גרעסטער באַזיצער פון די יאַפּאַנישע ווערט־פּאַפּירן. איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע, האָבן צו דעם אימפּעראַטאָר געהערט א סאַך מיליאָנען טאַיאָ (טאַיאָ איז 0.992 העקטאַר) ערד, וועלכע זיינען אַמאָל קאָנפיסקירט געוואָרן באַם פאָלק און זיינען איבערגעגעבן געוואָרן דעם אימפעראַטאָר־הויף. סאָף 19־טן יאָרהונדערט, נאָך די מאַנדזשוריער געשעענישן, אויסנוצנדיק די לעבהאַפטע און גינס־טיקע קאָניונקטור, האָט הירהיטאָ פאַרקויפט צוויי דריטל פון זיין ערד אייגנטום און פאַר דעם געלט געקויפט נאָך ווערט־פּאַפּירן.

איצט זיינען שוין פאַרשוווּנדן די גרענעצן, וועלכע האָבן אָפּגעטיילט דעם אימפעראַטאָר הירהיטאָ פון די „קעניגן” מיצואי און מי־צוביסי.

אין יענע טעג ווען די אַמעריקאַנער האָבן ניט געקאַרגט קיין שיינע ווערטער אַף פּרעכטיקע דערקלערונגען, האָט זיך פאַר אַלעמען אין יאַפּאַן אויסגעוויזן, אז פאַר דזייבאַצו קומען אָן זייערע לעצטע טעג. פון שי־קאַגאָ איז אַריוסגעפּאָדערט געוואָרן דער פּראָפעסאָר קאַרווין עדוואַרדס; ער איז געקומען צופאָרן קיין טאָקיאָ צוליב א וויכטיקן צוועק — אויס־געפינען א מיטל ווי אַזוי צו דערלאַנגען א טויט־קלאַפּ די פיר טרוסטן און די צוואַנציק „נייע דזייבאַצו”, וואָס וואָלט אין דער זעלבער צייט אויך געווען א קלאַפּ פאַר דעם פעאָדאַלן און מיליטאַריסטישן רעזשים פון יאַפּאַן. עדוואַרדס פּראָיעקט האָט אָבער אַרויסגערופן אַן אויפרעגונג אין מאַק־אַרטורס שטאַב. דוגלאַס מאַק־אַרטור האָט דערקלערט, אַז „מען טאָר ניט ברעכן די יאַפּאַנישע האַנדלס־טראַדיציעס”. דאָס וועט, קלוי־מערשט „האַמעווען דאָס אויפלעבן פון דער יאַפּאַנישער עקאָנאָמיע, וועט פאַרלענגערן דעם פּעריאָד פון דער סאָציאַלער אָנשטרענגונג”, און וועט אריינברענגען א צעמישעניש אין סיגערו יאָסידאָס מיניסטאָרן־קאַבי־נעט”. גלייך נאָך דעם איז באַפּרייט געוואָרן פון טפיסע דער הויפּט פון דעם טרוסט „ריקען”, דער אַזוי גערופענער נייער דזייבאַצו — אָקאָצי מאַסאַטאָסי, און דער „שטוביקער ארעסט” פון די הערשער מיצואי — פודזיוואַרא גענדזיראָ און איקעדאַ סייכין איז אָפּגערופן געוואָרן.

די שרעק און דער נערוון־שאָק, וועלכע האָבן אַרומגעכאַפּט די עכטע קעניגן פון יאַפּאַן איז גיך אַריבער, און זיי האָבן געהאַט באַגרינדעטע

האָפענונגען צו גלויבן אז עס קומען אָן פאַר זיי „בעסערע צייטן". נאָר קעדיי צו באַרויִקן, אָדער בעסער געזאָגט — קעדיי אָפּצונאַרן דאָס יאַפּאַנישע פאָלק, האָבן די אַמעריקאַנער אָנפאַרטרויט יאָסידאס קאַבינעט די אויפגאַבע צו בילדן אַ קאָמיסיע אַף צו ליקווידירן דזייבאַצו. יאָסידאַ האָט באַשטימט אַלס פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע סאַסאַיאַמאַ טאַדאַאָ — דעם דירעקטאָר פון דעם יאַפּאַנישן אינדוסטריעלן באַנק, דאָס הייסט פון יענער באַנק, וועלכע דריקט אויס די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1902, קעדיי זי זאָל פינאַנצירן דזייבאַצו. איצט קומט אויס, אַז דער דירעקטאָר פון דעם באַנק סאַסאַיאַמאַ מוז ליקווידירן דזייבאַצו; און די איבעריקע מיטגלידער פון דער קאָמיסיע: קורומאַטאַני — דער פרעזידענט פון דעם יאַפּאַנישן קרעדיט־באַנק, וועלכער איז פאַרבונדן מיטן מיצוביסי־הויז; מאָרי — דער דירעקטאָר פון די באַדייטנדיקסטע צעמענט־ און ציגל־פאַבריקן, זיי ביידע מוזן קלוימערשט אויך דערהאַרגענען דזייבאַצו; קאָראָ קאָסימאַ און איוואַדזיראָ נאָדאַ, וועלכע זיינען זייער גאַנצן לעבן געווען פאַרבונדן מיטן מיצואַי־הויז — זיינען אויך ווונדערבאַרע ראַטגעבער פאַר די יעניקע, וועלכע ניט נאָר זיי ווילן ניט, נאָר אפילע האָבן אויך ניט בעדייע צו פאַרשאַפן דעם מינדסטן שאָדן דעם אומבאַרירבאַרן „דזייבאַצו־קעניגרייך".

דאָס האָט, ווייזט אויס, זייער גוט פאַרשטאַנען נאַגאַסימאַ יואַידזאַ, איינער פון די מיצואַי־קעניגן, וועלכער האָט באַ אַ געלעגנהייט געזאָגט: „מען פאַרזיכערט מיך, אַז דאָס יאַפּאַנישע פאָלק און אַלע אַנדערע פעלקער פון דער גאַנצער וועלט האַלטן, אַז מיצואַי איז אַ גרויסער, שלעכטער גיגאַנט. איך אַליין ווייס, אַז מיצואַי איז גאָרניט אַף אַזוי פיל שלעכט, אָבער קיינער וועט דאָס קיינמאָל ניט גלויבן. איך רעכן, אַז בעסער פון אַלץ וואָלט געווען, ווען דאָס מיצואַי־הויז זאָל פאַרשווינדן".

דאָס אַלץ נעמט אויך, וואַרשיינלעך אין אַכט, גענעראַל מאַק־אַרטורס שטאַב, וועלכער קאַרגט ניט קיין צוזאָגעכצן וועגן „באַזייטיקן דזייבאַצו", אָבער אין זיי איז שוין ניטאָ קיין שפור פון צאָרן און ניט פון קיין האָפענונג. די אַמעריקאַנער זוכן איצט עפּעס אַ באַקוועמע פאָרעם פאַר „דזייבאַצוס זעלבסט־ליקווידאַציע", וועלכע זאָל שאַפן אין די מוייכעס פון די יאַפּאַנישע פּאָשעטע מענטשן עפּעס אַ מין אילוזיע פון דעם „סאָף" פון מיצוביסיס און מיצואַיס הערשאַפטן. אין דער זעלבער צייט ווערן אָבער אונטערגענומען שריט צו דעם, אַז עס זאָלן פאַרבלייבן די יאַפּאַנישע „האַנדלס־טראַדיציעס" און דערפאַר טאַקע ווערט אָנפאַרטרויט דזייבאַצוס גוירל אין די הענט פון מענטשן וועלכע זיינען מיט דזייבאַצו ענג פאַרבונדן.

פאַראַן עפּעס געמיינזאַמעס אין דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן גוירל פון יאַפּאַן און דייטשלאַנד. ווי עס איז גוט באַקאַנט האָבן די גע־

וויטערן און די שטורעמס פון יאָר 1848 ניט פאַרניכטעט אין דייטשלאַנד דעם פעאָדאַליזם; אויך מיידזיס רעוואָלוציע אין יאָר 1867 האָט אי־בערגעלאָזט אין יאַפּאַן דעם פעאָדאַלן רעזשים. אין דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז דייטשלאַנד אַריינגעטראָטן מיט אירע יונקערשע און יאַפּאַן מיט אירע סאַמוראַישע טראַדיציעס. אין די ביידע מעלוכעס זיינען אַנטשטאַנען גרויסע טרוסטן, וועלכע האָבן געוועלטיקט איבער דעם גאַנצן עקאָנאָמישן לעבן: אין דייטשלאַנד קרופּ און „פאַרבען־אינדוסטריע" און אין יאַפּאַן מיצואי און מיצוביסי. אין 19־טן יאָרהונדערט האָט דאָס מיצואי־הויז געשטיצט פינאַנציעל דעם מיידזי־רעוואָלט, איבערקויפנדיק שוואָטים מיט זייערע פירער; זיי האָבן פאַרניכטעט די רעשטלעך פון סיאָגונאַטא־מאַכט (סיאָגון איז געווען אַ גרויסער מיליטערישער אָנפי־רער) און האָבן אַרויפגעזעצט אַפן טראָן דעם פּופּעניאַריקן מאַצוכיט, וועלכן מען האָט נאָכן טויט אַ נאָמען געגעבן מיידזי. דאָס אינוועסטירן קאַפּיטאַלן אין דעם אימפּעראַטאָרהויז האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין קעגנזייטיק נוצלעך. אַלס אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט צו דעם מיצואי־הויז, האָט דער טראָן צעטיילט מיט אַ ברייטער האַנט גרויסע האַכנאָסעס צו די אַלע פינאַנץ־מאַגנאַטן. דאָס מיצואי־הויז האָט באַקומען אויסשליס־לעכע רעכט אויף מינען־אינדוסטריע, פאַרשיידענע קאָנצעסיעס, וועלדער און פאַבריקן. אַלע עקאָנאָמישע רעסורסן פון יאַפּאַן האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מאָנאָפּאָל־אייגנטום פון מיצואי, מיצוביסי, סומיטאָמאָ און יאַ־סודאַ. אין פאַרלויף פון 75 יאָר נאָך איר רעסטאַווירן, דאָס הייסט אין דער צייט פון דער הערשאַפט פון מיידזי, טייסיאָ און סיאָוואַ, איז דער אימפּעראַטאָר־הויף געוואָרן די רייכסטע דינאַסטיע אין דער גאַנצער וועלט, וועלכע האָט פאַרמאָגט מיצואי־מיצוביסי־אַקציעס. און איצט, ווען דער שטאַב פון גענעראַל מאַק־אַרטור טוט אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך, קעדיי אָנצוהאַלטן דעם טעננאַיזם, פאַרשטאַרקט ער דערמיט אויך די גאַנצע דזייבאַצו־סיסטעם, וועלכע ער וואָלט קלוימערשט באַדאַרפט פאַר־ניכטן.

לאָמיר זיך אָבער אומקערן צו דער ענלעכקייט צווישן דייטשלאַנד און יאַפּאַן. אין יאָר 1870 האָט דאָס הויז פון קרופּ צוגעשטעלט וויל־העלם I אַ ריזיקן באַוואָפענונגס־מאַטעריאַל פאַר זיין מילכאָמע קעגן פראַנקרייך. אין יאָר 1914 האָט די זעלבע טויווע געטאָן קרופּ פאַר וויל־העלם II. נאָך דייטשלאַנדס מאַפּאָלע אין דער ערשטער וועלט־מילכאָמע זיינען סיי קרופּ, סיי „פאַרבען־אינדוסטריע" פאַרבליבן באַ זייער אַמאָ־ליקער פּאָטענץ און עס איז ניט פאַרפירט געוואָרן קעגן זיי אַפילע קיין פּאַראָדיע פון אַ מישפּעט. עס איז געטאָן געוואָרן דאָס אוממעגלעכסטע, קעדיי ניט צו פאַרפלעקן די ביאָגראַפיע פון די מענטשן. פּונקט ווי יאַ־פּאַן אין יאָר 1947, אַזוי האָט דייטשלאַנד אין 1918 זיך געפונען אין

א שווערן עקאָנאָמישן קריזיס, און דאַן האָט אַמעריקע געהאָלפֿן קרופּן, און איבערהויפּט די דייטשישע „דזייבאַצו" — זיי זאָלן פּאַרפֿעסטיקן זייערע טרוסטן, בענק און די איבעריקע עקאָנאָמישע אַנשטאַלטן. אַלס דאַנק צו אַמעריקע פֿאַר דער הילף וואָס זי האָט געגעבן, האָט קרופּ און „פֿאַרבען־אינדוסטריע" אויסגעפֿונען היטלערן, קעדיי ער זאָל דורכפֿירן דאָס וואָס ווילהעלם האָט ניט באַוויזן צו פֿאַרענדיקן, ד"ה דעם קאַמף פֿאַר איבעראַנדערשן די וועלט. און גאָר אינגיכן האָט דאָס שוואַכע, פֿון דער מילכאָמע־אויסגעשעפּטע דייטשלאַנד, זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ באַוואָפֿנטער גרויסמאַכט. היטלער האָט פֿון זיין זייט אויסגענוצט אַלע טאָעסן פֿון די פֿאַרגאַנגענע יאָרן, און צום אַלעם ערשטן די פֿעלערן פֿון ענגלאַנד און אַמעריקע און ער האָט אַ שליידער געטאָן די וועלט אין דעם פֿייער פֿון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע.

איצט ליגן פֿאַר אונדזערע אויגן די טראַגישע בלעטער פֿון דער געשיכטע, פֿאַרגאָסן מיט בלוט פֿון די געפֿאַלענע קעמפֿער און מיט טרערן פֿון אַלמאָנעס און יעסוימים. ווי עס ווייזט אויס אינטערעסירט שוין מער ניט די אַמעריקאַנער די פֿאַרגאַנגענהייט און זיי ווערן ניט ניכטערער פֿון די טרויעריקע לעקציעס. אין יאָר 1947 גייען די אַמעריקאַנער אין יאַפּאַן אויפֿן זעלבן וועג, ווי זיי זיינען געגאַנגען אין דייטשלאַנד נאָך 1918. מען הערט שוין ניט מער פֿון מאַק־אַרטורס שטאַב קיין צאַרנדיקע פּאָדערונגען אַז דזייבאַצו זאָל ליקווידירט ווערן. אָנשטאָט דעם באַווייזט זיך אַ מעלדונג, אַז מאַק־אַרטורס שטאַב האָט דערלויבט דעם מיצוביסי־טרוסט צו באַקומען אַ האַלוואָע פֿון דער מיצוביסי־באַנק, אויף אַ סכום פֿון פֿיר מיליאַרד פֿיר הונדערט ניין און דרייסיק מיליאָן יען, וועלכע וועלן פֿאַרטאָן ווערן אויף ווידעראויפֿבויען די פֿאַבריקן אין נאַגאַיאַ. העענרי פֿאָרד ווייזט אַרויס אַ באַזונדערן אינטערעס צו די אויטאָמאָביל־פֿאַבריקן אין יאָקאָהאַמאַ. דער אַמעריקאַנער טרוסט „דזשענעראַל עלעקטריק" האָט זיך מיטאַמאָל דערמאָנט, אַז די גאַנצע עלעקטרישע אינדוסטריע אין יאַפּאַן נויטיקט זיך אין אַן ערנסטער הילף — און שלאָגט שוין פֿאַר גרויסע האַלוואָעס און געלערנטע ראַטגעבער. אויך האָליוווד הייבט שוין אָן אונטערצושטיצן די קינאָמאַטאָגראַפֿישע אונטערנעמונג „טאָכאָ" און בויט אין יאַפּאַן 500 קינאָ־טעאַטערס, מיט די אויסשליסלעכע רעכט צו ווייזן אַמעריקאַנער קינאָ־בילדער.

עס באַקומט זיך, אַז מיט איין האַנט שרייבט מאַק־אַרטור אונטער עפּעס פּאַפּירן וועגן דזייבאַצוס ליקווידאַציע און מיט דער אַנדערער גיט ער רעאַלע הילף די זעלבע דזייבאַצו, אַז זיי זאָלן וואָס מער אויסשפּרייטן די גרענעצן פֿון זייער איינפֿלוס און זיי זאָלן פֿאַרפֿעסטיקן זייער עקאָנאָמישע פּאָטענץ.

יאָ, עס שיינט, אַז עס קומען אָן פֿאַר זיי בעסערע צייטן און זיי רע־

כּענען אַז זיי וועלן זיך דאַך דערוואַרטן „די קוקאַווקע זאָל אָנהייבן צו זינגען". און ווער קען וויסן, גאַנץ מעגלעך אַז דאַן וועלן זיך די דזייבאַצו קעניגן ווידער דערמאָנען וועגן דעם שטאַרקן וווקס פון געבוירטן אויף די יאַפּאַנישע אינדזלען, וועגן דעם לעבנס־רוים, וועגן קאָלאָניעס, און זיי וועלן ווידער פירן צום טויט מיליאָנען פּאַשעטע מענטשן.

— 12 —

דערווייל אָבער פאַרלירן ניט די „דזייבאַצו ־ קעניגרייכן" אומזיסט זייער צייט. ניין! זיי כאַלעמען וועגן אַן אָנגריף, אָדער וועגן אַ גרויסער מיזרעך־אַזיע. זיי זיינען אַפילע גרייט צו פאַרגעסן די שווערע שלאַכטן אויף דעם וועלט־מאַרק מיט די אַמעריקאַנער עקספּאָרט־פירמעס. איצט האָבן זיי אונטערגעכאַפּט דעם געדאַנק וועגן „האַנדלס־טראַדיציעס", און קיין שום באָמבעס, אָדער מילכאָמעס זיינען ניט אימשטאַנד אַ וואַקל צו טאָן די טראַדיציעס.

דער „שווערער פּעריאָד", — דער פּעריאָד ווען די אַמעריקאַנער האָבן געדראָט דזייבאַצו — איז שוין פאַרשוווּנדן.

איצט זיינען אַנטשטאַנען נייע טעאָריעס וועגן „דער רייכער אַמע־ריקאַנער נעשאָמע", וועגן „דער סוידעספּולער יאַפּאַנישער פּסיכאָלאָגיע" און וועגן „דעם נייעם אַמעריקאַנער יאָרהונדערט". אויף אַלע באַנקעטן האָבן די מיצוביסי און מיצואי־מאַגנאַטן פאַרזיכערט זייערע פריינט, אַז פון דער פריינטשאַפט מיט די אַמעריקאַנער וועט שטאַרק באַרייכערט ווערן די פעאָדאַלע נעשאָמע פון יאַפּאַן. אַ רייכער „האַנדלס־קלוב" פון עפּעס אַ געוויסן אַקיר אַנדאָ — אַ מין סאָרט מענטש פון יענע, וועלכע דזייבאַצו רוקן אַרויס קעדיי זיי זאָלן קענען אין דעם נויטיקן מאָמענט אָפּשטויסן זיי פון זיך און אַפילע איינשפּאַרן אין טפיסע — איז געוואָרן אין טאָקיאָ און אין אָסאַקאַ דער צענטער פון דער אַמעריקאַניש־יאַפּאַ־נישער פריינטשאַפט.

עס פעלגן איינגעאָרדנט ווערן אָוונטן מיט אַזוי גערופענע גיישעס, ווו מען האָט דורכגעפירט טיי־צערעמאָניעס. מען פלעגט אַראָפּברענגען אין די קלובן דעם טעאַטער קאַבוקי, מען פלעגט דעמאָנסטרירן „סומאָ" און „דזשיו־דזשיצו" פייטן, פעכטן. די אַלע דערגרייכונגען פון דער יאַ־פּאַנישער קולטור פלעגט מען באַפּעסטיקן מיט טויזנטער אַלטערטימלעכע שווערדן, וועלכע האָבן קלוימערשט געהערט צו פאַרשיידענע פּרינצן; פעכערס און קימאָנאָס, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר היסטאַרישע זעלטנ־הייטן, גאַנצע קילאָמעטערס פון זיידענע שטאָפן — און דאָס אַלץ פלעגט מען אונטערן נאָמען „סוּווענירן" אָוועקפירן קיין אַמעריקע אַלס מאַטאָ־נעס פון דער סוידעספּולער „יאַפּאַנישער נעשאָמע".

די אַמעריקאַנער פלעגן זייער גערן אַרויספאָרן אין די דאָרפישע זו־

מער־וווינונגען צו שפּילן דאָרט אין גאָלף אָדער גיין אַף יאַגד, אָדער גאָר קעדיי בייצוזיין די „צערעמאָניע פון באָדן זיך פון די נאַקעטע טעכטער פון דעם באַזיגטן פאָלק" אין אַטאַמי און איטאָ.

אַף אַזאַ מין אויפן האָט געבליט דער „קולט" פון יאַפּאַניש־אַמעריקאַנער פריינטשאַפט.

אין די אוניווערזיטעט־קלובן זיינען געזעסן די אַמעריקאַנער צוזאַמען מיט יענע יאַפּאַנער וועלכע האָבן שטודירט אין אַמעריקע די ענגלישע שפּראַך און זיי פלעגן דערמאָנען די אַלטע גוטע צייטן פון פּרינסטאָן, קאָלומביע, מיטשיגאַן און האַרוואַרד. מען האָט מיר אַפילע געוויזן אויפרופן אין די צייטונגען מיט ווענדונגען צו יאַפּאַנישע פרויען, זיי זאָלן קומען אין דאַנסינגס און קאַבאַרעטן צו פאַרווײַלן די אַמעריקאַנער, וועלכע לאַנגווייליקן זיך. און קעדיי מער צו איבערצייגן, האָט מען דאָס אַלץ אַ נאָמען געגעבן „דער פראָנט פון דער פאָלקס־דעמאָקראַטיע".

אַפן מיזבייעך פון איינהאַלטן די „יאַפּאַניש־אַמעריקאַנער פריינטשאַפט" האָבן דזייבאַצו געוואָרפן קליינע קערנדלעך פון זייערע מילכאָמע־האַכנאָסעס און האָבן ניט געהאַט פאַרוואָס עס צו באַדויערן. אַפילע אין דעם אָפיציעלן באַריכט פון סומיטאַמאַ־באַנק געפינט זיך אַ רובריק: פאַרווײַלונגען. אָבער הינטער די טרוקענע, שווייגנדיקע באַנק־ציפערן איז געווען אויסבאַהאַלטן די האָפענונג, אַז די פאַרוויילונגען וועלן מיט דער צייט ברענגען גרויסע רעוואָכים פאַר די טרוסט־מאַגנאַטן.

עס איז גאָר ניט געווען קיין כידעש, וואָס אַף די באַנקעטן האָבן די אַמעריקאַנער באַטיטלט די יאַפּאַנער אַלס „אונדזערע גוטע פריינט". אין גרויסע סאַלאָנען, אונטערן קלאַנג פון קרישטאָלענע בעכערס, אָנגעפילטע מיט פאַרמילכאָמעדיקע ווײַנען, פלעגט פאַרקומען אַ ליבלעכער טויש פון העפלעכקייטן און ניט איינמאָל פלעגט זיך אַנטפּלעקן די „קעגנזייטיקע פאַרשטענדעניש". זייער אָפט, צווישן טעלער מיט דעם טראַדיציאָנעלן יאַפּאַנישן שפּייז „סקיאַקי" און דעסערט־מײַכאָלים, פלעגט אַרויסגערעדט ווערן דאָס פּאָשעטע און אין דער זעלבער צייט זיגרייכע וואָרט — „ביזנעס".

פאַר דער מילכאָמע זיינען די אַמעריקאַנער אָפיצירן געווען געשעפטסלייט, דעריבער קענען זיי פאַרשטיין די ביזנעס־שפּראַך, דאָס הייסט די געשעפט־שפּראַך. עס געפינען זיך אין יאַפּאַן אויך אַזעלכע אַמעריקאַנער אָפיצירן, וועלכע זיינען פאַר דער מילכאָמע געווען פאַרשטייער פון אַמעריקאַנישע טרוסטן אַף די אינדזלען פון דעם שטילן אָקעאַן. די דאָזיקע מענטשן פאַרמאָגן אין יאַפּאַן פריינט און אויסזיכטן — זיי פאַרשטייען אַז אין אַמעריקע וועלן זיי איצט ניט לעקן קיין זיסן האָניק. די אַמעריקאַנער אָפיצירן האָבן גרויס כיישעק צו פאַרפלאַנצן געשעפטס־וואָרצלען אין דעם לאַנד פון אַזעלכע „גינסטיקע מעגלעכקייטן", און

אזעלכע אַמעריקאַנער ווארטן מיט אומגעדולד אַף יענעם גינסטיקן און לאַנג־דערוואַרטעטן טאָג, ווען דזייבאַצו וועט איבערגיין פון די פאַרוויי־לונגען צו געשעפטלעכע און פילצוואָגנדיקע וואָכן־טעג.

דער דראָענדיקער שאָטן פון טויט בלאָנדזשעט שוין מער ניט איבער די הילכיקע גאָלדענע דזייבאַצו־פּאַלאַצן — פאַר זיי האָט ער זיך פאַר־בייגעטראָגן בלויז ווי א ווייטער שטורעם און האָט דאָ אַרויסגערופן ניט מער ווי א לייכטן ווייען פון א ווינטעלע.

:: :: ::

איך האָב געוואָלט באַזוכן די מעטאַלורגישע פאַבריק „מיצוביסי" אין אָסאַקאַ, אָבער די אַמעריקאַנער האָבן מיך ניט אַריינגעלאָזט אַהין. דאָרט געניסן שוין די מעטאַל־קעניגן פון די פּרוכטן פון דער יאַפּאַניש־אַמעריקאַנער פריינטשאַפט. איך האָב געבעטן מען זאָל מיר דערלויבן זען די קאַוואַסאַקי־ווערפטן אין קאָבע, אויך דאָ האָבן די אַמעריקאַנער אויסגעפונען א טערעץ מיך ניט דורכצולאָזן: מעגלעך אַז די ווערפטן וועלן געהערן צו אַמעריקע.

אונדז האָט מען געבעטן זיך צו באַנוגענען מיט כורוועס, ווי איינער רעדט, נאָט, זעט ווי מעכטיק עס איז די אַמעריקאַנער אוויאַציע, ווי זי רעכנט זיך אָפּ מיט די פּאַפּירענע כאַטקעס פון דער יאַפּאַנישער אָרעמקייט.

מיט גרויס מי איז אונדז געלונגען צו באַזוכן די טעקסטיל־פאַבריק „קאַנעבאַ". זעקס אַמעריקאַנער אָפיצירן זיינען אונדז נאָכגעגאַנגען, ווי שאָטנס.

מען האָט אונדז פאָרגעשטעלט דעם הויפּט פון דער „קאַנעבאַ"־געזעלשאַפט. זי פאַראייניקט די באַנוול־פאַבריקן פון אָסאַקאַ, קאָבע און טאָקיאָ. דאָס איז איינע פון די עלטסטע און גרעסטע האַנדלס־געזעלשאַפטן אין יאַפּאַן. ביז צו דער מילכאָמע האָבן די ביליקע „קאַנעבאַ"־שטאָפן זייער העפטיק קאָנקורירט אָפן וועלט־מאַרק מיט ענגלישע און אַמעריקאַנער טעקסטיל־אויסאַרבעטונגען. מיר שיינט, אַז דאָס איז געווען איינע פון די מעכטיקסטע טעקסטיל־געזעלשאַפטן, וועלכע האָט פאַרשאַפט ניט ווייניק אַגמעס־נעפעש די אַלע וועלט־סאָכרים פון טעקסטיל־אויס־אַרבעטונגען.

דער באַלעבאָס פון דער פאַבריק „קאַנעבאַ" — קוראַטי סיראַיאָ, נעמט אונדז אויף אין א גרויסן לוקסוס־קאַבינעט. זיין סעקרעטאַר דערלאַנגט אים א צאָן־שטעכערל, זיך פאַרנייגנדיק ביז צו דער ערד, דער באַלעבאָס האָט נאָרוואָס פאַרענדיקט זיין מיטיק. דער קליינער דיקער מענטשעלע מיט פראַנצויזישע וואָנצעלעך איז פרייליך און מונטער; יעדער זאַץ רעדט ער אַרויס מיט א פולן שמייכל. אין אַלגעמיין מאַכט ער אַן איינדרוק פון א מענטשן, בא וועמען די געשעפטן גייען גוט. לע־

הייפעך ווי דאָס האָבן געטאָן די באַלעבאַטים פון די מיצוביסי־פאַבריקן אין נאַגאַסאַקי, פאַרבאַהאַלט ער גאָר פאַר אונדז ניט זיין גלענצנדיקע צוקונפט. מיט גרויס שטאָלץ אַפילע, ווייזט ער אונדז זיין פאַבריק, וועלכע ער האָט איינגעאָרדנט לויט די לעצטע טעכנישע מיטלען. לויט קוראַטיס ווערטער, וויל ער גאָר מיט קיינעם ניט פירן קיין קאָנקורענץ. די מענטשהייט נייטיקט זיך אין שטאָפן און ער גייט איר אַנטקעגן. דערפאַר האָט ער טאַקע געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט די אַמעריקאַנער טעקסטיל־אונטערנעמונגען. אַ. דאָרט אין אַמעריקע געפינען זיך זיינע אַלטע פריינט. דאָס זיינען אַלץ זייער אָנשטענדיקע געשעפטס־מענטשן. זיי שטעלן צו פאַר אים דעם באַנוול און ער האָט זיי געגעבן אַ שוווּע, אַז זיינע שטאָפן וועט ער אויסאַרבעטן בלויז פון זייער באַנוול. קוראַטי האָט אַפילע געגעבן זיי די אויסשליסלעכע רעכט צו צושטעלן באַנוול פאַר די „קאַנעבאַ"־פאַבריקן. דערפאַר אָבער, מוז ער זיין גאַנצע פּראָדוקציע אָפּשיקן נאָר קיין אַמעריקע. אַלץ, ביז צום לעצטן מעטער מוז ווערן אָפּגעשיקט. פאַרשטייט זיך אַף ביליקע פרייזן נאָר פאַר אַמעריקע. קוראַטי אָנערקענט, אַז פאַר אים איז דאָס געווען דער איינציקער אויסוועג; אויב ניט וואָלט אים אויסגעקומען צו שליסן זיינע פאַבריקן און דערקלערן פאַר געשטאָרבן זיין פירמע, וועלכע עקזיסטירט שוין אַ האַלבן יאָרהונדערט. זיין פאַבריק האָט דאָך געשעמט און איז באַוווּסט נאָך ביז היינט אין אַלע לענדער פון דעם ווייטן מיזרעך. וואָס עמעס איז, אַז ביז דער מילכאָמע האָבן בא אים געאַרבעט הונדערט טויזנט אַרבעטער און היינט — פינף און זיבעציק טויזנט, אָבער די פאַבריקן פאַרגרעסערן זיך פון טאָג צו טאָג, אָדער ריכטיקער געזאָגט זיי לעבן אויף. די „קאַנעבאַ"־פירמע האָט שוין באַקומען פון אַמעריקע זיבעציק טויזנט פּעק מיט באַנוול (יעדער פּאַק האָט 400 פונט). אים באַאוּמרויִקן בלויז די פרייזן, אָבער דאָך האָפט ער, אַז ער וועט ניט דערלייגן. צום שלוס באַמערקט קוראַטי:

„איך בין אַ געשעפטס־מענטש, און פאַרשטיי גאַנץ גוט, אַז די אַמעריקאַנער זיינען געקומען קיין יאַפּאַן — און ניט פאַרקערט"...

אין די צעכן פון דער „קאַנעבאַ"־פאַבריק אין אָסאַקאַ, איבערצייגן מיר זיך, אַז קוראַטיס געשעפטן גייען טאַקע בעעמעס זייער גוט. ער מעג טאַקע זיין גוט געשטימט. אומעטום, סיי באַ די ריזיקע פּעסער, ווו עס ווערט געשוווענקט די לייוונט, סיי באַ די צילינדערס, ווו עס ווערט געוויקלט דער פאָדעם, באַ די וועבשטולן, אין די סאָרטיר־אָפּטיילונגען — זעט מען נאָר פרויען און קינדער. אַף די „קאַנעבאַ"־פאַבריקן פאַרדינט נאָך אַלץ די פרוי, לויטן געזעץ, אַ העלפט פון דעם געהאַלט וואָס עס פאַרדינט אַ מאַן. אַ וועבער אַ מאַנסביל פאַרדינט אין דער פאַבריק 480 יען אַ כוידעש, און אַ פרוי — נאָר 240 יען, האַגאַם זי טוט די זעלבע אַרבעט, האָרעוועט פונקט אַזוי פיל וויפל דער מאַן, און אָפטמאָל אַפילע

מער און ארבעט א סאך בעסער פון א מאן. די קינדער באקומען בלויז א פערטל פון א פרויען־געהאלט, ד"ה 60 יען. אקאדא, דער פאבריק־די־רעקטאר, וועלכער איז מיט אונדז מיטגעגאנגען האט פארזיכערט, אז די אלע קינדער זיינען ניט אינגער פון 18 יאר, נאר מיר האבן גאנץ לייכט פעסטגעשטעלט, אז דער עלטסטער פון די אלע טויזנטער קינדער, וועלכע מיר האבן געזען בא די שווערסטע ארבעטן איז ניט עלטער פון 15 יאר. מיר פלעגן זיך באגעגענען אויך מיט צען און צוועלף־יעריקע קינדער.

ווי אזוי קומען זיי אהער? פארוואס מוזן נאך אלץ קינדער באריי־כערן דזייבאצו־מאגנאטן? פאר די לעצטע צענדליקער יארן איז די וועלט ניט איינמאל אויפגעשוידערט געווארן פון די פעאדאלע, מיטלאלטערלעכע ארבעטס־באדינגונגען אין די יאפאנישע פאבריקן. איצט אבער פאררע־כענען די אמעריקאנער דאס אלץ אפן כעשבן פון „די סוידעס פון דער יאפאנישער פסיכאלאגיע". זיי קענען, קלוימערשט, גאר אנדערש ניט לעבן. בא די יאפאנער זיינען די קינדער, קלוימערשט, צוגעוווינט צו הא־רעווען. אינדערעמעסן אבער גייען 8־יעריקע קינדער הארעווען אין די פאבריקן גארניט אוים ליבע צום הער קוראטי, און ניט פון געוווינהייט. די קינדער ווערן פראסט און פאשעט פארקויפט צום באלעבאס אף צען יאר. קוראטי וויל דאס ניט אנרופן מיט אזא פראסטן ווארט ווי — „אפ־געקויפט" — ער האט דאך געשלאסן אן אפמאך מיטן קינדס קרויווים. זיי האבן דאך דעם אפמאך אונטערגעשריבן מיטן גוטן ווילן, קיינער האט דאך זיי דערצו ניט געצוואונגען, קיינער ניט. אייגנטלעך איז יא געווען אזא קויעך — דער הונגער. אבער וועגן דעם זאגט קוראטי גארניט. אוים־נוצנדיק די קינדער־ארבעט, האט קאנעבא געקענט זייער לייכט נאך פאר דער מילכאמע פירן א קאנקורענץ מיט יעדער ענגלישער אדער אמערי־קאנער פאבריק און קען אויך איצט א דאנק דעם ליפערן אירע שטאפן אף גאר ביליקע פרייזן אין אמעריקע. מען מעג זיין זיכער, אז קוראטי וועט ניט באנקראטירן. ער וועט שוין פארבינדן אן עק צו אן עק. ער אליין איז זיך דאך מוידע, אז „מיט ביליקע ארבעטס־הענט, קען מען באזיגן די גאנצע וועלט".

— ווי לעבט זיך אייך? — פרעגן מיר בא די קינדערלעך.

זיי רינגלען אונדז ארום, און ענטפערן, איבערשלאגנדיק איינער דעם צווייטן:

— מיר קענען אייך גארניט נישט זאגן. קומט אבער צו צו אונדז אין אוונט אהין, — און זיי ווייזן אונדז אן אף א נידעריקן לאנגן הויז, ווו קוראטי האט איינגעארדנט פאר זיי א וווינונג.

דער לייטענאנט ברעדלי איז צעמישט, ער פרעגט אפילע באם די־רעקטאר:

— ווי אזוי לאָזט איר גאָר צו צו אזא מין זאַך?

אָבער זיין כאַווער, דער לייטענאַנט סקובי באַרויִקט אים:

— איר זעט דען דאָס צום ערשטן מאָל? אויב אזוי קענט איר גאָר ווייניק יאפּאַן, לייטענאַנט, אזוי איז אומעטום!

איצט האָבן זיך שוין אויך די אַמעריקאַנער פּאַראַנטערעסירט. זיי וואָלטן אויך געוואָלט זען, ווי אזוי לעבן די אַלע קינדערלעך און אויך די מיידלעך וועלכע שווענקען אין די פעסער דעם לייוונט, שטייענדיק ביז צו די קני אין וואַסער.

מיר בעטן מען זאָל אונדז ווייזן זייער וווינונג. מען פירט אונדז אין די באַראַקן, וועלכע פאַרנעמען קימאַט די גאַנצע גאַס. באַם אַריינגאַנג שטייט אַן אויפזעער. די באַראַקן ווערן צעטיילט מיט דער הילף פון ווענטלעך, — די אזוי גערופענע סיאַדזי, וואָס צערוקן זיך אַף פּירעקיקע צימערלעך, פינף מעטער די ברייט אַף זעקס די לענג. דער פּאָל איז באַדעקט מיט טעפּיכלעך — טאַטאַמי. מער איז אין דעם צימערל גאָר ניטאָ. נעמענדיק אַפילע אין אַכט, אַז די יאַפּאַנער זאָגן זיך אינגאַנצן אָפּ פון מעבל — בעטן, שאַפעס, בענקלעך, דאָך ווערט מען איבערראַשט פון דעם, אַז אין די קאָלעקטיווע צימערלעך פעלן אוים פאַר די אינגלעך און מיידלעך די עלעמענטאַרסטע און נויטווענדיקסטע זאַכן, אַפילע פון דעם יאַפּאַנישן שטאַנדפּונקט. זיי פאַרמאָגן ניט קיין קימאָנאָ, אָדער אַ וועלכן ניט איז יאָנטעוודיקן בעגעד. זיי האָבן דאָס נאָך ניט פאַרדינט — ווייל זיי אַרבעטן דאָך נאָר דריי יאָר. זיי קלייבן זיך ניט אַפילע צו קויפן פאַר זיך אַ קימאָנאָ, ווען זיי וואָלטן שוין יאָ פאַרמאָגט געלט. איצט טראָגט מען שוין מער ניט אין אָסאַקאַ קיין קימאָנאָס. דערצו הונגערט דאָך אין דאָרף די גאַנצע מישפּאָכע און וואַרט אַף הילף. אזוי דערקלערט אונדז איינער, אַ צוועלף־יאָריקער אינגעלע מיטן נאָמען טאַמאַסי.

אין יעדן צימער, זיי זיינען אַלע קימאַט פון דער זעלבער גרוים, וווינען פינף און צוואַנציק מיידלעך. ווי אַלע יאַפּאַנער, שלאָפן זיי אַף דער ערד. אָבער ניט אַף מאַטראַצן, נאָר פּאָשעט אַף די טעפּיכלעך, צוגעטוליעט איינע צו דער אַנדערער. זיי האָבן קליינע קישעלעך און אַלטע וואַטענע קימאָנאָס אין וועלכע זיי שלאָפן. דאָס גיט זיי אַרוים די פאַבריק. די קינדער שלאָפן אַף אַ ברייטן דינעם טעפּיך, וועלכער ווערט פאַרשפּרייט אַף די טעפּיכלעך. זיי פאַרמאָגן ניט קיין וועש און ניט קיין קאָלדרעס. זיי רעכענען דאָס צו האָבן אין צען יאָר אַרום. דערווייל אָבער לעבן זיי מיט האָפענונגען.

פינף אַזייגער פאַרטאָג וועקט מען אויף די אַרבעטער. פאַרן אוועקגיין אין פאַבריק צו דער אַרבעט זיינען זיי פאַרפליכטעט אויסצורייניקן און אָפּגעבן דעם אויפזעער זייערע קימאָנאָס — דער אויפזעער איז זייער אַלמעכטיקער הערשער. זיי מוזן אויך אויפרוימען זייער צימערל און

אויך גיין נעמען זייער פּאַרציע: אַ שיסעלע שיטערע זופּ, געקאָכט פון יאַם־גראַז, וואָס מען גיט זיי אַרויס אַפן גאַנצן טאָג. רייז ווערט זיי אַרויסגעגעבן בלויז איין מאָל אין וואָך, דערצו ווייט ניט פון ערשטן און אפילע ניט פון צווייטן סאָרט, ווייל דער בעסטער רייז ווערט פאַר־טיילט פאַר די גוטבאַזיצער און די פּריסטער פון די טעמפּלען. דער אַרבעטס־טאָג הייבט זיך אָן זעקס אַזייגער אינדערפרי. אין אָוונט קלייבן זיך די אַרבעטער ווידער צונויף אין זייערע באַראַקן; דאַן בלייבן זיי ליגן אַף דער ערד פאַרמאַטערטע און שווייגן. אַמאָל דערלויבט זיי דער אויפזעער אַרויסצוגיין אויסער דעם פאַבריק־הויף. דאָס געשעט איין מאָל יעדע צוויי וואָכן. דאַן גייען זיי אָדער אין אַ דערבייאיקן פּאַרק אָדער אַף די גאַסן ווו עס געפינען זיך די קינאָ־טעאַטערס. אין אָסאַקאַ איז דאָ אַזאַ מין גאַס. דאָרט ווערן געוויזן הויפּטזעכלעך אַמעריקאַנער ביל־דער, אָבער די מיידלעך באַנוגענען זיך בלויז מיטן קוקן אַף בילדלעך אין די שויפענצטער. אַריינגיין אין קינאָ דאָס איז ניט פאַר זיי: צוויי יען קאָסט אַ בילעט און דאָס איז פאַר זיי אוממעגלעך אויסצוגעבן. די מיידלעך כאָלעמען וועגן עפּעס בעסערע טעג. זיי מוזן דאָך סאָפקאָלסאָף אַמאָל קומען. מענטשן קענען דאָך ניט לעבן לאַנג אַף אַזאַ מין אויפן.

— און ווי אַזוי שטעלט איר אייך פאָר די בעסערע טעג? — פרעג איך בא זיי.

אַף דער פראַגע איז זיי שווער צו ענטפערן טייקעף. זיי מוזן אַ טראַכט טאָן, ווי אַזוי עס וועלן אויסזען די בעסערע טעג. און דאָך איינִיקן זיי זיך אַלע אַף איין געדאַנק, אַז דער גליקלעכסטער וועט פאַר זיי זיין יענער טאָג, ווען מען וועט זיי דערלויבן אין די פרייע שאָען נאָך דער אַרבעט צו גיין ווען זיי ווילן און וווּהין זיי וועלן נאָר וועלן, און אויך אויב זיי וואָלטן געקענט באַטש פאַר אַ יאָר אַרבעט זיך אָפּ־שפּאָרן געלט אַף צו קענען קויפן אַ ביליק פראָסט ציצן קליידל. און צום סאָף — דאָס העכסטע גליק — אַ קליין שטיקעלע פיש, זאָל דאָס זיין ניט יעדן טאָג — בלויז איין מאָל אין וואָך; יאָ, אויך זאָל מען קענען גיין אין קינאָ און טעאַטער.

— דאָס איז אומגעפער אַלץ!

מער פון דעם פאַרלאַנגען זיי ניט. איצט איז דאָס זייער איינציקער טרוים. אַף דעם איינִיקן זיי זיך אַלע. עמעס, אַז זיי אַליין גלויבן קוים, אַז אַזאַ מין צייט קען אַמאָל קומען, אָבער קיינער קען בא זיי ניט צו־נעמען דאָס רעכט צו האָפן.

איך קוק זיך אום און באַמערק אין דעם טונקעלן פאַרנאַכט די אַנטשוויגן־געוואָרענע אַמעריקאַנער אָפיצירן, וועלכע זיינען מיט אונדז מיטגעפאָרן צו דער פאַבריק. זיי האָבן זיך אויך צוגעהערט צו די דער־ציילונגען פון די מיידלעך פון דער קאַנעבאַ־פאַבריק. זיי זיינען אַ ביסל

פאַרוואונדערט. באַ מיר באַקומט זיך אַן איינדרוק, אַז זיי אַליין באַקענען זיך ערשט איצט מיט יאַפּאַן, ווי זיי ווינען שוין קימאַט אַ גאַנץ יאָר.

— מיר ווע‏לן שוין באַקומען דעם עמעסן פּסאַק דערפֿאַר וואָס מיר האָבן אייך דאָס אַלץ באַוויזן, — כאַפּט זיך מיטאַמאָל דער לייטענאַנט סקובי, — כאָטש אַזעלכע זאַכן קאָן מען ניט אויסבאַהאַלטן.

דאָס אַלץ רייסט זיך אַרויס ניט ווילנדיק באַם לייטענאַנט, און ער גייט אָפּ אין אַ זייט — ער איז אַפילע אויפגערעגט. צום ערשטן מאָל זעען מיר עמעסע שקלאַפן — ייִנגלעך און מיידלעך — מיר זעען דאָס אויטענטישע שקלאַפערישע פעאָדאַלע יאַפּאַן.

מיר פאַרלאָזן די „קאַנעבאַ"־פאַבריק און וווּנדערן זיך, ווי איז דאָס מעגלעך אַז אין יאַפּאַן, וועלכע פאַרמאָגט פאַבריקן איינגעאָרדנטע לויט די פאָרגעשריטנסטע טעכנישע איינריכטונגען, מיט מאַשינען, וועלכע זיינען באַשאַפן לויט דער וועלטלעכער טעכנישער ציוויליזאַציע, זאָל פאַרבלייבן די פעאָדאַלע אַרבעט־סיסטעם און פעאָדאַלע לעבנס־באַדינגונגען פון דעם XVI יאָרהונדערט. נאָר ניט דאָס אַליין וווּנדערט אונדז: ווי איז דאָס מעגלעך, אַז די אַמעריקאַנער, וועלכע פראָקלאַמירן זיך ווי די טרעגער פון דער נייער קולטור און פון דער הויכער ציוויליזאַציע, זאָלן דערלאָזן אין יאַפּאַן דעם לעבנס־שטייגער און די אַרבעטס־באַדינגונגען פון דעם XVI יאָרהונדערט.

די אַמעריקאַנער פאַרזיכערן, אַז איצט קומט פאָר דער פּראָצעס פון דעמאָקראַטיזירן און דאָס וועט אומברענגען דעם דזייבאַצו־סיסטעם און אויך זייערע פעאָדאַלע שקלאַפערישע לעבנס־באַדינגונגען. דערביי דערמאָנען זיי די נעמען פון סידעהאַרא און יאָשידאַ, וועלכע וועלן, קלוימערשט, דעמאָקראַטיזירן יאַפּאַן.

מיילע, מיר וועלן זיך אויך צו זיי צוקוקן.

— 13 —

אַף דער רווישיקער באַן־סטאַנציע אין דער שטאָט אָסאַקאַ, האָב איך זיך באַגעגנט מיטן באַראָן סידעהאַרא קידזיראָ. ער איז געקומען צופאָרן פון טאָקיאָ און איז אויפגענומען געוואָרן ווי אַ זיגער. די זשורנאַליסטן האָבן אים אַרומגערינגלט און ער, גייענדיק, האָט זיי צוגעוואָרפן אַ פראַזע, אַז ער סידעהאַרא, שטיצט יאָשידאַ סיגערו. און אויך צוגעגעבן אַז עס וועט אים פרייען, אויב די צוויי נייע יאַפּאַנישע פּאַרטייען — די ליבעראַלע און די פּראָגרעסיווע — וועלן זיך צונויפגיסן. גלייך נאָך דעם האָט זיך סידעהאַרא אויסגעדרייט מיטן רוקן צו די זשורנאַליסטן און פאַרגעזעצט זיין שמועס מיט די אַמעריקאַנער. מען האָט זיך צו אים באַצויגן, ווי צו אַ מענטשן, וועלכער פאַרקערפּערט מיט זיך גלייכצייטיק די פאַרגאַנגענהייט און די צוקונפט פון יאַפּאַן. איך האָב דאָס אַלץ באַ־

טראכט פונדערווייטנס, און דער לייטענאנט, וועלכער איז מיר נאָכגעגאנגען טריט נאָך טריט, האָט מיר געזאָגט:

— קומט שוין, דאָ קען אונדז גאָרניט אינטערעסירן!

— פאַרוואָס גיט מען סידעהאַראַן אַפֿ אַזוי פיל קאָוועד? — פרעג איך.

— ווער ווייסט זיי דאָרט, דאָס איז „הויך־פּאָליטיק".

דער לייטענאנט האָט געהאַלטן פאַר בעסער ניט אַריינצומישן זיך אין דער „הויך־פּאָליטיק". נאָר מיר האָבן זיך דעם זעלבן אָוונט באַגעגנט מיט די דעמאָקראַטישע טוערס פון אָסאַקאַ. דאָס איז געשען אין אַ קליינעם יאַפּאַנישן רעסטאָראַן, וווּ מען האַנדלט בלויז מיט „קאַרי" — אַזוי הייסט אַנגעשאָבענער אייז פאַרפאַרבט מיט אַ ראָזעוון זאַפט — ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבן מיר דאָרט געשמועסט וועגן דער פּאָליטישער לאַגע אין יאַפּאַן. דער אַמעריקאַנער לייטענאַנט איז צוויי מאָל אַנטשלאָפן געוואָרן אין זיין האַרטן קיליפּוטן־פּאַטעל. ער פלעגט זיך אויפכאַפּן פון די הויכע אָדער צאָרנדיקע אויסגעשרייען פון די באַזוכער פון דעם באַר.

— איר האָט נאָך אַלץ ניט פאַרענדיקט? — פלעגט ער מיך פרעגן.

— מיינע הערן, שוין צייט צו גיין שלאָפן.

— ניין, מיר וועלן נאָך בלייבן זיצן אַ ביסל, — ענטפער איך. — זיי וואָלטן אייך אויך געקענט אויפקלערן אייניקע עלעמענטאַרע עמעס, דאַן וואָלט איר בעסער פאַרשטאַנען, פאַרוואָס אַפֿ דער „קאַנעבאָ"־פאַבריק לעבט נאָך אַלץ דער פעאָדאַליזם.

דער אַמעריקאַנער אָבער האָט געהאַלטן, אַז כאַפּן אַ דרעמל איז בעסער. האָבן מיר אים געלאָזט צו רו.

דריי יאַפּאַנישע דעמאָקראַטן־פּראָפעסאָרן האָבן מיט אַ פאַרביטערונג דערמאָנט יענע טעג, ווען אַפֿ דער פּאָליטישער אַרענע האָבן זיך ווידער באַוויזן צוויי געשטאַלטן, וועלכע זיינען אַרויסגעריסן געוואָרן פון דער פאַרגאַנגענהייט — סידעהאַראַ קידזיראַ און יאָשידאַ סיגערו.

אין יענעם נעפּלדיקן טאָג, ווען אַפֿ דער קריגס־שיף „מיסורי" זיינען אַרויפגעשטיגן אָנגעטאָן אין פראַק און צילינדערס די מאָרעשנוירעדיקע שעלוכים פון יאַפּאַן, האָט זיך פאַר אַלעמען אויסגעוויזן אַז זיי שרייבן אונטער ניט נאָר דעם אַקט פון קאַפּיטולירן, נאָר אויך דעם טויט־אורטייל פאַר אַלע רעאַקציאָנערע און פאַשיסטישע קויכעס פון יאַפּאַן. די אַרמיי און דער פלאָט זיינען זיך צעפאַלן. די אַנגרייפערישע יאַפּאַנישע קריגס־מאַשין, וועלכע איז באַשאַפן געוואָרן דורך די פאַשיסטישע, נאַציאָנאַליסטישע און פינאַנציעלע קליקעס, איז איצט געלעגן צווישן די פאַרויכערטע כורוועס פון טאָקיאָ, אָסאַקאַ, הירואָשימאַ און נאַגאַסאַקי. מען האָט געגלויבט אַז די נאַציאָנאַלע שאַנדע וועט געבוירן אַ גאָר נייעם יאַפּאַן. דאָס פאָלק האָט געשטרעבט (נאָך איצט אויך) צו דעם אָבער דאָס

„נייע יאפּאַן" איז פאַרבליבן אויף ווייטער אַן אויטאָפּישער טרוים. די אַמע־ריקאַנער טוען אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך, כדי צו האַמעווען די דע־מאָקראַטיזירונג פון יאַפּאַן. קודם־כל האָבן זיי אָנגעהויבן צו שטיצן דעם באַראָן שידעהאַראַ מיט זיין מיניסטאָרן־קאַבינעט. מיט דעם האָבן זיי געגעבן אָנצוהערן, אַז שידעהאַראַס טראַדיציאָנעלע פּאָליטיק איז זיי צום האַרצן.

שידעהאַראַן האָט מען שטענדיק גערופן — „דזייבאַצוס שאָטן". גלייך נאָך יאַפּאַנס קאַפּיטולאַציע, זיינען אַנטשטאַנען אין יאַפּאַן צוויי נייע פּאָליטישע פּאַרטייען: די ליבעראַלע און די פּראָגרעסיווע. עס זאָגט זיך בקיצור „נייע". אַלע האָבן מיט טיפן ערנסט באַהאַנדלט די אַנטשטיי־אונג פון די פּאָליטישע קרייזן, האָט דאָס גאַנצע פּאָלק, אַלע געזעל־שאַפטלעכע טוער און אַפילו די אַמעריקאַנער האָבן גאַנץ גוט געוווּסט, אַז די ליבעראַלע פּאַרטיי איז ניט עפּעס אַנדערש ווי דער המשך פון דער סעיוקיי־פּאַרטיי, און די פּראָגרעסיווע פּאַרטיי איז די פאַרמאַסקיר־טע מינסעיטאַ־פּאַרטיי. אין פאַרלויף פון איר גאַנצער געשיכטע האָט די סעיוקיי־פּאַרטיי פאַרגעשטעלט מיט זיך די אינטערעסן פון דעם מיצואי־טרוסט; און די מינסעיטאַ־פּאַרטיי האָט אין משך פון איר פּאָליטי־שער עקזיסטענץ געקעמפט פאַר די אינטערעסן פון מיצוביסי. די דער־מאָנטע צוויי פּאַרטייען — סעיוקיי און מינסעיטאַ — זיינען אַנטשטאַנען אונטער דעם איינפלוס און מיט דער ברייטסטער שטיצע פון צוויי גרעס־טע וועלט־טרוסטן. אין דער שפּיץ פון די צוויי פּאַרטייען זיינען גע־שטאַנען שטענדיק ווי פּאָרזיצערס, אָדער גענעראַלן, וועלכע זיינען גע־שטאַנען נאָענט צו מיצואי און מיצוביסי, אָדער מענטשן, וועלכע שטאַ־מען פון מיצואי און מיצוביסי. אייגנטלעך זיינען דאָס געווען צוויי „מיש־פּאָכע־פּאַרטייען" פון דזייבאַצו; פּונקט אויף דעם זעלבן אופן, ווי די גאַנצע עקאָנאָמיק, די אַלע לעבנס־קוואַלן פון יאַפּאַן, זיינען געווען אַ מיש־פּאָכע־אייגנטום פון דזייבאַצו.

און גלייך נאָך זייער מאַפּאָלע האָבן זיך די פּאַרטייען מינסעיטאַ און סעיוקיי אויף גיך אַ נאָמען געגעבן, איינע — ליבעראַלע פּאַרטיי און פּראָגרעסיווע פּאַרטיי — די אַנדערע. אין יענער אומקלאָרער צייט איז נויטיק געווען אויסצוגעפינען „לידערס" פאַר די צוויי „קלוימערשט נייע פּאַרטייען". און דאַן איז שידעהאַראַ קידזוראָ געוואָרן דער לידער פון דער פּראָגרעסיווער פּאַרטיי און יאָשידאַ סיגערו — פון דער ליבעראַלער. דערמיט איז פאַרבליבן גאַנץ די פאַרבינדונג צווישן די צוויי רעאַקציאָ־נערע פּאַרטייען מיט מיצוביסי און מיצואי, און דער צוזאַמענבונד פון אַלע רעאַקציאָנערע קרייזן איז באַהילפיק געווען באַם צוזאַמענשטעלן אַ מיניסטאָרן־קאַבינעט, וועלכן מען האָט באַטיטלט אַלס „דעמאָקראַ־

טישער״. אינדערעמעסן אָבער איז אויך דער קאַבינעט פאַרבליבן, פּונקט ווי שטענדיק א „דזייבאַצו־קאבינעט״.

די אמאַליקע פירערס פון סעיוקיי־פּאַרטיי פירן ווייטער אָן מיט דער פּאָליטישער טעטיקייט פון דער ליבעראַלער פּאַרטיי. אַף דער צייטונגס־אַלייע אין טאָקיאָ, אין א הויכער, מאָדערנער געביידע, וווּ עס געפינט זיך דער שטאַב פון דער „ליבעראַלער פּאַרטיי״ קען מען באַגעגענען אסידאָן, האיאסין און צעכאראן — די אמאַליקע אַקטיווע טוערס פון סעיוקיי. דער פּאָרזיצער פון דער ליבעראַלער פּאַרטיי יאָשידא סיגערו, דער מאַן וועלכער דאַרף עס באַקעמפן די אַלע מיליטאַריסטישע און אָנגרייפערישע קויכעס פון יאפּאַן, קרעמפּירט זיך ניט און לאַדט איין צו זיך אין זיין רעזידענץ דעם מאַרקיז האסאקאַווא, דעם הויפּט־דירעקטאָר פון מיצואי־טרוסט, אינעדא סייכין און אויך איינעם פון די הויפּט־זייַלן פון דעם טאָטאַליטאַרן „פאַרבאַנד פאַר הילף דעם טראָן״ — גאָטאָ ריונאסקע. זיי פירן צווישן זיך לאַנגע וויקוכים וועגן דעם, ווי אַזוי זאָל מען ווי אמבעסטן אַרויסגעבן די לעבנס־געשיכטע פון דעם פּרינץ קאנאָע (דער פּרינץ קאנאָע איז געווען דערקלערט אַלס קריגס־פאַרברעכער און איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד ערעוו זיין אַרעסט), קעדיי צו באַזינגען פאַר די קומענדיקע דורעס די „גרויסע טאַטן״ פון יענעם פינצטערן לידער פון דעם אַגרעסיוון יאפּאַן.

סידעהאַרא, וועלכער איז איצט דער פּאָרזיצער פון דער פּראָגרעסיווער פּאַרטיי, שפּאַרט זיך אָן אַף אַזעלכע טוערס פון דער מינסייטאָפּאַרטיי, ווי: אינאַ — אייגנטימער פון אַן אויטאָמאָביל־טרוסט; קאיאַמא — א זייד־קעניג און סאַקוראַי — דער געוועזענער פּאָליטישער ראַטגעבער בא דער יאפּאַנישער אַרמיי אין בירמאַ.

און זיי אַלע דאַרפן דאָס אַרויספירן יאפּאַן אַפן וועג פון דעמאָקראַטיע.

פון אָנפאַנג האָבן די אמעריקאַנער צוגעצויגן אַפן פּאָסטן פון פּרעמיער־מיניסטער סידעהאַרא קידזירא. דער באַראָן, וועמענס פרוי ס׳איז געווען די אינגערע שוועסטער פון דעם באַראָן איוואסאקי — דער אייגנטימער פון די אומצאָליקע מיצוביסי־אויצרעס, — איז געווען פּאַשעט א געווינס פאַר די יאפּאַנישע רעאַקציאָנערן. דער פעסטער בונד צווישן סידעהאַרא מיט דער פינאַנץ־קליקע, וועלכע האָט צוגעגרייט די מילכאָמע, איז נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן נאָך זיין זונס כאַסענע מיט דער טאָכטער פון נאַמוראַ מאַטאַגאַרו, דער אייגנטימער פון איינעם פון די גרעסטע בענק „נאַמוראַ״, פּאָרזיצער פון דער געזעלשאַפט „נאַמוראַגאַמעי״, א מענטש, וועלכער איז רייך געוואָרן נאָכן יאפּאַנישן אָנגריף אַף כינע און מאַנדזשוריע. ווי עס איז באַוווּסט, איז נאַמוראַס ציניזם

דערגאַנגען אזוי ווייט, אַז ער האָט זיך אַמאָל מוידע געוועזן, אַז מיט יעדן שאָס פון אַ יאַפּאַנישן האַרמאַט, ווערט דאָס נאַמוראַ־הויז שטאַרקער.

סידעהאַראַ איז אַמאָל געווען איינער פון די הויפּט־קעמפער פאַר דורכפירן די מיצובּיסי־מיצואי־פּאָליטיק, וועלכע איז געווען אויסגערעכנט אויף פאַרכאַפּן כינע און מאַנדזשוריע. צוויי מאָל איז ער געווען יאַפּאַני־שער אויסערן־מיניסטער אין יענע קאַבינעטן וועלכע זיינען געשטאַנען בײַ דער מאַכט פון יוני 1924, ביז נאָך דעצעמבער פון 1931. אין אַ גע־וויסער צייט איז סידעהאַראַ געווען דער אידעאָלאָגישער פירער פון דער „מעסיקער ארייינדרינגונגס־פּאָליטיק”, די פּאָליטיק רופט מען אָפטמאָל „סידעהאַראַ־פּאָליטיק”. אָבער יענע „מעסיקייט” איז נאָר געווען אַן אויס־געצייכנט שפּאַניש ווענטל, וועלכעס סידעהאַראַ האָט באַשאַפן קעדיי צו באַשיצן די אינטערעסן פון דער מעכטיקער דזייבאַצו־קליקע. צוויי מאָל איז סידעהאַראַ געווען אין שליכעס אין אַמעריקע און בײַ זיין צוריקקער קיין יאַפּאַן האָט ער אַ געוויסע צייט געשטיצט די פּאָליטיק פון געבן האַנאָכעס די אַמעריקאַנער מאָנאָפּאָליסטן.

דעריבער עפּשער, איז סידעהאַראַ, נאָך יאַפּאַנס מאַפּאָלע געוואָרן די פּאַסיקסטע פיגור, וועלכע וואָלט אימשטאַנד געווען צו פאַרבינדן מיט אַ בריק די פאַרגאַנגענהייט מיט דער קעגנוואַרט און די קעגנוואַרט מיט דער צוקונפט.

סידעהאַראַ האָט סימבאָליזירט און פאַרקערפּערט מיט זיך די אַלע קויכעס, קעגן וועלכע די אַמעריקאַנער האָבן קלוימערשט געקעמפט, אָבער אין דער ווירקלעכקייט אָפּגעהיט. „סידעהאַראַ איז דער ליבלינג פון די אַמעריקאַנער” — דאָס האָב איך ניט איינמאָל געהערט אין טאָקיאָ. דאָ האַנדלט זיך אָבער ניט וועגן דער פּערזענלעכער סימפּאַטיע פון די אַמע־ריקאַנער גענעראַלן. דער טאָך ליגט אין דער פּאָליטיק, וועלכע סידע־האַראַ האָט אָנגעהויבן דורכצופירן ווערנדיק פּרעמיער־מיניסטער. קוי־דעמקאָל האָט ער אָפּגעהיט פון אַ פאַרניכטונג די ריזיקע טרוסטן מיצואי און מיצובּיסי, סומיטאַמאַ און יאַסודאַ. ער האָט ווידער צוריקגעקערט דעם אימפּעראַטאָר היראָהיטאָ זיין הייליקייטס־ראַנג. ער האָט אָנגעטאָן אַ צוים אויף די יאַפּאַנישע דעמאָקראַטישע קויכעס און האָט אַפילע גוט־געהייסן דעם פּאָליציייאישן קאַמף קעגן די שטרייקן, וועלכע באַדראָען, קלוימערשט, ניט נאָר דאָס נייע יאַפּאַן, נאָר אויך און הויפּטזעכלעך די אַמעריקאַנער אינטערעסן. אַזאַ אַרט טעטיקייט פון סידעהאַראַ האָט נאָר ארויסגערופן אַ בייזן און שטורמישן צאָרן באַם יאַפּאַנישן פאָלק.

אין יענע אומרויִקע מײַ־טעג פון יאָר 1946 האָט זיך פאַקטיש אַנטשיידן דער גויר̈ל פון דער דעמאָקראַטיע. פון אינדערפרי ביז שפּעט באַנאַכט פלעגן פאָרקומען אין אַלע יאַפּאַנישע שטעט ריזיקע דעמאָנס־טראַציעס: דאָס פאָלק האָט געפאָדערט דעמאָקראַטישע פרייהייטן. דער

באראָן סידעהארא האָט מוירע געהאַט זיך צונויפּטרעפן פּאָנעם־על־פּאָנעם מיטן צאָרן פון פאָלק און ער האָט באַשלאָסן צייטווייליק זיך אויסצו־באַהאַלטן אין שאָטן און אָנשטאָט זיך, האָט ער ארויסגעשטעלט אַן אַנ־דער פיגור, ניט ווייניקער רעאַקציאָנער, ווי ער אַליין. דאָס איז געווען יאָשידא סיגערו. אפילע אַזא קאָנסערוואַטיווע צייטונג ווי „מײַניטי" איז געווען געצוווּנגען צו באַמערקן, אַז „דער יאָשידא־קאבינעט וועט זיין א צווייטע, שלעכטע אויפלאַגע פון סידעהאראס קאבינעט וועלכער גייט אוועק אין דעמיסיע". צומאָרגנס האָט יאָשידאַ מיט ניסים בייגעקומען די פארצווייפלונג, וועלכע ער און זיין פריינט סידעהארא האָבן איבערגע־לעבט מיט א טאָג פריער, און געבילדעט א רעאַקציאָנערן קאבינעט.

אַף אַזא מין אויפן איז געקומען צו דער מאַכט א מענטש, וועלכער איז אפילע ניט געווען קיין דעפּוטאַט און מיט אים צוזאַמען האָבן אויך אויפגעהויבן זייערע קעפּ די יאפּאנישע רעאַקציאָנערע קויכעס. געדוכט האָט זיך, אַז פּאַקטיש האָבן זיי געדאַרפט האָבן פאַרענדיקט זייער פּאָ־ליטישן לעבן נאָך אין יענע טעג, ווען עס איז אונטערגעשריבן געוואָרן דער קאפּיטולאַציע־אַקט אַף דער שיף „מיסורי".

יאָשידא סיגערו וועלכן די אַמעריקאַנער האָבן אויך געשטיצט, איז אין פאַרלויף פון זיין גאַנצן לעבן געווען אַן איבערערייס פאַרבונדן מיט דער יאַפּאַנישער אַגרעסיוועער פּאָליטיק, און אַפן ערשטן פּלאַן מיט אַלע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע צילן פון דזייבאַצו. יאָשידא סיגערו האָט זיך באוויזן צום ערשטן מאָל אַף דער פּאָליטישער ארענע אין יאָר 1928 אַלס וויצע־מיניסטער פאַר אויסלענדישע איניאָנים. זיין גייסטיקער לע־רער אין יענער צייט איז געווען דער באַרימטער באראָן טאַנאַקאַ; זיינע בעסטע פריינט אין יענע יאָרן זיינען געווען — דער וויצע־פּאָרזיצער פון דעם פאַרלאַמענט מאָרי איטארו און דער גענעראַל מאַצוּי איוואנע, וועל־כער געפינט זיך היינט אין טאָקיאָ אין דער סוגאַמער טפיסע. אין די דרייסיקער יאָרן איז ער געשיקט געוואָרן קיין איטאַליע אַלס אַמבאַסאַ־דאָר און דאָרט האָט זיך אים איינגעגעבן אויסצופויעלן דאָס אָנערקענען פון מאַנדזשו־גאָ. שפּעטער האָט מען אים געשיקט קיין לאָנדאָן און דאָרט האָט ער „איבערצייגט" די געוועלטיקייט פון דעם יאפּאנישן אָנגריף אַף מאַנדזשוריע און אין יאָר 1936 האָט ער צוזאַמען מיט פאָן ריבענטראָפּן צוגעגרייט דעם „אַנטיקאָמינטערן־פּאַקט".

יאָשידא איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פּאָרזיצער פון דער ליבע־ראַלער פּאַרטיי וועלכע איז באַשאַפן געוואָרן אַף דער באַזע פון סעיוקיי, און וועלכע האָט פאַרטראָטן די אינטערעסן פון מיצואי; לויט די פאַר־אָרדענונגען פון די טראַדיציאָנעלע געזעצן פון דזייבאַצו — האָבן די לי־דערס פון זייערע פּאָליטישע פּאַרטייען געקאָנט זיין בלויז נאָר יענע מענטשן, וועלכע זיינען קרוווּיש פאַרבונדן מיט דזייבאַצו. יאָשידא איז

דער איידעם פון דעם באַראָן מאַקינאַ, וועלכער איז ענג פאַרבונדן מיט מיצוביסי; יאָשידאַס טאָכטער האָט כאַסענע געהאַט מיט אַסאָ טאַגאַ־קיטשי — אַ קוילן־מאַגנאַט און פאָרזיצער פון צעמענט־ און אייזנבאַן־געזעלשאַפטן, וועלכע ווערן געשטיצט און פינאַנצירט פון מיצואי־הויז. יאָשידאַס לאַנגיאָריקע פריינטשאַפט מיטן באַראָן סידעהאַרא האָט נאָך מער פאַרפעסטיקט זיין פאַרבינדונג מיט דער פינאַנציעלער קליקע. און גלייך נאָכדעם ווי יאָשידאַ איז געקומען צו דער מאַכט האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן אין טאָקיאָ „דזייבאַצוס צווייטער שאָטן״.

נאָך איידער יאָשידאַ איז געקומען צו דער מאַכט האָט ער אין אַן אינטערוויו מיט אַ קאָרעספּאָנדענט פון „דיילי טעלעגראַף״ געמאַכט אַ דערקלערונג, אַז יאַפּאַן נויטיקט זיך ניט אין רעפאָרמען. און מיט צוויי כאַדאָשים שפּעטער האָט ער דאָס געזאָגט נאָכאַמאָל און האָט זיך מיט גרויס באַגייסטערונג אָפּגערופן וועגן די אַמעריקאַנער גענעראַלן, ווי שאַרפזיניקע באַאָבאַכטער פון דעם יאַפּאַנישן אויפן פון דענקען. „מיר פאַרלאַנגען דאָך נאָר צו באַקומען די מעגלעכקייט זיך צוריקצוקערן צו אונדזער פאַרמילכאָמעדיקן בלְיָען״, האָט געזאָגט יאָשידאַ און אַלס נייער פּרעמיער־מיניסטער עפּנט ער אַ ברייטן וועג פאַר די אַמעריקאַנישע מאָ־נאָפּאָליסטן, וועלכע פאַרלירן ניט קיין צייט און באַפאַלן זייערע פרישע קאָרבאָנעס מיט דער רירעוודיקייט און אומגעזעטיקטקייט פון אַ פּיטאָן. נאַגאַסאַקי סאַנאַסקע, וועלכער איז לויט דער באַהויפּטונג פון יאָשידאַ, אַן אומפאַרבייטלעכער און נוצלעכסטער מענטש פאַר דער „געשעפטלע־כער מאָביליזירונג פון יאַפּאַן״ — האָט מיט אַן אויסערגעוויינלעכן ציי־ניזם פּראָקלאַמירט די „נייע עפּאָכע פון קעגנזייטיקער הילף צווישן די יאַפּאַנישע און אַמעריקאַנער קאַפּיטאַלן״. און אין טאָקיאָ האָבן זיך שוין באַוויזן פאָרשטייער פון די נאָרדאַמעריקאַנער טרוסטן: „דזשענעראַל מאָטאָרס״, „דזשענעראַל עלעקטריק״, פאָרד א״אנד. די לאַנגע ספּרוטן־פינגער פון די נאַפט־ און זייד־מאַגנאַטן דרינגען שוין אריין אין אַלע שיכטן פון דעם עקאָנאָמישן לעבן. מיר האָבן זיך איבערצייגט אין דעם אי אין טאָקיאָ, אי אין נאַגאַסאַקי, אין קאָבע און אין אָסאַקאַ.

דער 10־טער אַפּריל פון יאָר 1946 ד״ה דער טאָג פון די פאַרלאַ־מענט־וואַלן אין יאַפּאַן, טראָגט דעם נאָמען פון „שוואַרצן טאָג פון דער דעמאָקראַטיע״.

דאָס פאָלק איז נאָך אַלץ אונטערן יאָך פון די רעליגיעזע און פעאָ־דאַלע אבערגלויבענישן; ער וואַכט ערשט אויף פון דער הונדערטער־יאָריקער פּאָליציייאישער פאַרפאָלגונג — אין דאָס פאָלק ווערט געצוווּנ־גען אויסצוּוויילן אין פּאַרלאַמענט צוויי הונדערט פירשטן און באַראָנען, הונדערט אַכט און אַכציק פאָרזיצערס פון אינדוסטריעלע געזעלשאַפטן און צוויי און פופציק גוטבאַזיצערס.

און אזא „פאָלקס"־פּאַרלאַמענט האָט מען אַ נאָמען געגעבן — דער דעמאָקראַטישער פּאַרלאַמענט.

אין דעם טאָג ווען עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די קאָנסטיטוציע האָט דער אויסטראַליער קאָרעספּאָנדענט ריטשאַרד היוז פּאַרעפנטלעכט אַ סאַטירישן פעליעטאָן, וועלכער הייבט זיך אָן אזוי:

„איך האָב געזען ווי אַ דעמאָקראַטישער אימפּעראַטאָר איז צוגע־פאָרן אַף דעמאָקראַטישע פערד צו ברייטע דעמאָקראַטישע טרעפּ, אויס־געפּלאַסטערטע פון דעמאָקראַטישן מירמלשטיין, וועלכע פירן צום דע־מאָקראַטישן סאַלאָן פון דעם סופּערדעמאָקראַטישן פּאַרלאַמענט און אים אַנטקעגן איז געלאָפן מיט קורצע דעמאָקראַטישע טריטעלעך, דער דעמאָ־קראַטישער פּרעמיער־מיניסטער יאָשידאַ".

יאָשידאַ סיגערו האָט גאָר ניט געצווייפלט אין דעם אַז דער פּאַר־לאַמענט וועט באַשטעטיקן די „נייע קאָנסטיטוציע", וועלכע דער פּרע־מיער־מיניסטער האָט באַטיטלט מיטן באַפליגלטן נאָמען: „די לעבעדיקע פאָלקס־כאַרטיע". נאָר דאָס האָרעפּאַשנע יאַפּאַנישע פאָלק האָט געפּאָ־דערט און פאָדערט אויך איצט דאָס זייניקע: „נידער מיט יאָשידאַן!", ברויט, פרייהייט און דעמאָקראַטיע!", „מיר אַלע זיינען קעגן די דזייַ־באַצו־אַגענטן — יאָשידאַ און סידעהאַראַ". אַזעלכע אויפשריפטן האָב איך אַליין געזען אַף טראַנספּאַראַנטן, וועלכע עס האָבן געטראָגן די פּאַ־שעטע מענטשן פון יאַפּאַן אין טאָקיאָ, אין יאָקאַהאַמאַ, אָסאַקאַ, קאָבע און נאַגאַסאַקי.

אַף אַזאַ מין אופן האָט דאָס בילדן פון יאָשידאַס מיניסטאָרן־קאַ־בינעט באַוויזן אין זיין צייט, אַז די יאַפּאַנישע רעאַקציאָנערע קויכעס האַלטן זיך נאָך. סידעהאַראַס אַוועקגיין האָט ניט צעשטערט דעם רעאַק־ציאָנערן פראָנט. דער עמעס איז, אַז זיי האָבן נאָר געמוזט איבערגרו־פּירן זייערע קויכעס. סידעהאַראַ האָט בעסער געוואָלט פאַרבלייבן אַלס מיניסטער אָן אַ פּאָרטפעל און ער האָט אָפן ערשטן פּלאַן אַרויסגערוקט יאָשידאַן, אָבער פאַקטיש האָט יאָשידאַ דורכגעפירט אין לעבן די זעלבע פּאָליטיק וואָס סידעהאַראַ, אַ פּאָליטיק וואָס איז געווען געבויט אַף דער באַזע פון דער אומצעטיילבאַרער הערשאַפט אין דער יאַפּאַנישער געזעל־שאַפט פון דזייבאַצוס פינאַנציעלער קליקע, און אַף צו דערשטיקן אַלע דעמאָקראַטישע שטימונגען, וועלכע געפינען וואָס אַמאָל אַלץ אַ גרעסערן אָפּקלאַנג אין דעם יאַפּאַנישן פאָלק.

אזוי האָט אויסגעזען יענער מענטש, וועלכער האָט באַדאַרפט, לויט דעם באַגריף פון די אַמעריקאַנער, דורכפירן אַ ברייטע דעמאָקראַטיזירונג פון דער יאַפּאַנישער געזעלשאַפט. דאָס לעבן אָבער באַשטעטיקט, אַז יאָ־שידאַ איז דער געטרייסטער אַגענט פון יענער יאַפּאַן, קעגן וועלכער עס האָבן געקעמפט אַלע פרייהייט־ליבנדיקע פעלקער פון דער גאַנצער וועלט.

איצט טרעט ער אַרויס קעגן אַט די אַלע דעמאָקראַטישע רעפאָרמען, וועל־כע, ווי מען דערוואַרט, וואָלט ער געדאַרפט דורכפירן. ער רעכנט, אַז די אַמעריקאַנער וועלן פאַרבלייבן אין יאפּאַן אויף זייער לאַנג און דאָס איז אויך זיין ווונטש, ווייל ער פאַרשטייט אַז די אמעריקאַנער וועלן צוהעלפן דער זיך וואַקלענדיקער קליקע, וועלכע שטייט הינטער די פּליי־צעס פון סידעהאַראַ־יאָשידאַ, זיך ווידער שטעלן אויף די פיס און פאַר־פעסטיקן אירע פּאָזיציעס.

מיר איז אויסגעקומען צו באַזוכן אַ סאַך יאַפּאַנישע שטעט און דערפער, איך האָב געזען טויזנטער הונגעריקע מענטשן, וועלכע האָבן יאָשידאַן אַ נאָמען געגעבן „דער לידער פון אַ הונגער־לעבן". יאָשידאַס מיניסטאָרן־קאַבינעט האָט נאָר געמאַכט אַ פּרווו אָנצופאַנגען די אַגראַר־רעפאָרם, אָבער די ערד־באַזיצער, אַלץ די זעלבע דזייבאַצו, האָבן געטאָן אַלץ וואָס איז נאָר געווען מעגלעך, אַז די אַגראַר־רעפאָרם זאָל זיך פאַר־וואַנדלען אין אַ זיסן צוזאָג — די ערד אָבער פאַרבלייבט אויף ווייטער אין די הענט פון יענע, וועמען זי האָט געהערט אויך פריער.

און היינט, פונקט ווי אין די פינצטערסטע טעג פון יאַפּאַנישן לעבן, האָבן זיך ווידער באַוויזן אויף די גאַסן און עפנטלעכע פּלעצער פּאָליציילייט מיט שטעקנס, און זיי צעיאָגן פרידלעכע דעמאָנסטראַציעס. און אין אַ זייט זיצן זיך אין זייערע ווייסע „דזשיפּן" סאָלדאַטן פון דער אַמערי־קאַנער עמפּי, און אָבסערווירן די סצענע.

אָפּטמאָל האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז זיי באַשיצן גאָר סי־דעהאַראַ־יאָשידאַס „דעמאָקראַטישע" פּאָליציי פון דעם צאָרן פונעם פּאָלק.

דאָס אַלץ האָבן אויך באַשטעטיקט די דריי יאַפּאַנישע פּראָפעסאָרן מיט וועלכע איך האָב זיך באַגעגנט אין אַ קליינעם יאַפּאַנישן באַר אין אָסאַקאַ. זיי האָבן זיך קעסיידער אומגעקוקט — זיי האָט זיך נאָר גע־דוכט אַז אויך זיי ווערן נאָכגעשפּירט.

— ווייסט איר, — האָבן זיי זיך מוידע געווען — עמעצער האָט פאַריאָגט אין יאַפּאַן די דעמאָקראַטיע אונטער דער ערד, פונקט ווי דער ווינטער פאַרטרייבט דעם טייך אונטערן אייז. קומט אָבער דער פרילינג און ער רייסט אויף די אַלע אייז־קייטן. אויך אין יאַפּאַן וועט אַמאָל זיין פרילינג.

אין האָטעל זיינען מיר געקומען שפּעט באַנאַכט. די אַמעריקאַנער האָבן אונדז אָפּגעוואַרט אין פאָדערהויז, זיי האָבן זיך שוין באַאומרויִקט. מיר זיינען דאָך דעם גאַנצן אָוונט ניט געווען אין באַר? עפּשער געפעלט אונדז ניט די קאָקאַ־קאָלאַ מיט וויסקי? מיר בעטן מען זאָל אונדז געבן די מעגלעכקייט זיך אויסרוען. ווען מיר גייען אַריין אין דער ווינדע, כאַפּט זיך אויף פון שלאָף דער יאַפּאַנישער אינגל און קוקט זיך אום

מיט א שולדיקן אויסזען. ער פירט אונדז אַרויף אַפן פינפטן שטאָק. נאָך א יונגערער אינגל, באָי־סאָן, שליסט אויף אונדזער צימער, צינדט אָן די ליכט און פאַרציט איבערן בעט די נעץ קעגן מאָסקיטן. שפּעטער עפנט ער דעם פענצטער, בלייבט א ווײַלע שטיין, דערמאָנט זיך וועגן עפּעס און אין פאַרלעגנהייט פאַרנייגט ער זיך פאַר אונדז מיט די הענט אף די קני און רעדט אַרויס:

— זדראַסטווּיטע".

א לאַנגע צייט קענען מיר ניט פאַרשטיין דעם באַדייט דערפון, ביז דער איבערזעצער פאַרטייטשט אונדז, אַז דאָס איז דאָס איינציקע רוסי־שע וואָרט, וועלכן דאָס אינגל האָט אויסגעלערנט. פּלוצלינג רייסט זיך אַריין צו אונדז אין צימער א טויט־שיקערער אַמעריקאַנער מיט א פלאַש וויסקי אין האַנט און אין א צעבראַסטעטן אוניפאָרם. ער פרוּווט אונדז עפּעס צו דערקלערן אף האַלב־ענגליש און האַלב־פראַנצויזיש, אָבער אין זיין צושטאַנד באַהערשט ער ניט קיין איינע פון די ביידע שפּראַכן.

מיר שטופן אים אַרויס פון אונדזער צימער. דער באָי־סאָן האָט זיך צוריקגעקערט און אונדז געוווּנטשן א גוטע נאַכט. באַם אַוועקגיין האָט ער איבערגעדרייט אף דער טיר דאָס הענטל מיטן אויפשריפט:

„מען שלאָפט".

דאָס וואָלט באַדאַרפט באַדייטן, אַז פאַרביי אונדזער צימער מוז מען גיין שטיל אף די שפּיץ־פינגער. פונדעסטוועגן האָט זיך געהערט בא אונדזער טיר גאָר א היפּשע צייט נאָך דאָס קלאַפּן פון אונטערגעקאָוועטע שיך, א הילכיקער ענגלישער שמועס, געלעכטערס, געשרייען און לערע־דיקע לידלעך. מיר האָבן זיך דערמאָנט, אַז אונדז באַגלייט דער ביז צום הימל געלויבטער אַמעריקאַנער „סערוויס" און דעריבער האָט אונדז דאָס אַלץ ניט געוווּנדערט.

— 14 —

בעשאַס דעם פּרישטיק האָט געראָפן אונדזער אויפמערקזאַמקייט דאָס וואָס אַלע יאַפּאַנישע קעלנערנס האָבן זיך אויסגעפּוצט אין יאָנטעווודיקע און בונטע קימאָנאָס.

דער באַלעבאָס פון דעם רעסטאָראַן וויל שאַפן פאַר די אַמעריקאַ־נער אַן עקזאָטישע געמיטלעכקייט. צוערשט האָט ער איינגעלאַדן אין זאַל א קאָמיקער — א זשאָנגלער, וועלכער האָט דורך זיינע האַוואַיעס און באַוועגונגען באַם צוגרייטן קאַווע אַרויסגערופן הילכיקן געלעכטער בא די אַמעריקאַנער. דער קונצנמאַכער האָט געדרייט דעם קרוג אַרום זיין פינ־גער, דאָ פלעגט ער אים אַרויפשליידערן הויך איבער זיין קאָפּ אַאַז"וו. אָבער די קונצן זיינען זייער גיך נימעס געוואָרן זיינע צושויער. האָט מען גענומען און אויסגעפּוצט די מיידלעך אין שווערע, דיקע קאָלירפולע

קימאָנאָס, בעיים מיר גייען אויס פון היץ אין אונדזערע דינע זיידענע אָנצוגן.

— וואָס איז היינט באַ אייך פאַר אַ יאָנטעוו? — פרעג איך באַ אַ מיידל וועלכע באַדינט אונדז באַם טיש.

— היינט איז קיין שום יאָנטעוו, — ענטפערט זי און פאַרנייגט זיך.

— צוליב וואָס־זשע האָט איר זיך אויסגעפּוצט אין די קימאָנאָס?

— ווייל אַזוי פאָדערט עס אונדזער באַלעבאָס? — ענטפערט זי און פאַרנייגט זיך ווידער. — און איר זענט פון רוסלאַנד? האָט איר געזען גאָרקין?

— וואָס האָט איר געלייענט פון גאָרקיס ווערק? — פרעגן מיר.

דאָס מיידל קוקט זיך אום און ענטפערט:

— „די מוטער".

און קימאַט שעפּטשענדיק זאָגט זי:

— די ביכער ברענגט מען מיר פון אדזאקי קוני. איר קענט ניט אדזאקי קוני? איר האָט זי ניט געזען? אָ, דאָס איז אַ ווּנדערלעכע פרוי. זי לייענט פאַר אונדז לעקציעס איבער עסטעטיק לויט העגעל. איר מוזט זיך מיט איר באַקענען.

— ווּ האָט איר זיך געלערנט? — פרעג איך.

דאָס מיידל פאַרנייגט זיך און ענטפערט:

— איך האָב שטודירט אין דעם פּרויען־קאָלעדזש אין אסאקא, אָבער פון לעצטן קלאַס בין איך אוועק.

דעם זעלבן טאָג האָט מען אונדז ווידער דערמאָנט וועגן דער פרוי מיטן נאָמען אדזאקי קוני. מיר האָבן געבעטן באַ אונדזער איבערזעצער ער זאָל זי אויסגעפינען. ווען די אמעריקאַנער האָבן זיך דערוווּסט וועגן אונדזער באַקאָשע, האָבן זיי געמאָלדן אַז אדזאקא קוני איז אַרויסגעפאָרן פון אסאקא אויף דריי טעג. אונדז איז אָבער געלונגען זיך צו באַגעגענען מיט אירע געהילפן אין דער רעדאַקציע פון דער צייטונג „מייניטי". אדזאקא קוני איז אַ יונגע יאַפּאַנערן, וועלכע האָט געגרינדעט די „ליגע פון פרויען־האָרעפּאַשניצעס". די ליגע פאַרבינדט שוין צוועלף טויזנט פרויען אין אָסאַקאַ. דריי מיידלעך מארוסאווא, טאַנימאַ און קוראסאקא קלערן אונדז אויף וועגן דעם לעבן און טעטיקייט פון דער נייער דעמאָק־ראַטישער ליגע.

— מיר באַמיען זיך אַרויסצורייסן די יאַפּאַנישע פרוי פון דער פעאָדאַלער פאַרשקלאַפונג — דערקלערט אונדז טאַנימאַ, אַ כיינעוודיק מיידל אין ברילן. אונדז דוכט זיך אויס, אַז די ברילן טראָגט זי נאָר קע־דיי אויסצוזען עלטער און ערנסטער.

— איר באַמיט זיך נאָר? — פרעגן מיר.

— יאָ — ענטפערט זי, — און דאָס איז זייער שווער, ווייל אינ־דערעמעסן האָט זיך דאָך אַפּילע ניט אָנגעהויבן די דעמאָקראַטיזירונג פון יאַפּאַן. מיר וואַרטן מיט אומגעדולד אַף דעם טאָג. נאָר ווער ווייסט אויב מיר וועלן זיך דערוואַרטן.

— זיינען פאַראַן שוין וועלכע עס איז ענדערונגען אין דעם לעבן פון די יאַפּאַנישע פרויען?

— קימאַט ווי ניין. אַלץ בלייבט ווי געווען. האָט איר אַן אַנונג וועגן דעם, וואָס עס איז אַזוינס אַ יאַפּאַנישע מישפּאָכע? נאָך ביז היינטיקן טאָג נעמט ניט אַ מיידל קיין שום אָנטייל אין אויסהאַל פון איר כאָסן דער שידעך ווערט געשלאָסן אָן איר ווילן. דער פאָטער מיט דער מוטער קלייבן אויס פאַר זייער טאָכטער דעם מאַן און דאָס איז אַן אייביקער און פעסטער געזעץ. דער פעאָדאַלער לעבנס־שטייגער האָט זיך קלוימערשט אַ וואַקל געטאָן מיטן אריינדרינגען אין יאַפּאַן פון די דעמאָקראַטישע אידעען. אָבער אויך איצט — איר קענט זיך אין דעם לייכט איבערצייגן — האָט זיך גאָרניט געענדערט.

עס איז שוין אַזוי איינגעפירט, אַז די פרוי איז דאָס רעכטלאָזסטע באַשעפעניש אין אַ יאַפּאַנישער מישפּאָכע. ווען אַ פרוי שליסט עפּעס אָן אָפּמאַך מעג דער מאַן אים באָטל מאַכן און דאָס געזעץ איז אַף זיין זייט. ווען אַ פרוי פאַרמאָגט אירע פערזענלעכע גיטער איז, נאָך דער כאַסענע, פאַרלירט זי אַלע רעכטן איבער זיי, אַלץ גייט אַריבער צו איר מאַ. מוטערס האָבן ניט קיינע רעכט איבער זייערע קינדער. זיי באַקומען דאָס רעכט נאָר דאַן, ווען דער פאָטער שטאַרבט, אָדער ווערט מעשוגע. אָבער אויך אין אַזעלכע פאַלן קען די מוטער ניט פאַרוואַלטן לויט איר ווילן מיט איר קינד, ווייל קוידעמקאָל מוז צונויפגערופן ווערן אַ ראַט פון די „נאָענטסטע קרויווים” און זייער ווילן מוז זיין פאַר דער מוטער אַ געזעץ. אַלע רעכט אַף דער יערושע האָבן נאָר די זין. אַן אומגעזעצ־לעכער זון האָט מער רעכט אַף אַ יערושע ווי אַ געזעצלעכע טאָכטער. די סיסטעם פון אַ שרעקלעכער פאַרשקלאַפונג פון דער יאַפּאַנישער פרוי, וועלכע איז אַנטשטאַנען מיט טויזנט יאָר צוריק, לויערט נאָך ביז היינט צו טאָג איבערן גורל פון דער פרוי. און דאָס אַלץ קומט פאָר אין שטעט און דערפער וווּ עס דערשיינען צייטונגען, וווּ עס וווינען צענדליקער טויזנטער אַמעריקאַנער, וווּ עס זיינען פאַראַן הויכשולן און וווּ מען שרייבט אַזויפיל און מען רעדט אַזויפיל וועגן דער ציוויליזאַציע, וועגן קולטור און דעמאָקראַטיע.

— דערלויבט נאָר, — צעשמייכלט זיך דער לייטענאַנט ברעדלי — אין וועלכן יאָרהונדערט לעבן מיר?

די מיידלעך ווערן אַנטשוויגן. עפּשער האָבן זיי גאָר ניט באַדאַרפט דערציילן וועגן דעם אַלעם אין דער אָנוועזנהייט פון די אַמעריקאַנער

אָפּיצירן? מעגלעך, אָבער, אַז אויך זיי וועלן פאַרשטיין אַז דאָס איז געווען באַ זיי אַן אָפּנהאַרציקער אויסברוך.

יאָ, דאָס לעבן פון דער יאַפּאַנישער פרוי אין דער מישפּאָכע גע־פינט זיך נאָך אַלץ אין פעאָדאַלן קלעם. עס וועט זיין נויטיק צו וואַרטן נאָך הונדערט יאָר ביז אַ יאַפּאַנערן וועט זיין גלייכבאַרעכטיקט מיטן מאַן.

— פאַרוואָס עפּעס אַזוי לאַנג? — פרעגן מיר.

— אַזוי איז שוין דער גורל פון דער יאַפּאַנישער פרוי — ענטפערט טאַנימאַ.

איצט ווערט געטאָן אַלץ קעדיי צו האַמעווען די דעמאָקראַטיזירונג פון דער פרויען־באַוועגונג אין יאַפּאַן. אַוואַדע איז פאַראַן אַ נייע קאָנס־טיטוציע, אַ קאָדעקס, און איבערהויפּט דאָס ציווילע רעכט זעט פאָר די פרייהייט און גלייכבאַרעכטיקונג פון דער פרוי, אָבער אינדערעמעסן איז ניטאָ קיין שום ענדערונג. ווייזט אויס, אַז מען וועט מוזן וואַרטן ביז די יאַפּאַנישע פרוי וועט זיך רעבעלירן. און איך דענק, אַז מען וועט מוזן זייער לאַנג וואַרטן.

עס איז אונדז אויפגעשוומען אין זיקאָרן די פאַבריק „קאַנעבאַ", וווּ עס עקזיסטירט נאָך איצט, פּונקט ווי מיט הונדערט, אָדער צוויי הונדערט יאָר צוריק די סיסטעם פון צוואַנג־אַרבעט. קוים פאַלט נאָר אַ מיידל אַריין אין דער פאַבריק, ווערט זי ביסלעכווייז פאַרשקלאַפט צום באַלע־באָס, ווייל אירע כויוועס שטייגן שטענדיק איבער אירע פאַרדינסטן. זי קען שוין ניט אַוועקגיין פון דאָרטן, ווייל זי האָט ניט קיין מעגלעכקייט צו באַצאָלן איר באַלעבאָס פאַרן געלעגער אָפן שטרוי, פאַרן רייז, פאַר דעם שטיקל פאַרפוילטן פיש און פאַרן קימאָנאָ.

טאַנימאַ טיסעקאַ פאַרטראַכט זיך און ווערט אַנטשוויגן. זי איז זיך מוידע, אַז עס וואָלט זיך איר געגלוסט דערציילן אונדז וועגן זייער אַ סאַך, אָבער זי קען ניט.

— פאַר וועמען האָט איר מוירע?

זי שווייגט און וואַרפט אַ בליק אין דער זייט, וווּ עס זיצן די אַמעריקאַנער אָפיצירן. וואָס שײַעך מיר, האָב איך זיך שוין צוגעוווינט זיי אינגאַנצן ניט צו באַמערקן. נאָך אַ ווײַלע פאַרטראַכטן זיך, זעצט אָבער טאַנימאַ פאָר:

— שוין פון קאַמאָ יאָרן האָט מען פאַרשפּרייט איבער דער וועלט אַ קלאַנג וועגן דער יאַפּאַנישער מיידל אין אַ קימאָנאָ, אַ זאָרגלאָזע, אַ פריילעכע, אַ גראַציעזע און אַ טאַנצנדיקע. דאָס אַלץ איז דער גרעס־טער ליגן, וועלכער האָט נאָר געקענט אויסגעטראַכט ווערן אין אונדזער צייט. די יאַפּאַנישע פרוי איז אַ שקלאַף פון איר וויגעלע ביזן טויט. מיר שיינט אָפּטמאָל, אַז עס איז גאָר ניטאָ אַזאַ מין קויעך, וועלכער זאָל אימשטאַנד זיין זי אַרויסצורייסן פון דער שקלאַפעריי.

מעגלעך, אַז מען וועט אייך ווייזן די גיישעס — גלויבט ניט. אין יאפּאַן זיינען שוין לאַנג ניטאָ קיין גיישעס. אַ גיישע — דאָס איז אַ מיידל, וועלכע ווערט איינגעלאַדן צום אָוונטברויט, זי זינגט און טאַנצט און פאַרווײַלט די געסט. פאַר די לעצטע יאָרן זיינען די גיישעס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גאַנץ געוויינלעכע גאַסן־פרויען, אָבער יענע גיישעס, וועלכע מען דאַרף פאַרשטיין אין זייער אַמאָליקן זין פון וואָרט — יענע עקזיסטירן שוין מער ניט אין יאפּאַן. זיי געפינען זיך אַלע אין די שאַנד־הייזער.

מעגלעך, אַז מען וועט אייך ווייזן אַן אינסטיטוט, אַ באַנק, אָדער אַ טעאַטער, קעדיי איר זאָלט גלויבן, אַז די פרוי פאַרנעמט דאָרט אַן אָרט צוגלייך מיטן מאַן. גלויבט אויך ניט אין דעם. איבעראַל און אומעטום געפינט זיך אין יאפּאַן די פרוי אין פאַרגלייך מיטן מאַן אַף אַ פיל נידעריקער שטופע. אָפּטמאָל ווייסט קיינער ניט וועגן איר טראַגישן גורל, ווייל זי באַקלאָגט זיך זייער זעלטן, און נאָך זעלטענער וועט זיך געפינען עמעצער, וואָס זאָל זיך גאָר צוהערן צו איר באַקלאָגן זיך. גלויבט מיר, אַז איך דערצייל אייך דעם ריינעם עמעס.

איך דערצייל זיי וועגן דעם לעבן פון דער סאָוועטישער פרוי, ווי מען קען זי באַגעגענען אומעטום — אין סימפאָנישע אָרקעסטערס, אין די הויכשולן, אין די אַקאַדעמיעס, אין פאַבריקן און וואַרשטאַטן — אַ סאָוועטישע פרוי האָט אַלע מעגלעכקייטן אַרויסצוּווייזן אירע פעיִקייטן אַף אַלע געביטן פון דער מענטשלעכער טעטיקייט.

די מיידלעך הערן אויס דאָס אַלץ מיט אַן אויסערגעוויינלעכער אויפמערקזאַמקייט און זיינען זיך מוידע אַז פאַר זיי איז דאָס עפּעס אַ ווייטע, אוטאָפּישע, לעגענדאַרע וועלט.

דאָ אָבער, מישן זיך שוין אַריין אין אונדזער שמועס די אַמעריקאַנער, זיי בעטן אונדז ריידן אָבער אָן פּראָפּאַגאַנדע.

די מיידלעך שטעלן זיך אויף און נייגן זיך זייער לאַנג — שוין צייט זיי אָוועקצוגיין.

מיר באַגלייטן זיי ביז צו דער טיר און נייגן זיך אויך פאַר זיי. און ניט נאָר פאַר זיי, נאָר אויך פאַר דעם צוקונפטיקן יאפּאַן, וועלכן זיי שטעלן מיט זיך פאָר.

— 15 —

דאָס זיינען געווען טעג, ווען מיר האָבן געלעבט, זיך באַוועגט, געקוקט, און זיך באַגעגנט מיט מענטשן לויט אונדזער פאַרלאַנג, ניט רעכענענדיק זיך מיט קיינעמס פאַרבאָטן. און עס ווייזט זיך אונדז אויס, אַז מיר האָבן זיך שוין דערנענטערט צו אונדזער ציל: עס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אונדז די היינטיקע יאפּאַן, אָבער נאָך מער האָבן זיך אַנטבלויזט פאַר אונדז די אַמעריקאַנער אין יאפּאַן.

מיר האָבן קאַטעגאָריש דערקלערט די אַמעריקאַנער, אַז דער ווילד־ דער „אָף לימיטס״־געזעץ האָט מיט אונדז גאָרניט וואָס צו טאָן. מיר זיינען זשורנאַליסטן און מוזן זען אַלץ. און דעם זעלבן טאָג זיינען מיר אַוועקגעגאַנגען אין אַ יאַפּאַנישן טעאַטער. דאָך האָבן די צוויי אַמערי־ קאַנער לייטענאַנטן אונדז פאַרלאָפן דעם וועג. באַם טעאַטער־אַריינגאַנג האָט שוין אונדז אָפּגעוואַרט אַ „דזשיפּ״ פון דער „עמפּי״. אַ סאָלדאַט פון דער אַמעריקאַנער מיליטער־פּאָליציי האָט אונדז דורכגעלאָזט אין טעאַטער, אָבער ער שרייט שוין ניט „אָף לימיטס״. איצט שטעקט נאָר אַרויס אַ ווייסער העלם מיט אַ שוואַרצער אויפשריפט „עמפּי״ אין דורכ־ גאַנג פון טעאַטער, לעבן די פּלעצער וווּ מיר זיצן.

דאָס איז אַ טעאַטער פאַר יאַפּאַנער, אָבער אויף דער בינע איז ניטאָ אַפילו קיין שפּור פון יאַפּאַנישער קונסט: ס׳איז אַ פּאַשעטער אַמערי־ קאַנער רעוויו־טעאַטער, יאַפּאַנישע זינגערנס, אָנגעטוענע אין אייראָפּעיִשע קליידער זינגען אַמעריקאַנישע לידלעך אין דער יאַפּאַנישער שפּראַך. יאַ־ פּאַנישע טענצערנס אין גאָר קורצע קליידלעך טאַנצן, און דערצו נאָך גאַנץ אומגעלומפּערט, פאָקסטראָטן און טאַנגאָס. און צווישן דעם געזאַנג און טענץ ווערט פאַר אונדז געגעבן אַ סקעטש אין דער יאַפּאַנישער שפּראַך, אָבער די פּערסאָנאַזשן זיינען ווידער אָדער אַמעריקאַנער, אָדער ענגלענדער. צום שלוס ווערט באַוויזן אַן אַמעריקאַנער פילם פון דעם לעבן פון די קאָוובויס אָדער גענגסטערס. אַזאַ מין פאָרשטעלונג דויערט צוויי מיט אַ האַלבער שאָ. אין לויף פון דער פאָרשטעלונג ווערט דער־ לויבט אַריינגיין און אַרויסגיין פון זאַל.

מיר גייען אַרויס פון דאָרט מיט אַ מאָדנעם געפיל, עס באַקומט זיך אַן איינדרוק אַז יאַפּאַן באַמיט זיך מיט אַלע אירע קויכעס פאַרטרייבן פון זיך די עכט יאַפּאַנישע קונסט. עס האָט זיך אונדז אויסגעדוכט אַפי־ לו, אַז מיר זיינען נאָר וואָס אַרויסגעגאַנגען פון אַ געוויינלעכן אַמערי־ קאַנער רעוויו־טעאַטער. אונדז קערט אום צו דערווירקלעכקייט נאָר דאָס, וואָס אונדז רינגלען אַרום יאַפּאַנישע פּענעמער, עטוואָס פאַרכידעשטע און אינגאַנצן גלייכגילטיקע צו דעם, וואָס עס קומט פאָר אויף דער בינע.

נאָך דער פאָרשטעלונג גייען מיר אַריין צום טעאַטער־דירעקטאָר, דאַנקען אים און פרעגן באַ אים:

— פאַרוואָס האָט איר פאַריאָגט פון אייער טעאַטער די יאַפּאַנישע קונסט? מיר האָבן באַ אייך געהערט שלעכטע אַמעריקאַנישע לידלעך און געזען שלעכטע אַמעריקאַנישע טענץ.

— וואָס זאָל מען טאָן? — ענטפערט ער — אַזאַ צייט איז היינט. איר וואָלט באַדאַרפט בעסער באַזוכן דעם טעאַטער קאַבוקי — דאָס איז אַ קלאַסישער יאַפּאַנישער טעאַטער. די עכטע יאַפּאַנישע קונסט איז פאַר־ בליבן נאָר דאָרט.

און מיר זיינען געפֿאָרן צום טעאַטער קאַבוקי.

באַם אַריינגאַנג אַ גרויסער האַמוין. מיט גרויס מי דערשלאָגן מיר זיך אין זאַל אַריין. מען זעצט אונדז אַוועק אַף די פּרייע פּלעצער. אין זאַל הערשט אַ שרעקלעכע דושנעקייט אָבער קיינער לייגט ניט קיין אכט אַף דער היץ. אין טעאַטער קאַבוקי גייען מענטשן ווי צו אַ יאָנטעוו. מיר באַמיען זיך צו זיין הונדערט־פּראָצענטיק אויפמערקזאַם. אַלץ איז דאָ ניי פאַר אונדז — די מענטשן, וואָס זיצן אין זאַל; די שטאַרקע העלע באַ־לויכטונג, וואָס ווערט ניט אויסגעלאָשן אַפילע בעיים דער פאָרשטעלונג, און דער אַלטער אָרנאַמענט אַפן פאָרהאַנג, וועלכער גרייט צו דעם צו־שויער צו יענער טראַגישער געשיכטע, וועלכע וועט זיך באַלד אָפּשפּילן אַף דער בינע.

דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף באַ אַ קלאַפּעריי פון פויקן. דער אינהאַלט פון דער טראַגעדיע איז גענומען געוואָרן פון דער יאַפּאַנישער אוראַלטער געשיכטע. די שוישפּילער גייען אַרויס אַף דער בינע איבער צוויי שמאָלע בריקלעך־סטעזשקעס, וועלכע שניידן דורך דעם גאַנצן צו־שויער־זאַל. אין דער געשיכטע פון טעאַטער־קונסט זיינען די בריקלעך באַקאַנט אונטערן נאָמען — כאַנאַמיטי, וואָס באַדייט „דער בלומען־וועג".

אַזאַ מין הילצערן בריקל, וועלכער קרייצט דורך דעם זאַל און שפּאַרט זיך אָן פּערעפּענדיקולאַר אין דער בינע, איז איינגעפירט גע־וואָרן צום ערשטן מאָל אין דעם קליינעם טעאַטער „קאַוואַראַסאַקידזאַ". דאָס בריקל איז געווען באַשטימט, אַז אַף אים זאָלן אויסגעלייגט ווערן די אַלע מאַטאָנעס, וואָס ווערן געשאָנקען פאַר די שוישפּילער, און פון דעמאָלט אָן איז „כאַנאַמיטי" געוואָרן אַן אומפאַרמיידלעכע און אומ־באַדינגטע טייל פון דער בינע.

אַלע אַרטיסטן, געקליידט אין שוואַרצע קימאָנאָס, גייען אַרויס אַף דעם בריקל, זיי פאַרנייגן זיך פאַרן עולעם און הייבן אָן זייער טאַנץ. די בינע פאַרמאָגט ניט קיין שום דעקאָראַציעס, בלויז געוויינלעכע טאַ־טאַמי־טעפּיכלעך. זייערע מאָנאָלאָגן זאָגן די אַרטיסטן ערגעץ ווו אינ־מיטן אַזל, שטייענדיק אַפן „כאַנאַמיטי". זיי ריידן האַלב־זינגענדיק מיט ניט קיין נאַטירלעכע שטימעס, וועלכע זיינען ענלעך אַף שטימעס פון בויך־ריידער. דער טעאַטער קאַבוקי גיט אונדז די מעגלעכקייט אַריינ־צודרינגען אין דער אינערלעכער וועלט פון דעם שוישפּילער, אין זיינע מאַכשאָוועס, אין זיינע איבערלעבונגען און אויב דער רעזשיסער געפינט אויס, אַז די שפּיל איז ניט אימשטאַנד איבערצוגעבן דאָס אַלץ וואָס עס פילט און עס דאַרף פילן דער העלד, דאַן פירט ער אַריין אין דער פאָר־שטעלונג אַ כאָר מיט אַן אָרקעסטער. דער אָרקעסטער באַשטייט פון סיאַמיסאַנע — אַ מין אוראַלטער יאַפּאַנישער מוזיק־אינסטרומענט. דער כאָר זינגט אויך מיט שטימען פון בויך־ריידער. דער כאָר דערציילט אין

געזאנג פארן צושויער דאָס אַלץ וואָס עס טראַכט און לעבט איבער אין דעם מאָמענט דער אַרטיסט, אָדער בעסער געזאָגט דער העלד פון דער טראַגעדיע. פרויען־ראָלן ווערן געשפּילט נאָר פון מענער. מיר גייען אַרי־בער הינטער די קוליסן קעדיי צו זען, ווי עס טוען זיך אָן און גרימירן זיך די גרעסטע יאפּאנישע שוישפּילער, ווי עלטערע מענער ווערן פאַר־וואַנדלט אין יונגיטשקע גיישעס.

מיך באַגלייט דער טעאַטער־רעזשיסער. פאַרן אַריינגיין אין קאַמאַ־רין האָט ער אַהין אַריינגעקוקט, קעדיי זיך איבערצוצייגן, אַז מען וועט דאָרט ניט שטערן און דאַן האָט ער אויסגעטאָן זיינע שיך און איז אַריין. פאַר אַ גרויסן שפּיגל ליגט אַ קישן, אַף וועלכן עס זיצט מיט די פיס אונטער זיך דער שוישפּילער, באַ זיין זייט שטייט אַ טישל מיט שרייב־געצייג און אַ צווייט טישל מיט גרים.

די שוישפּילער גרימירן זיך דאָרט אַזוי, אַז זייערע פּענעמער ווערן ענלעך צו מאַסקעס. וואָרשיינלעך, אַז אַזאַ מין אָרט פון גרימירן איז געקומען אַהער אין קאַבוקי־טעאַטער פון דעם מאַסקן־טעאַטער „נאָ״.

אין דעם טעאַטער „קאַבוקי״ איז די קונסט פון גרים דערגאַנגען ביז צו דער העכסטער שטופע, און דאָ, מער ווי אין אַן אַנדער פּלאַץ, פירט די גרים־מאַסקע אַריין דעם צושויער אין אַ וועלט פון רעלאַטיווי־טעט. לויטן גרים, לויט זיינע קאָלירן און פאָרמען, אפילע לויט באַזונ־דערע קליינע שטריכן קען דער צושויער דערקענען דעם כאַראַקטער פון דעם העלד: זיינע נייגונגען און אפילע דעם פּלאַץ וואָס ער פאַרנעמט אין דער טעאַטער־שפּיל.

דער שוישפּילער טוט זיך אַליין ניט אָן. ער שטייט אינגאַנצן אומ־באַוועגלעך און זעקס דינער טוען אָן אַף אים די היסטאָרישע געטאַ — אַ מין הילצערנע שוכווארג, טוען אים אָן אַ קימאָנאָ. פאַרבינדן מיט אַ הערלעכער אָבי, שמירן אָן אַף זיין פּאָנעם אַ געדיכטן פלאַסט פון שמינק, אַף זיין ליסן קאָפּ טוט מען אָן אַ פּרעכטיקן פּאַרוק — אַן אַלט־מאָדישע פרויען־פריזור; דער שוישפּילער שטרעקט אויס זיינע הענט און צוויי דינער באַדעקן זיי מיט שמינק און זיינע לאַנגע אָדערדיקע זקייני־שע פינגער פאַרוואַנדלען זיך ביסלעכווייז אין שניי־ווייסע הענט פון אַ יונג מיידל. אין אַ ווינקל פון קאַמאַרין זיצט דעם שוישפּילערס פרוי, זי העלפט אויך אים אָנצוטאָן זיך, אָבער מערסטנטייל גיט זי בלויז אַכ־טונג אַף דעם אַז דער מינדעסטער דעטאַל פון זיין גאַרדעראָב זאָל ניט פאַרגעסן ווערן.

אַף דער בינע שפּילט דער שוישפּילער אַ ראָל פון אַ יונגער שיינ־הייט, אַ טאָכטער פון אַ פירשט, וועלכער איז אומגעקומען אין אַ מיל־כאָמע. אַ פעאָדאַל, מיט וועמען דער פירשט האָט געקעמפט, און פון וועמענס האַנט ער איז אומגעקומען, וויל כאַסענע האָב מיט דעם מיידל.

דער מיידלס מוטער, אַן אַלטע פּירשטן איז ניט מאַסקים אַפּן שידעך פון איר טאָכטער מיט איר מאַנס מערדער. די טאָכטער אָבער האָט ליב דעם פּעאָדאָל און די ליבע איבערציינגט דער מוטער. זי שטעלט זיך אַף די קני פאַרן פּעאָדאָל און ווערט פאַרגליווערט אין דער פּאָזע אַף גאַנצע צען מינוט. און ווי עס איז באַוווּסט, איז אין א טעאַטער צען מינוט — א גאַנצע אייביקייט.

אין מעשעך פון די צען מינוט העלפט צו דער אָרקעסטער מיטן כאָר אונדז צו „באַגרייפן" דורך וועלכע קאָמפּליצירטע וועגן די אַלטע שטאָלצע פרוי איז דערגאַנגען ביז צו אזא פיינלעכער פּאַר איר אונטער־טעניקייט. איך דערמאָן ווידער — אז דער כאָר זינגט אַזוי, ווי מען זינגט מיט עפּעס גאָר אומנאַטירלעכע שטימען. אָבער דער גאַנצער צושויער־זאַל איז פאַרכאַפּט פון דער טראַגעדיע וועלכע ווערט אָפּגעשפּילט אַף דער בינע. מענטשן וויינען, אונטערן איינדרוק פון דער טאַלענטירטער שפּיל פון די אַרטיסטן, באַ וועלכע אַלץ — די זשעסטן, מימיק און די באַוועגונגען זיינען אויסגערעכנט און מאַטעמאַטיש אָנגעצייכנט.

און די צען מינוט זעען אונדז גאָר ניט אויס אַזוי לאַנג.

דערנאָך שטייט אויף די אַלטע מוטער און אַף דער בינע באַווייזן זיך צוויי דינער אין שוואַרצע קימאָנאָס, זיי פאַריכטן אַף איר דאָס קלייד, נעמען צו די קישעלעך אַף וועלכע זי האָט געקניט, זיי טראָגן אַריבער די קישעלעך אַף א פּלאַץ, נענטער צום פּעאָדאָל, זיי רוקן איבער א זייטן־טייל פון דער בינע און פאַרוואַנדלען א צימער אין א גאָרטן, און דאָס אַלץ ווערט דורכגעפירט פאַר די אויגן פון דעם צושויער, וועלכער איז שוין צוגעוווינט צו דעם — ער ווייסט אז די צוויי דינער דאַרף מען ניט זען און ניט באַמערקן. ווען איך האָב געשטעלט א פראַגע מיינעם א שאָכן וועגן די צוויי, ווער זיי זיינען, האָב איך באַקומען אַן ענטפער:

— מען דאַרף אַף זיי ניט לייגן קיין אכט. זיי זיינען ניטאָ אַף דער בינע.

דער צושויער איז גאַנץ ערנסט איבערציינגט אין דעם, אז זיי גע־פינען זיך ניט אַף דער בינע, האַגאַם צו די צוויי קומען צו נאָך דריי, אויך אין שוואַרצע קימאָנאָס און מאַסקעס. זיי העלפן צו פאַרוואַנדלען דעם צימער אין א גאָרטן. אַף אַזאַ מין אויפן זיינען אונדז באַוויזן געוואָרן די אומבאַגרענעצטע מעגלעכקייטן פון די טעאַטראַלע רעלאַטי־וויטעטן. אָט די אַרטיסטן, וועלכע הייסן „רויע וועלוי נירע", טראָגן טאַ־קע צוליב דעם שוואַרצע מאַסקעס, מען זאָל ניט זען זייערע פּענעמער. דער אוילעם טאָר ניט זען ווי זיי פאַריכטן דעם העלדס קליידער, ווי זיי גיבן אים א ביסל וואַסער, ווען ער פאַרהוסט זיך, אָדער ווי זיי שטעלן איבער די דעקאָראַציעס. מען דאַרף זיי ניט זען — אָבער דאָך קען איך ניט זיי ניט באַמערקן און איך זע ווי זייערע הענט פאַרוואַנדלען א שטאָט

אין אַ יאַם־ברעג און בערג־היילן, ווי זיי טוען איבער די אַרטיסטן. איך פֿאָלג נאָך די גאַנצע צייט די מענטשן אין די שוואַרצע מאַסקעס. אָבער אַלע איבעריקע צושויער אין זאַל, וועלכע רינגלען מיך אַרום זעען זיי טאַקע בעעמעס ניט. זיי זיינען שוין צו דעם צוגעוווינט און פֿאַר זיי זיינען זיי טאַקע בעעמעס „רויע וועלוי נירע"...

די פֿאָרשטעלונג אין דעם טעאַטער „קאַבוקי" האָט זיך אין יענער נאַכט פֿאַרענדיקט מיט אַ קורצן איינאַקטער, געווידמעט דער געשיכטע פֿון אַ סקולפּטאָר, וועלכער האָט זיך פֿאַרליבט אין אַ גיישע און האָט באַשאַפֿן איר סקולפּטור פֿון האָלץ. מיט זיין ליבע האָט דער סקולפּטאָר אריינגעהויכט לעבן אין דער הילצערנער טויטער ליאַלקע און זי האָט אויפֿגעלעבט.

מיר זעען אַף דער בינע דעם שוישפּילער פֿולשטענדיק אומבאַוועג־לעך. דערווייל איז דאָס נאָר אַ סקולפּטור פֿון האָלץ. איר טויטע אומ־באַוועגלעכקייט פֿאַרכאַפּט אונדז. מיר ווערן פּאַשעט איבעראַשט פֿון זיין אומגעהויערן קויעך זיך צו באַהערשן. ביסלעכווייז לעבט אויף דער אַק־טיאָר און אונטער די קלאַנגע פֿון סיאַמיסיאַנע הייבט ער אָן צו טאַנצן אַן אַלטן יאַפּאַנישן טאַנץ וועלכן מען האָט אינגאַנצן גענומען פֿון דעם מיטלאַלטערלעכן טעאַטער „נאָ". דער טאַנץ שיינט אונדז צו זיין זייער נאַיִוו און אַפּילע אומגעלומפּערט, אָבער עס פֿאָדערט זיך צו אים אַן אויסערגעוויינלעכע אָנשטרענגונג — דער גאַנצער טאַנץ איז געבויט אַף ווינקלדיקע, זייער קאַרגע זשעסטן, באַוועגונגען פֿון קאָפּ און נייגונגען פֿונעם קערפּער.

דער סקולפּטאָר גיט איבער דעם שוישפּילער, וועלכער פֿירט אויס די ראָל פֿון דער גיישע, אַ שפּיגל — לויט די יאַפּאַנישע באַגריפֿן, סימ־באָליזירט אַ שפּיגל די פֿרויען־נעשאָמע. פֿאַר אונדזערע אויגן ווערט די אומבאַוועגלעכע סקולפּטור קאָקעטיש, שעלמיש און צערטלעך. דער שוי־שפּילער פֿירט דעם טויזנטקעפּיקן צושויער־אוילעם דורך די אַלע קאָמ־פּליצירטע וועגן פֿון זיין קונסט און אַלע, באַגייסטערטע, שרייען און אַפּ־לאָדירן אים. אויך מיר קענען ניט בלייבן פּאַסיוו און שליסן זיך אָן צו זיי.

מיר פֿאַרלאָזן דעם טעאַטער „קאַבוקי" איבעראַשט פֿון זיין קונסט. דער לייטענאַנט ברעדלי איז זיך מוידע:

— מיט גרויס מי בין איך אויסגעזעסן ביז צום סאָף. עס איז עפּעס אַ ווילדע פֿאַנטאַזיע — אַלטע מענער זאָלן פֿאַרקערפּערן יונגע מיידלעך.

נאָר איך טרייסט זיך אַז די דזשיטו־אָפּיצירן קען מען אויך ניט באַמערקן אַפֿן זעלבן שטייגער ווי די טעאַטער־באַזוכער באַמערקן ניט די „רויע וועלוי נירע", וועלכע זיינען אַן אומאָפּטיילבאַרער טייל פֿון דעם קלאַסישן יאַפּאַנישן טעאַטער.

באַם אַרויסגיין פֿון טעאַטער וואַרט אונדז אָפּ אַ זעלנער פֿון דער

עמפּי. אין זיין „דזשיפּ״ איז איינגעאָרדנט אַ ראַדיאָ־סטאַנציע און ווען ער דערזעט אונדז, מעלדעט ער עמעצן: „אַלץ אין אָרדענונג, זיי פאָרן אַרויס אין האָטעל״.

דער מיקראָפאָן איז באַפעסטיקט באַם רול פון דעם אויטאָמאָביל און דער זעלנער מעלדעט וועגן אונדזער „בעשאָלעמדיקן אַרויסגיין פון דעם טעאַטער״ מיט אַ פאַרשלאָפענער און פוילער שטימע. ער איז שטאַרק ברויגעז: צוליב וואָס איז ער געצווּונגען געווען זיך מאַטערן אונטער די ברענענדיקע זונען־שטראַלן אין אַזאַ מין גענעמדיקער היץ. ער וואָלט צופרידענער געווען, ווען מיר וואָלטן בעסער געפאָרן זיך באָדן. און ער איז זיך מוידע אָפנהאַרציק אין דעם.

מער אָבער קענען מיר שוין ניט פאַרבלייבן אין אָסאַקאַ, ווייזט אויס אַז אונדזערע פרייהייטן האָבן אַרויסגערופן עמעצנס אַ גרימצאָרן. דער לייטענאַנט סקובי בעט אונדז אַרויסצופאָרן קיין קיאָטאָ. דאָרט וואַרט מען אַף אונדז. ווער? צוליב וואָס? דאָס ווייסט ער ניט. דער לייטענאַנט סקובי ווייסט נאָר איין זאַך, אַז ער מוז אונדז צושטעלן אין קיאָטאָ אין דריי דזשיפּן ביז זעקס אַזייגער אין אָוונט. אַ מינוט ניט שפּעטער. ער איז אַ מיליטערמאַן און טאָר ניט פאַרשפּעטיקן. דער לייטענאַנט ברעדלי שטיצט אים אונטער. אָבער דאָך איז ער מאַסקים זיך צו פאַרהאַלטן אַף איין האַלבער שאָ, ווייל...

— ווי קען מען דאָס פאָרן אָפּפאָרן ניט אויסטרינקען אַ ביסל קאַלט ביר? — פרעגט ער אונדז...



מיר קערן זיך אום קיין קיאָטאָ. דאָרט באַגעגנט אונדז דער שוין אונדז באַקאַנטער לייטענאַנט לאַורי. ער איז זייער אויפמערקזאַם צו אונדז און העפלעך; ער זאָגט אונדז צו צו באַווייזן אַלץ, וואָס מיר וועלן נאָר וועלן. מיר בעטן אים אונדז דערלויבן זיך צו פאַרהאַלטן אין קיאָטאָ אַף בלויז צוויי טעג. לאַורי פאַרלירט זיך. וועגן דעם מוז ער מעלדן אין מאַק־אַרטורס שטאַב. שפּעטער אָבער קומט ער און דערקלערט אונדז, אַז מיר מעגן פאַרבלייבן אין קיאָטאָ און אפילע באַזוכן די אוראַלטע יאַפּאַנישע שטאָט נאַראַ, וועלכע געפינט זיך פינף און פערציק מייל פון קיאָטאָ.

נאָר קוידעמקאָל אינטערעסירן אונדז די זייד־פאַבריקן „אַרימאַנאַ״, וועלכע זיינען באַקאַנט ווי די עלטסטע אין יאַפּאַן. מיר ווילן אויך וויסן אויב אַלע זייערע שטאָפן ווערן אויך אָפּגעגעבן פאַר די אַמעריקאַנער.

דער פאַבריק־דירעקטאָר ווייזט אונדז דעם גאַנצן טעכנאָלאָגישן פּראָצעס פון דער אויסאַרבעטונג — אָנהייבנדיק פון דעם פונאַנדערוויק־

לען די זייד־רויפּן ביז צום איינפּאקן די שוין אויסגעאַרבעטע שטאָפן אין פּעק, און זיי אָפּשיקן קיין אַמעריקע. ער פירט אונדז אַריין אין אַ ריזיקן צעך מיט מאָדערנע מאַשינען, וווּ עס ווערט אויסגעאַרבעט דער פּאַן־סאַמעט, דאָס שטאָלץ פון דער פאַבריק.

דעם סאַמעט שיקט מען אויך אָפּ קיין אַמעריקע.

— אין אַזאַ מין צושטאַנד געפינט זיך די גאַנצע זייד־אינדוסטריע ? — פרעג איך אים.

דער דירעקטאָר פאַרנייגט זיין קאָפּ.

— יאָ, זיכער. די זייד־רויפּן באַקומען מיר דאָך פון די אַמערי־קאַנער, אָבער זיי זיינען דאָך יאַפּאַנישע. אַוואַדע, אָבער איצט איז דאָך ניט פאַראַן קיין שום זאַך וואָס זאָל זיין יאַפּאַניש. די אַלע יאַפּאַנישע רויפּן געהערן דאָך צו די אַמעריקאַנער. דערנאָך ווערן אונדז געוויזן מוסטערן פון די אַלע אויסאַרבעטונגען פון דער פאַבריק פאַר די לעצטע אַנדערטהאַלבן הונדערט יאָר. און מיר פאַרלאָזן די אַמעריקאַנישע זייד־פאַבריק אין יאַפּאַן. באַם טויער שטייען און וואַרטן יאַפּאַנישע מיידלעך און קינדער, אָפּגעריסענע און הונגעריקע. זיי האָפן, אַז מען וועט זיי צונעמען צו דער אַרבעט. זיי זיינען גרייט אונטערצושרייבן יעדן אָפּ־מאַך — אַף צען יאָר, אַפן גאַנצן לעבן, אַבי מען זאָל זיי נאָר צולאָזן צו די וועב־שטולן אין באַראַק, זיי וועלן דאָרט פאַר אַ שיסעלע גראָז־זופּ שאַפן פאַר די אַמעריקאַנער לעידיס אויסערגעוויינלעכע, לויט זייערע קאָלירן און צייכענונגען — זיידענע שטאָפן.

— נו, אָט האָבן מיר אייך שוין אַלץ באַוויזן, — באַמערקן די אַמע־ריקאַנער, — וואָס־זשע טויג אייך נאָך צו פאַרבלייבן אין קיאָטאָ ?

— ניין, נאָך ניט אַלץ, איצט וואָלטן מיר געוואָלט זיך אומקערן צו די טעמפּלען.

— איר פלעגט דאָך זיי אויסמיידן ? — וווּנדערט זיך דער לייטע־נאַנט סקובי.

— יאָ, אונדז אינטערעסירן אָבער ניט נאָר די טעמפּלען, נאָר הויפּטזעכלעך סינטאָ. דאָס איז דאָך דער נאַציאָנאַלער יאַפּאַנישער קולט ! ניט אַזוי ?

— נו, מיילע, אויב סינטאָ — זאָל זיין סינטאָ, ווי איר ווילט, — איז מאַסקים דער אַמעריקאַנער.

אין דעם בוך „די יאַפּאַנישע געפאַר" האָט זיין מעכאַבער אָ'קאָנראַי געשריבן, אַז סינטאָ — איז גיכער אַ קולט, איידער אַ רעליגיע, ס'איז גיכער אַ באַוווסטזיין און אַ פאָרשטעלונג וועגן דער ווירקלעכקייט, איי־דער אַ גלויבן".

„אויב סינטאָאיזם וואָלט דערפירט געוואָרן צום ניוואָ פון אַ רע־ליגיע, וואָלט ער פאַרנומען דאָס אָרט ווי דער בודיזם און קריסטנטום.

עס וואָלט דאַן געוואָרן איינע פון די דריי רעליגיעס פון יאַפּאַן און וואָלט אינגאַנצן פאַרלוירן זיין פּרעסטיזש. סינטאָ איז יאַפּאַן, און יאַפּאַן איז סינטאָ. דער הויפּט פון סינטאָ איז אַ לעבעדיקע געטלעכקייט, זיין קייזער־גאָדל איז אַ דירעקטער בלוטיקער יורש פון דער געטין פון דער זון, פאַרקערפּערט אין אימפּעראַטאָר".

קאַטאָ גענטשי — דער מעכאַבער פון דעם „לימוד וועגן סינטאָ", באַשרייבט דעם קולט ווי „אַן אייגנאַרטיקן רעליגיעזן פּאַטריאָטיזם פון דעם יאַפּאַנישן פאָלק, וואָס באַשטייט אין ליב פאַר זיין אימפּעראַטאָר, וועלכער איז דער מיטלפּונקט פון דער לערע פון גלויבן", ס'איז אַן אייגנאַרטיקע יאַפּאַנישע פילאָזאָפיע, ס'איז אַ מעכטיקע פּאָליטישע מאַשין, וועלכע איז באַרופן צו דינען דעם לאַנד, אַף צו באַשיצן אַלע אירע עקזיסטירנדיקע אינסטיטוציעס". קאַקעכי קאַטסוכיקאַ, אַ צווייטער גרויסער סינטאָ־קענער, שטעלט פעסט, אַז „אַזוי לאַנג ווי עס לעבט סינטאָ, וועט אויך עקזיסטירן יאַפּאַן. שטאַרבט אָפּ סינטאָ — קומט אויך אום יאַפּאַן. דער סינטאָאיִזם קען עקזיסטירן נאָר אין יאַפּאַן, דאָס איז אַ קולט פון דעם יאַמאַטאָ־שייוועט און יאַמאַטאָ־לאַנד, — סינטאָאיִזם איז דער סינאָנים פון יאַפּאַן".

דעריבער איז סינטאָ געווען דער וואָרצל פון די וואָרצלען פון אַלע פאַשיסטישע און אולטראַנאַציאָנאַליסטישע טעאָריעס אין יאַפּאַן. און איצט? לאָמיר טאַקע אַריינטרעטן אין דעם סינטאָ־טעמפּל „יאַסקוני־דזינדזיאַ".

אַ קליינוווקסיקער דאַרער פּריסטער — טאַקאַכאַראַ יאַסיטאַדאַ האָט אונדז אויפגענומען ביים אַריינגאַנג אין טעמפּל. אַלס צייכן פון זיין אַכטונג צו אונדז האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אַף די קני און אונדז איינגעלאַדן צו זיך אין וווינונג. פאַרן אַריינגיין אָבער, האָבן מיר געמוזט אויסטאָן אונדזערע שיך און אָנטאָן ווייכע פילצענע פאַנטאָפל. אין דעם פּריסטערס וווינונג האָט מיך אויך איבעראַשט די פולשטענדיקע אָפּוועזנהייט פון וועלכע עס איז זאַכן. דאָס איז גיכער געווען ניט קיין וווינונגס־צימער, נאָר פּשוט אַ גרויסער סאַלאָן, די פּאָלן באַדעקט מיט שניי־ווייסע ווייכע טעפּיכער. אין אַ ווייטן ווינקל ליגן צוואָרפן קליינע קישעלעך, וועלכע פאַרבייטן בענקלעך.

טאַקאַכאַראַ יאָסיטאַדאַ האָט אונדז פאַרבעטן אין יענעם ווינקל און פאַרגעשלאָגן זיך אויסצוזעצן. ס'איז אונדז אויסגעקומען זיך אַראָפּצולאָזן אַף די קישעלעך, אונטערבייגנדיק אונטער זיך די פיס. אין אַזאַ מין פּאָזע זיינען מיר אָפּגעזעסן מיט אים ביז צו דער שפּעטער אָוונטצייט, נאָר אונדזער געשפּרעך איז געווען אַזאַ לעבהאַפטער, אַז קיינער פון אונדז האָט גאָר ניט באַמערקט, ווי עס איז פאַרבייגעלאָפן דער טאָג. פון צייט צו צייט פלעגט זיך דערנענטערן צו אונדז אַ נאַזיר אין ווייסן

געקליידעט און פלעגט אונדז מעכאַבעד זיין מיט גרינעם טיי, אָדער מיט קוואַדראַטנע שטיקלעך מאַרמעלאַד, וועלכער ווערט אויסגעאַרבעט טאַקע דאָ אין טעמפּל.

בעיים־מייסע פלעגט דער פּריסטער, — וועלכער איז איינער פון די אידעאָלאָגישע פירער פון סינטאָאיזם אין טאָקיאָ, און מעגלעך אַז פון גאַנץ יאַפּאַן, — אַנטשוויגן ווערן און פלעגט אַכטונג געבן אויף יעדער באַוועגונג פון דעם מאָנאַך, מאַכנדיק אים באַמערקונגען און קאָרעגירנ־דיק זיינע באַוועגונגען, קעדיי עס זאָלן דורכגעפירט ווערן מיט דער גאַנצער פּינקטלעכקייט און אַלע דעטאַלן די נויטיקע פאַרנייגונגען, באַוועגונגען פון די הענט, קאָפּ אאַז״וו. דאָס הייסט, דעם גאַנצן ריטואַל פון דער טיי־צערעמאָניע, וועלכער ער האָט ווי עס ווייזט אויס געהאַלטן פון גרויס וויכטיקייט.

דער אַמעריקאַנער לייטענאַנט ברעדלי האָט גלייך פון די ערשטע מינוטן אָן געמאָלדן, אַז ער האָט גאָרניט בעדייע צו זיצן אויף די קני. גלייך אָבער איז ער געפאַלן אויף אַן אַמצאָע, אַז אַ קישעלע איז דאָך באַשאַפן געוואָרן מען זאָל אויף איר אוועקלייגן דעם קאָפּ, און ניט לאַנג געטראַכט, האָט ער זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג הינטערן פּריסטער און איז גלייך איינגעשלאָפן.

און דאָס איז געווען גוט. מיר האָבן זיך באַמיט צו פירן אונדזער שמועס אין האַלבע טענער קעדיי ניט צו שטערן דעם שלאָף פון דעם אַמעריקאַנער אָפיציר. דערצו האָט אויך דער פּריסטער געהאַט די מעג־לעכקייט אַרויסצוברענגען זיינע געדאַנקען מער אָפנהאַרציק, אַזוי האָט יעדנפאַלס, דערקלערט אונדזער איבערזעצער ניסידזאַווא.

מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אויף די קישעלעך און האָבן געבעטן דעם פּריסטער, ער זאָל אונדז דערציילן וועגן דעם אוראַלטן סינטאָאיסטישן טעמפּל פון יאַפּאַן. טאַקאַכאַרא יאַסיטאַדאַ האָט קוידעמקאָל אונטערגע־שטראָכן, אַז ער איז ניט דער הויפּט פון דעם יאַפּאַנישן סינטאָאיזם. מיט אַלע סינטאָאיסטישע טעמפּלען פאַרוואַלטעט אַ הויפּט־באַראָן און זיין פּרעזידענט איז דער פירשט טאַקאַצוקאַסאַ, און ער, טאַקאַכאַרא יאַסי־טאַדאַ איז בלויז זיין געהילף. דער פּריסטער האָט אונדז דערלאַנגט שוין אַ צוגעגרייטע — אָפּגעדרוקטע אין דער ענגלישער שפּראַך — געשיכטע פון דעם טעמפּל „יאַסאַקוני־דזינדזיאַ״. דאָ ברענג איך דעם אַזוי געררו־פענעם אָפיציעלן רעליגיעזן מעמאָראַנדום קימאַט בוכשטעבלעך.

„יאַסאַקוני־דזינדזיאַ — וועלכער איז אין יאַפּאַן מער באַקאַנט אונ־טער נאָמען גיאָן־סאַן, — איז געווען געהייליקט נאָך אין די אוראַלטע צייטן. דער טעמפּל איז געגרינדעט געוואָרן נאָך איידער דער גרינדונג פון דער שטאָט קיאָטאָ, וועלכע עקזיסטירט שוין אויך מער ווי טויזנט יאָר. אין דער היינטיקער צייט איז גיאָן־סאַן דער צענטער פון פאַרערונג פון די

מיזרעכדיקע פריידיקער און מאָנאַכן, אָבער כוץ זיי קומען אַהער נאָך אַ סאַך טויזנטער אויל־רעגלניקעס פון אַלע יאַפּאַנישע אינדזלען. אין דעם טעמפּל ווערט פאַרגעטערט דער עלטסטער פון אַלע געטער — דער גאָט „סוסאַנאָ־נאָ־מיקאָטאָ" — ער הערשט איבער דער ערד און די שטערן. ער איז דער אינגסטער ברודער פון „אמאטעראסו אמיקאמי" — די געטין פון דער זון, וועלכע איז די שטאַם־מוטער פון דעם יאַפּאַנישן פאָלק. יעדן יאַפּאַנער איז גוט באַקאַנט די לעגענדע וועגן דעם ווי אַזוי סוסאַנאָ־נאָ־מיקאָטאָ האָט דערהארגעט אַ ריזיקן שלאַנג און געראַטעוועט דערמיט דאָס לעבן פון אַ יונגער פּויערטע. פאַר זיין העלדישקייט איז ער שטאַרק פאַרגעטערט צווישן די פּויערים. ער ווערט געשעצט אויך אַלס געטלעכער דיכטער, ווייל ער האָט דער ערשטער געבראַכט קיין יאַ־פּאַן לידער, וועלכע זיינען איבערפולט מיט אַ רייצנדיקן אַראָמאַט. דער גאָט איז אויך באַקאַנט ווי אַ רויפע, ווייל ער האָט געראַטעוועט די שטאָט קיאָטאָ פון אַ שרעקלעכער עפּידעמיע.

„עס איז באַקאַנט אַ לעגענדע וועגן דעם, ווי סוסאַנאָ־נאָ־מיקאָטאָ האָט אַמאָל געוואַנדערט איבער דאָרעם פון יאַפּאַן און איז אַריין אין אַ הויז, קעדיי דאָרט איבערצונעכטיקן. דער באַלעבאָס פון הויז איז גע־ווען זייער רייך, אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט אַריינצולאָזן צו זיך דעם וואַנדערער. זיין אינגערער ברודער אָבער, אַן אָרעמאַן נאָר אַ גוטהאַר־ציקער מענטש האָט ראַכמאָנעס געהאַט אױפן גאָט, אים פאַרבעטן צו זיך און אַפילע אים מעכאַבעד געווען מיט געקאָכטע הירזש. דערפאַר האָט גאָט אָפּגעשאַצט די מײַלעס פון דעם גוטהאַרציקן יאַפּאַנער און האָט אים צוגעזאָגט אַ ווילשטאַנד אױף אײביק. שפּעטער ווען אין יענער שטאָט איז אַנטשטאַנען אַן עפּידעמיע פון פּעסט און פיבער זיינען אַלע אומ־געקומען, אויסער דער מישפּאָכע פון יענעם גוטן פּויער.

יענער גוטהאַרציקער מענטש האָט געהייסן סאָמין סיאָר".

און אַפילע איצט, ווען די פּויערים קומען זיך צונויף אין אונדזער טעמפּל אױף אַ יאָנטעוו, טראָגן זיי אַלע אױף זייערע קימאָנאָס אַ קאַמייע מיט אַן אױפשריפט: „איך שטאַם אָפּ פון סאָמין סיאָר".

סוסאַנאָ־נאָ־מיקאָטאָ איז אויך געווען גרויזאַם און דעספּאָטיש, ער האָט אָבער געפונען אין זיך גענוג קויעך צו באַקומען אַ געטלעכן כאַ־ראַקטער, ער האָט איבערגעבויט זיין זינדיקע נעשאָמע און געעפנט אַ וועג פאַר דער מענטשהייט, פאַר איר אויסלייזונג. אַזוי אַרום האָט ער געגעבן דער וועלט אַ ביישפּיל פון זעלבסט־דערציִונג און ווידערגעבורט.

דער גאָט ווערט אויך געאַכטעט אַלס גרינדער פון דער יאַפּאַנישער עטיק.

אין דער צייט פון מיטלאַלטער, ווען די פעאָדאַלן האָבן צווישן זיך געפירט מילכאָמעס, איז דאָס גאַנצע לעבן און די באַשעפטיקונג פון די

איינוווינער פון קיאָטאָ געווען ענג פארבונדן מיטן „גיאָ־סאן", ווייל אַלע פלעגן זיך באַזעצן, האָרעווען און געפינען אַ מאָקעם־מיקלעט צופוסנס פון דעם טעמפל.

אויב איר וועט שטודירן די געשיכטע פון דער אוראַלטער און גרויסער שטאָט, מוזט איר וויסן, אַז דער טעמפל גיאָ־סאן האָט גאָר אַ סאך אויפגעטאָן פאַרן פּראָגרעס פון דער ציוויליזאַציע אין קיאָטאָ.

דער יאָנטעוו פון דעם טעמפל ווערט דורכגעפירט יעדן יאָר. די מיקאָסי־פּראָצעסיע איז הערלעך און פרייליך. זי הייבט זיך אָן פון טעמפל דעם זיבעצנטן יולי באַגינען און קערט זיך אום צוריק דעם 24־טן יולי נאָך זון־אונטערגאַנג. באַוועגלעכע עסטראַדעס —„באַקאַ"— ווערן באַגלייט דורך אַ טאַנצנדיקן פאַרמאַסקירטן האַמוין און אַפן וועג שליסן זיך איין נאָך טויזנטער און טויזנטער מענטשן. זיי טראָגן אַף זייערע פּלייצעס אַ מיניאַטור אויסגעבויטן טעמפל, וועלכער איז אויסגעצירט און באַפּוצט פון די בעסטע קינסטלער מאָלערס און שניצער. אין דער צייט פון דעם יאָנטעוו קען מען זען די קווינט־עסענץ פון דער יאַפּאַנישער קונסט. ניט ווייניק אוראַלטע מינהאָגים, וועלכע זיינען ענג פאַרבונדן מיט דעם טעמפל, עקזיסטירן נאָך אַדאַיעם. צום ביישפּיל ערעוו נײַ־יאָר זאַמלען זיך צונויף אין טעמפּל גיאָ־סאן מענטשן, קעדיי צו באַקומען דאָס הייליקע פייער. זיי ברענגען דאָס פייער צו זיך אַהיים און צינדן אָן מיט אים דעם אַזוי־גערופענעם „אַטאַמע" — דאָס ליכט פאַרן מיזבייעך — און גרייטן צו זייער נײַ־יאָר־סודע. זיי ברענגען דאָס פייער אַהיים פון טעמפל מיט דער פולסטער איבערצייגונג, אַז די מײַכאָלים, וועלכע ווערן אָפּגעקאָכט אַף דעם פייער, וועלן ברענגען פאַר זיי גליק און וועלן זיי אָפּריניקן פון אַלדאָס בייזע וואָס האָט זיך צו זיי צוגעקלעפּט אין לויף פון זייער לעבן.

די מענטשן וועלכע באַווינען יאַפּאַן גלויבן אין בודיזם, אין קריסטנטום און קאַטאָליציזם, אָבער דאָך, ניט געקוקט אַף דעם צו וועלכן גלויבן יעדער איינער געהערט, גלויבן אַלע איינוווינער פון יאַפּאַן, אָן אויסנאַם, אויך אין סינטאַיִזם און בעטן אויס בא אים פאַר זיך גליק און זיכערקייט".

נאָכן דורכלייענען אָט די דריי זייטלעך, וועלכע דער פּריסטער האָט אונדז איבערגעגעבן, האָבן מיר געפרעגט:

— ווי אַזוי איז דאָך געגרינדעט געוואָרן דער טעמפל?

— פאַראַן צוויי ווערסיעס וועגן דעם — ענטפערט טאַקאַכאַרא — איינינקע פאַרזיכערן, אַז דער טעמפל איז געגרינדעט געוואָרן אין יענער צייט, ווען מען האָט אויפגעבויט די שטאָט קיאָטאָ; אַנדערע ווידער גלויבן, אַז נאָך איידער קיאָטאָ איז געגרינדעט געוואָרן, אין דער צייט פון דעם אימפּעראַטאָר סיימעי, דאָס הייסט מיט 1300 יאָר צוריק איז

דאָ אַף דעם באַרג אַנטשטאַנען דער טעמפּל גיאַ־סאַן. עס זיינען פאַראַן אויך מענטשן, וועלכע פאַרזיכערן אַז די געביידע האָט געדינט אַמאָל אַלס רעזידענץ פון איינעם אַ גרויסן פעאָדאַל — פודזיוואַרא מאַטאַצונע — אָבער דאָס איז אַ טאָעס. דעם טעמפּל האָט אויפגעבויט דאָס פאָלק. די גאַנצע קונסט פון די אוראַלטע בוי־מייסטערס און קינסטלער איז אָפּגעשפּיגלט אין אַלץ וואָס איר זעט דאָ אַרום זיך. אין טעמפּל, אין דעם גאָרטן אפילו און אויך אין דעם סאַלאָן, ווו מיר געפינען זיך איצט מיט אייך.

— איך וואָלט געוואָלט וויסן, אין וואָס באַשטייט, לויט אייער באַגריף, דער איקער פון סינטאָאיִזם ? — פרעג איך באַם פּריסטער.

טאַקאַכאַרא האָט אַרויסגענומען פון זיין ברייטן אַרבל אַ קליין שטעקעלע, מיט וועלכן ער האָט אָנגעשטאָכן אַ גרויס שטיק מאַרמעלאַד און אים אַרויפגעלייגט אַף אַ פּאַפּירל, וועלכן ער האָט אויך אַרויסגעשלעפּט עפּעס פון די פאַלדן פון זיין קימאָנאָ. מיט איילעניש און שנעל האָט ער איינגעשלונגען דעם מאַרמעלאַד, דאַן אָ זופּ געטאָן דריי מאָל אַ גאָר געלן טיי, אויסדרייענדיק דערביי דריי מאָל דאָס טעצל אַפּן פלאַך פון זיין האַנט. נאָך דעם האָט ער אָפּגעגעבן דאָס טעצל דעם מאָנאַך, וועלכער איז שנעל צוגעשפּרונגען צו אים. ער האָט צוזאַמענגעלייגט דאָס פּאַפּירל און עס אַריינגעלייגט צוזאַמען מיטן שטעקעלע אין אַ קליינער קעשענע, פאַרוואָרפן זיין קאָפּ און האָט אָנגעהויבן צו ריידן.

ער האָט אונדז דערציילט וועגן סינטאָאיִזם מיט אַ פאַרשטיקטער הייזעריקער שטימע, ניט לייגנדיק קימאַט קיין שום אכט אַפן איבערזעצער און אפילו ניט באַמערקנדיק אונדז. באַ מיר האָט זיך געשאַפן אַן איינדרוק, אַז טאַקאַכאַרא זאָגט פאַר אונדז עפּעס אַ לאַנג־אויסגעשטודירטע דראָשע, עס האָבן זיך געהערט אין איר אויסגעשרייען, דראָאונגען און אָפּשרעקנדיקע זשעסטן ; זיין פּאָנעם האָט געהאַט דערביי דאָ אַ שטרענגן אויסדרוק און מיטאַמאָל פלעגט זיך זיין שטימע פאַרוואַנדלען אין אַ צערטלעכן כניפעדיקן טאָן — מיט איין וואָרט, ער האָט באַנוצט די אַלע מיטלען, וועלכע עס נוצט אויס אַ רעדנער ווען ער וויל איבערצייגן זיינע צוהערער אין דעם גלויבן וואָס ער גלויבט. בעקיצער קאָן מען אויסדריקן דעם פּריסטערס געדאַנקען מער אָדער ווייניקער אַזוי :

אַלע מענטשן וועלכע וווינען אויסער יאַפּאַן פאַרשטייען ניט דעם סינטאָאיִזם. דאָס ווערט דערקלערט מיט דעם, וואָס אין דער צייט פון דער מילכאָמע איז געוואָרן פאַרקריפּלט דער סינטאָאיִזם, און דער גרויסער און אייביקער קולט פון דעם יאַפּאַנישן פאָלק איז געוואָרן אויסגענוצט פאַר פּאָליטישע און קריג־צוועקן. עס פלעגן אַריינדרינגען אין די סינטאָאיִסטישע טעמפּלען די גרעסטע גענעראַלן מיט פּאָדערונגען, אַז די גלויביקע זאָלן בעטן גאָט פאַר אַ ניצאָכן. פאַר דער מילכאָמע פלעגן

אויך די גענעראַלן פאָדערן, אַז דאָס פאָלק זאָל גאָט בעטן לויט זייערע אָנווייזונגען. מען טאָר דאָך אָבער ניט פאָדערן באַם פאָלק עס זאָל בעטן פאַר עפּעס אַ באַשטימטער זאַך. דער גאָט פון סינטאָיִזם, וועלכער לעבט אין טעמפּל גיאָ־סאַן ווייסט אַליין גאַנץ גוט, וואָס ער דאַרף געבן די מענטשן און וואָס ער דאַרף זיי אָפּזאָגן.

— און וויפיל זיינען לויט אייער מיינונג פאַראַן מענטשן אין יאַפּאַן וואָס גלויבן אין סינטאָיִזם?

טאַקאַכאַראַ האָט געגעבן אַ שמייכל און געענטפערט:

— לויט מיין מיינונג זיינען אַלע יאַפּאַנער סינטאָיִסטן, ווייל די בודיסטן און קאַטאָליקן, וועלכע באַוווינען יאַפּאַן, זיינען אויך סינטאָיִסטן. מיר שיינט אַז סינטאָיִזם איז די מאָראַלישע באַזע פון די יאַפּאַנער. אייניקע זיינען געניגט צו פאַרזיכערן, אַז סינטאָיִזם איז גאָר ניט קיין רעליגיע אויב אין דעם באַשטייט זיין ראָל, איך אָבער דענק, אַז זיין איקער באַשטייט טאַקע אין דעם, וואָס דער סינטאָיִזם ווידערשפּרעכט ניט אַלע אַנדערע רעליגיעס. אַנדערע דערקלערן, אַז סינטאָיִזם איז אויך אַ מין רעליגיע, ווייל אונדזערע טעמפּלען אָרדענען איין יאָנטויוויום און צערעמאָניעס, אָבער אַזאַ מין אויסטייטשונג איז אַ טאָעסדיקע. סינטאָיִזם איז דער אייביקער מאָראַלישער יאַפּאַנישער קולט און קיינער איז ניט אימשטאַנד אים צו פאַרניכטן. סיידן מען זאָל אויך פאַרניכטן דאָס גאַנצע פאָלק.

— אַלזאָ, גוט, — זאָג איך — איר אָנערקענט אויך די געטער פון אַנדערע גלויבנס.

— יאָ, — ענטפערט דער פּריסטער, — איבערהויפּט די בודיסטישע געטער. אין דער צייט פון דער טאָקוגאַוואַ דינאַסטיע האָבן די סינטאָיִסטישע טעמפּלען געלעבט אין אַ גרויסער פריינטשאַפט מיט די בודיסטישע.

— און ווי אַזוי באַציט זיך דער סינטאָיִזם צו דער פרוי, צו דער כאַסענע און צו דער מישפּאָכע? — פרעגן מיר דעם פּריסטער.

— שוין זינט די אוראַלטע צייטן איז די היים געווען דער צענטער פון דעם מענטשנס לעבן. אַלע האָבן געוווינט צוזאַמען אין איין הויז. שפּעטער זיינען אַנטשטאַנען דערפער, שטעטלעך, שטעט און, לויט אונדזער שטאַנדפּונקט, זיינען דאָס אַלץ פאַרייניקטע מישפּאָכעס. מיר האַלטן אַז די גאַנצע וועלט — איז איין מישפּאָכע, און איך האָף אַז אין דער צוקונפט וועט די גרויסע מישפּאָכע זיך באַציען מיט גרויס אַכטונג צום סינטאָיִזם.

אין זייער פיל ביכער וועט איר קענען לייענען, אַז יאַפּאַן איז אַ ווייבלעך לאַנד, ווייל זי איז געגרינדעט געוואָרן דורך דער געטין פון דער זון. אין די אוראַלטע צייטן פלעגן די פרויען זיך פאַרנעמען מיט אַגריקולטור, מיט וועבעריי, מיטן באַזאָרגן דאָס שפּייז, ווייל אַלע מענער

פלעגן זיין פאַרנומען מיט פירן מילכאָמעס. איצט אָבער איז שוין דער מאַן דער הויפּט פון אַ מישפּאָכע און אויך דער הויפּט־פּאַרנאָסע־געבער, איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז די פרוי איז אָפּגערוקט געוואָרן אַפן צווייטן פּלאַץ.

— מיילע, לאָמיר דאָס אַלץ לאָזן אין אַ זייט — האָב איך פאָר־געשלאָגן, — עפּשער קענט איר אונדז אויפקלערן אין וואָס באַשטייט דער צוזאַמענהאַנג צווישן דעם אימפּעראַטאָר און דעם סינטאָאיִזם?

— די געשיכטע־שרייבער — ענטפערט דער פּריסטער — פאַר־בינדן דירעקט דעם אימפּעראַטאָר מיטן סינטאָאיִזם, ווייל זיי האַלטן אים פאַרן הויפּט פון דעם קולט. לויט אונדזערע באַגריפן האָט דער יאַפּאַני־שער אימפּעראַטאָר, וועלכער שטאַמט פון דער געטן פון דער זון, זיך אַראָפּגעלאָזט אַף אַ וואָלקן פון הימל אַף אונדזער ערד. פון וויסנשאַפט־לעכן שטאַנדפּונקט אָבער קען מען ניט דערקלערן אָט די פאָלקס־לעגענ־דע. און אין דעם באַשטייט אונדזער טראַגעדיע. וואָס שייַעך מיר, האַלט איך פאַר אַן אומבאַשטרייטבאַרן פאַקט, אַז די געטן פון דער זון איז די שטאַם־מוטער פון אונדזער פאָלק און איז די הויפּט פון אונדזער אימ־פּעראַטאָרס דינאַסטיע.

— וואָס פאַר אַ צילן שטעלט איר איצט פאַר דער סינטאָאיִסטישער באַוועגונג אין יאַפּאַן?

דער פּריסטער האָט זיך פאַרטראַכט, דערנאָך איז ער אויפגעשטאַ־נען און האָט אַרויסגערעדט מיט אַ טאָן, ווי מען וואָלט געזאָגט אַ שפּרוך:

— באַם סינטאָאיִזם איז דאָ אַ מינהעג, דער אַזוי גערופענער „אָכאָ־ראַי“, וואָס באַדייט „די גרויסע רייניקונג“. ער באַשטייט אין דעם אַז מענטשן קומען אין טעמפּל און זיינען זיך מוידע און מיסוואַדע פאַר גאָט אין זייערע זינד און ברענגען דערביי אַלס קאָרבן פאַר אים זייער פאַרהאָרעוועט געלט, פּראָדוקטן, רייז — אַלץ וואָס זיי פאַרמאָגן. דער־מיט ווערן זיי גערייניקט. דאָס יאַפּאַנישע פאָלק האָט איצט אַ גרויסע זינד — עס האָט געליטן אַ מאַפּאָלע. דעריבער מוז דאָס פאָלק קומען אין אונדזערע טעמפּלען, אַלץ אָפּפערן פאַר גאָט און בעטן פאַר זיין אויסלייזונג.

נאָך דעם האָט דער פּריסטער דעמאָנסטרירט פאַר אונדז דעם סיי־דער פון ברענגען מאַטאָנעס. ער פלעגט זיך שטעלן פאַר יעדערן פון אונדז אַף די קני און פלעגט אויסציען זיינע הענט אין וועלכע ער האָט געהאַלטן אַ קליין שעכטעלע מיט אַ באַמבו־קריגל, וועלכער איז אויסגע־אַרבעט געוואָרן און אויך געהייליקט געוואָרן אין טעמפּל. דאָס קריגעלע האָט ער אונדז שפּעטער געשאָנקען אַלס צייכן פון דאַנקבאַרקייט פאַר אונדזער באַזוך.

דערנאָך באַגלייט אונדז טאַקאַכאַרא יאַסיטאַדאַ ביז צום הויפּט־אַריינגאַנג, ווו די גלאָקן גיבן אַרויס יעדע מינוט אַ וויינענדיקן און

ווּיבּרירנדיקן קלאַנג. דאָס נעמט זיך פון דעם, וואָס די פאַרבייגייענדיקע יאַפּאַנער גייען צו צו אַ לאַנגער שטריק, און אַריינוואַרפנדיק אַ האַלבן יען אין אַ שאַכטל, גיבן זיי אַ קלונג אין גלאָק.

— דאָס רופן זיי אַרויס דעם גאָט, — האָט געזאָגט דער פּריסטער מיט זיין פייערלעכער שטימע — איידער זיך ווענדן צו גאָט, קלינגען זיי אין גלאָק און בעטן אַז ער זאָל זיי אויסהערן. אָט זעט איר ווי יענע פרוי אין דעם גרויען קימאָנאָ שטייט שוין אַ האַלבע מינוט און וואַרט ביז צו גאָט וועט דערגייען איר קלונג אין גלאָק. איצט האָט זי זיך אַראָפּ־געלאָזט אַף די קני און זאָגט איר טפילע.

— וואָס בעט זי באַם גאָט? — פרעגן מיר.

דער פּריסטער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און האָט געענט־פערט:

— איך טאָר ניט הערן דאָס, וועגן וואָס די מענטשן בעטן באַ גאָט, דאָס איז זייער סאָד. — און איז אַוועק צו דעם אינעווייניקסטן טרעפּ פון טעמפּל.

אונדזער איבערזעצער אָבער האָט אונדז געזאָגט, אַז יענע פרוי וועלכע האָט געוואַרט אַ האַלבע מינוט ביז גאָט וועט זי דערהערן, האָט אַראָפּגעלאָזט אין קעסטל אַריין מעגלעך איר לעצטן האַלבן יען און האָט אין איר טפילע געבעטן — ברויט.

דאָס איז אַפילע ניט געווען קיין טפילע, נאָר פּאָשעט אַ געבעט, אַ וויי־געשריי פון אַ הונגעריקן מענטש.

דער פּריסטער אָבער טאָר ניט הערן די טפילעס וועלכע זיינען גע־ווענדעט צו גאָט. דאָס איז דאָך אַ הייליקער סאָד, וועלכן דער מענטש טראָגט אין דער טיפעניש פון זיין נעשאָמע.

מיר זיינען אַלזאָ געווען אין דעם מיטלפּונקט פון סינטאָיזם און זיך איבערצייגט, אַז עס לעבט נאָך איינער פון די שטאַרקסטע קויכעס, וואָס האַלט איין דאָס יאַפּאַנישע פאָלק אין אַ בלינדער, פאַנאַטישער אונטערטעניקייט, אַז עס עקזיסטירט נאָך אין דער היינטיקער צייט איי־נער פון די פינצטערסטע קולטן. איך האָב ניט איינמאָל אָבסערווירט יונגע און אַלטע יאַפּאַנער פון אַלע געזעלשאַפטלעכע שיכטן, ווי זיי קו־מען צום סינטאָיִסטישן גאָט צו „דער גרויסער רייניקונג". די סינטאָיִס־טישע פּריסטער האָבן אויסגעאַרבעט ביז צו די מינדעסטע רעטאַלן דעם גאַנצן סיידער פון דער „אויסלייזונג" פון מענטשן פון זיינע שולדן — מעג די שולד זיין אַ מיליטערישע, אַ פּאָליטישע, אַן עקאָנאָמישע אָדער גאָר אַ פּערזענלעכע. דאָס איז זייער אַ פּיפּיקע, אַפן ערשטן בליק אַפילע אַ נעפּלדיקע, אָבער דאָך זייער אַ געפערלעכע קראַפט, וואָס קען גאַנץ לייכט שאָלעם מאַכן צווישן די, וועלכע האָבן אויפגעהויבן יאַפּאַן צו אַ מילכאָמע מיט די יעניקע וועלכע פלעגן אַף דער מילכאָמע אומקומען. צווישן די וועלכע האָבן אַף אייביק פאַרבונדן זייער גוירל מיטן פאַשיזם

און כאַלעמען נאָך אויך היינט וועגן אַגרעסיעס און מילכאָמעס מיט יע־נע וועלכע ווילן ניט קיין מילכאָמעס.

איך האָב געזען אין די סינטאָאיִסטישע טעמפּלען, ווי טויזנטער מענטשן שטייען אָפּ שאָען־לאַנג אַף די קני, וואָס האָבן זיי געבעטן? צו וועמען זיינען געווענדעט זייערע בליקן? — דאָס איז ניט געווען זייער רעליגיע און אויך ניט זייער גלויבן, ווייל איך האָב באַגעגנט אין די סינטאָאיִסטישע טעמפּלען בודיסטן און אויך קאַטאָליקן. דאָס איז גע־ווען זייער קולט, וועלכער האָט אין מעשעך פון יאָרהונדערטער פאַר־טעמפּט זייערע מויכעס, פאַרנעפּלט זייערע געוויסנס און איינגעוואָרצלט אין זיי דעם געדאַנק, אַז דער אימפּעראַטאָר איז זייער גאָט. און ווי עס וואָלט גאָר ניט געווען אַזאַ מין קראַפט וועלכע זאָל זיין בעקויעך אומ־צוברענגען דעם אימפּעראַטאָרס מאַכט.

אַפילע אַמעריקע, וועלכע איז געקומען קיין יאַפּאַן באַוואָפנט מיט איר טעכניק, האָט אויך ניט געוואָלט אַ טרייסל טאָן דעם געטלעכן טראָן, וועלכער שטייט איבער דעם באַזיגטן יאַפּאַן. דאָס פאָלק קען באַזיגט ווערן, דאָס מיליטער און דער פלאָט קענען געשטעלט ווערן אַף די קני, אָבער דער אימפּעראַטאָר — קיינמאָל ניט.

דערפאַר טאַקע געפינט איצט דער סינטאָאיִזם, נאָך גיכער ווי אין אַנדערע צייטן, די מעגלעכקייט אַריינצודרינגען אין די מענטשלעכע נע־שאָמעס. דער סינטאָאיִזם — איינער פון די רעאַקציאָנערסטע און נאַ־ציאָנאַליסטישסטע קויכעס פון יאַפּאַן — האָט גאָר ניט באַקומען קיין קלאַפּ אין יענעם טאָג, ווען די יאַפּאַנישע שעליכים זיינען אַרויף אַף דער אַמעריקאַנער קריגס־שיף „מיסורי". די גאַלאָכים און די פּריסטער, די אידעאָלאָגישע און טעאָרעטישע לייטערס פון סינטאָאיִזם, זיינען בלויז פאַרגליווערט געבליבן אַף איין רעגע, קעדיי באַלד אַף מאָרגן, מיט נייע קויכעס, בלויז עטוואָס ענדערנדיק זייערע מאָראַלישע באַזעס, ווידער אָנ־הויבן „צו רייניקן", און פאַרערן יענע מענטשן, וועלכע טראָגן אַף זיך די גרעסטע שולד.

דער סינטאָאיִזם האָט אויך זיין אייגענעם אוניווערזיטעט אין סאַמע האַרץ פון טאָקיאָ, ער פאַרמאָגט זיינע סעמינאַרן און אויך אַ גאַנצן אַר־סענאַל מיט ליגנערישע און פאַרפירערישע האַווטאָכעס, מיט וועלכע ער קומט צום פאָלק מיט דער אויסרעכענונג, אַז עס וועט נאָך קומען יענער טאָג, ווען די סינטאָאיִסטישע טעמפּלען וועלן ווידער געשטעלט ווערן אַף דער באַוואָפענונגס־ליניע, פּונקט ווי עס איז געווען אין מעשעך פון דעם לעצטן האַלבן יאָרהונדערט.

מיר האָבן זיך געזעגנט מיט טאַקאַכאַראַ יאָסיטאַדאַ באַם טויער, אַף וועלכן עס איז געהאַנגען אַן אויפשריפט, וואָס דינט אַלס סימבאָל ניט נאָר פאַר דעם טעמפּל, נאָר אויך פאַרן גאַנצן סינטאָאיִזם:

„רעגירן לויטער און העל, ווי די זון און די לעוואָנע".

דער שפּרוך איז פאַרפאַסט געוואָרן פון דעם באַראָן כיראַנומאַ, וועלכער זיצט איצט אין דער סוגאַמער טפּיסע. דעם שפּרוך פון באַראָן כיראַנומאַ האָט דער סינטאָיזם אויסגעוויילט אַלס זיין פאָן.

— 17 —

אין קליינעם גערטנדל באַם טעמפּל דערטראָגן זיך צו אונדז מוזי־קאַלישע קלאַנגען: צען מיידלעך מיט סאַקסאָפאָנען, פלייטן און פּייקע־לעך רופן אַלעמען ווער עס קומט אַרויס נאָכן דאַוונען פון טעמפּל אין צירק „אָטאַקע“. דאָרטן, אונטער אַ לייוונטענעם דאַך, טרעטן אויף אַק־ראָבאַטקעס און טענצערנס. פאַר בלויז צוויי יען שפּאַצירן זיי אָפן קאָפּ איבער דער אַרענע, פירן אויס געפערלעכע שפּרונגען, לויפן איבער אָנ־געצויגענע שטריק און קלעטערן אַרויף ביז צום סופיט און דאָרט אויבן מאַכן זיי זייערע לעבנסגעפערלעכע קונצן מיט אַ זאָרגלאָזן שמייכל. דער באַלעבאָס פון דעם צירק הייסט אַגיטי טאָמפּאָ. ער באַווייזט זיך קימאַט ניט פאַרן עולם, ער האָט אַ פאַרוואַלטער וועלכער גיט אַכטונג אויף די מיידלעך און לערנט זיי מוזיק און טענץ.

די מיידלעך לאַדן אונדז איין צו זיך, זיי ווילן זיך באַקלאָגן: עס דאַכט זיך זיי, אַז עס זיינען שוין איצט גאָר אַנדערע צייטן און דאָך קומט זיי אויס יעדן אָוונט שטיין באַם אַריינגאַנג אין טעמפּל און בעטן נעדאָוועס, ווייל דער באַלעבאָס גיט זיי ניט קיין עסן און צאָלט ניט קיין געהאַלט. וואָס דאַרפן זיי טאָן?

— פאַרוואָס באַשטראָפט ער אייך אַזוי שטרענג? — פרעגן מיר בא די צירק־אַרטיסטקעס.

אַ יונג מיידל — טיכיראַ, איז זיך מוידע, אַז זי פאַלט זייער אָפט באַם דורכפירן איר נומער, רעדפאַר גיט מען איר ניט קיין עסן.

— מיר האָבן דאָך ניט קיין קויעך, — זאָגט זי — מיר בעטלען דאָך. אַגיטי האָט מיך אָפּגעקויפט דריי מאָנאַטן איידער די מילכאָמע האָט זיך פאַרענדיקט. איך האָב ניט קיין מוטער. מיין פאָטער האָט כאַ־סענע געהאַט צום צווייטן מאָל. ער איז אָבער זייער אָרעם. אַגיטי האָט באַצאָלט פאַר מיר צוויי טויזנט יען, און איך מוז האָרעווען באַטאָג און באַנאַכט. נאָך דער צירק־פאָרשטעלונג אַרבעטן מיר פיזיש זייער שווער. מיר האָבן שוין ניט איינמאָל געוואָלט אַנטלויפן פון דאַנען, מיינע כאַ־ווערטעס זיינען אויך אָפּגעקויפט געוואָרן בא זייערע עלטערן — אָבער דער פאַרוואַלטער היט אונדז, ער באַהאַלט אונדזערע קימאָנאָס און גיט אונדז ניט קיין שפּייז.

— פאַרוואָס ווענדט איר זיך ניט צו דער פּאָליציי? איצט איז דאָך פאַרבאָטן אָפּצוקויפן מענטשן? — פרעג איך בא זיי.

— געוויס זיינען מיר געגאַנגען צו דער פּאָליציי, אָבער אַגיטי האָט

אויך דאָרט זיינע געשוווירענע מענטשן. אַכוץ דעם, קומען אַהער צו גיין באַנאַכט די פּאָליציי־באַאַמטע, זיי שיקערן דאָ און אונדז צווינגט מען מיט זיי צו פאַרברענגען. ס'איז דאָך שוין ניט אויסצוהאַלטן, מיר ווייסן אָבער ניט צו וועמען זיך צו ווענדן?

— און ווו געפינט זיך אַגיטי?

— איצט איז ער אין טעמפּל. באַטאָג איז ער שטענדיק דאָרטן. די פּריסטער רעספּעקטירן אים זייער. מיר אָבער האַסן אים. ווען מיר טאַקע קיינמאָל ניט קענען אַרויסרייסן זיך פון דאַנען?

מיר וואַרטן ביז די אַמעריקאַנער רופן אַרויס די פּאָליציי.

פון דערווייטנס באַטראַכטן מיר דאָס לעבן אין דעם סינטאָיִסטישן טעמפּל. די מאָנאַכן, געקליידט אין זייערע ווייסע קימאָנאָס, באַגעגענען די אַלע אָנקומענדיקע מענטשן, און פאַרנייגן זיך פאַר זיי ביז צו דער ערד. דערביי שטייט אויך אַ פּריסטער, וועלכער פירט זיך אויף מיַיסע באַלעבאָס.

„מען דאַרף רעגירן לויטער־העל, ווי די לעוואָנע און ווי די זון", — קומט מיר אַף מיין זיקאָרן די אויפשריפט באַם אַריינגאַנג אין טאַקאַכאַ־ראַ יאַסיטאַדאַס הויז. וועט ער נאָך לאַנג פּריידיקן זיין טעאָריע פון אַן איינהייטלעכער מישפּאָכע, וועגן דער געטלעכקייט פון דעם אימפּעראַ־טאָר און וועגן דער אומשטערבלעכקייט פון סינטאָ — פון דעם קולט, וועלכן עס האָט פאַר זיך אויסגעוויילט יאַמאַטאַס פאָלק? עפּשער וועט אויך אַהער מיט דער צייט אַריינבלאָזן דער אָפּפרישנדיקער ווינט פון דער דעמאָקראַטיע? — איך ווייס ניט פאַרוואָס, זייענדיק דאָ אין דעם טעמפּל איז מיר געקומען אַפן זיקאָרן אַ דערציילונג פון אַ יאַפּאַנישן זשורנאַליסט סודזוקי טאָמין. צוזאַמען מיט זיינע פריינט סאַקינע עצורא און ניאַידזימאַ סיגערא איז ער געפאָרן אין דער שטאָט יאַמאַדאַ. דאָרטן זיינען זיי אויפגעטראָטן מיט קאָנפערענצן וועגן דער דעמאָקראַטיזירונג פון יאַפּאַן. דערציילט האָבן זיי פאַרן אוילעם וועגן די פּאַשעטסטע זאַכן, וועלכע מיר באַטראַכטן אַלס זעלבסטפאַרשטענדלעכע: וועגן דעם מענטשן וועלכער קען און מוז זיין פריי, וועגן דער ערד, וועגן אַרבעט און דאָ זיינען צו אים צוגעגאַנגען דריי פרויען, וועלכע זיינען זיך מוידע געווען אַז זיי זיינען אַנטלאָפן פון אַ שאַנד־הויז. סודזוקי האָט פאַרשריבן זייע־רע נעמען: כיראַנאַ עצו, אַקאַזאַוואַ קימי און טאַקעבאַיאַסי אַנע. מען האָט זיי פאַרקויפט צו אַן אייגנטימער פון אַ שאַנד־הויז אין יאַמאַדאַ. זיי האָבן ניט געוואָלט גיין אַהין. ראַן האָבן זייערע עלטערן געפרעגט באַ זיי וואָס געפעלט זיי בעסער: וואַרטן אַף אַ הונגער־טויט, אָדער צו לעבן אין אַ לוקסוסדיקן שאַנד־הויז? די מיידלעך האָבן נאָך ניט באַוויזן צו געבן אַן ענטפער און שוין האָט זיך דערנענטערט אַ קאָמיסיאָניסט, וועל־כער זוכט אַרום אין די דערפער שיינע מיידלעך פאַר שאַנד־הייזער, און ער האָט זיי פאַרגעשלאָגן אַ קאָנטראַקט. פאַר מיידלעך, וועלכע פאַלן

אריין אין אַ שאַנד־הויז, איז ניט פאַראַן קיין שרעקלעכסטער וואָרט ווי דאָס איז „אַ קאָנטראַקט״. און דאָס איז פאָרגעקומען דאַווקע אין יענעם טאָג ווען מען האָט אַזוי אָנגעקוואָלן אין יאַפּאַן פון מאַק־אַרטורס קלוג־שאַפט: דער גענעראַל מאַק־אַרטור האָט פאַרבאָטן דעם קויף און פאַר־קויף פון מענטשן.

די דריי מיידלעך זיינען אַריינגעפאַלן אין אַ שאַנד־הויז, אָבער גאָר אין גיכן האָבן זיי באַשלאָסן דאָס הויז צו פאַרלאָזן, זייערע עלטערן זיי־נען אָבער דאַן געווען אין נאָך אַן ערגערן צושטאַנד, ווייל דער גוטבאַזי־צער האָט באַ זיי צוגענומען דעם גאַנצן שניט — דאָס איז געווען זיין רעכט. דער אייגנטימער פון דעם שאַנד־הויז האָט דאַן איבערגעשיקט צו די אָרעמע פויערים אַן אוואַנס אַפּן כעשבן פון די צוקונפטיקע האַכנאָ־סעס פון זייערע טעכטער.

די מיידלעך האָבן אָבער דאָך ניט געוואָלט פאַרבלייבן אין דעם שאַנד־הויז און האָבן געפאָדערט אַז מען זאָל זיי אָפּשיקן צוריק אַהיים. דער באַלעבאָס האָט זיי אָפּגעזאָגט, ווייל אין זיינע הענט איז געווען דער „קאָנטראַקט״. די מיידלעך האָבן זיך געווענדעט צו דער פּאָליציי, אָבער די פּאָליציי האָט זיך אָפּגעזאָגט זיי צו העלפן. סודזוקי האָט זיך אונטערגענומען זיי אַרויסצוראַטעווען. עס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט, אַז דער פּאָליציי־שעף באַקומט ביזן היינטיקן טאָג געוויסע פּראָצענטער פון די האַכנאָסעס פון דעם שאַנד־הויז.

— איז דאָס עמעס, אַז אין קיאָטאָ געפינען זיך נאָך ביז איצט צוויי טויזנט שאַנד־הייזער? — האָב איך געפרעגט באַ אַ געוויסן פּאָ־ליציי־באַאַמטן.

— דאָ איז אַפילע פאַראַן אַ פאַרבאַנד פון שאַנד־הייזער, — האָט יענער מיר געענטפערט. — איר קענט באַזוכן דעם פאָרזיצער פון דעם פאַרבאַנד, וועלכער איז אין קיאָטאָ דער געאַכטעטסטער און דער איינ־פלוסרייכסטער מענטש.

— 18 —

פאַר אַ גרויס העל־באַלויכטן הויז האָט אונדז באַגעגנט אַן אויטאָ־מאָביל פון דער עמפּי. אַן אַמעריקאַנער סאָלדאַט האָט קאָנטראָלירט די דערלויבעניש באַם אָפיציר, וועלכער איז מיטגעפאָרן מיט אונדז און האָט אונדז אַלעמען אַריינגעלאָזט אין דעם הויז. אין דעם פאָדערצימער איז אַרויס צו אונדז אַ קליינינקער, פּיפּיקער יאַפּאַנער און האָט אונדז פאַר־בעטן אַריינצוגיין אין דעם קאַבינעט פון דעם פאָרזיצער פון דעם פאַר־באַנד פון טיי־הייזער.

אַ דיקער, הויכער מאַן מיט אַ גלאַט אויסגעראַזירטן פּאָנעם, אָנגע־טאָן אין אַ ווייס אויבער־העמד און שוואַרצן קראַוואַט, האָט מיט אַ פול־שטענדיקער גלייכגילטיקייט אויסגעשטרעקט אונדז זיין האַנט. ער האָט

זיך ניט גענויטיקט אין רעקלאַמע און דעריבער איז אונדזער באַזוך גאָר־ניט געווען אים צום האַרצן. אַף זיין גרויסן שרייבטיש זיינען געלעגן פּאַפּירן אָפּגעדרוקטע אַף אַ שרייב־מאַשין, איינציקע ביכער, אַ האַנדלס־קאַלענדאַר מיט פאַרצייכענונגען וועגן באַשטעלטע אוידיענצן אָדער אָפּ־מאַכן, אַ פּעקל פּרימאָרגן־צייטונגען, צוויי טעלעפאָן־אַפּאַראַטן און אַ קליין שרייב־געצייג אויסגעאַרבעט אין יאַפּאַנישן סטיל.

אַף אַ וואַנט פון דעם קאַבינעט — אַ גרויס בילד: „אַ פרוי אין אַ בליענדיקן גאָרטן”. מיר קוקן זיך אום און קענען בעשום אויפן ניט שאָלעם־מאַכן מיטן געדאַנק, אַז דער געשעפטס־קאַבינעט מיט די סעקרעטאַרן, טעלעפאָנען, קאַלענדאַרן אאַז"וו, איז ניט קיין „אָפיס” פון עפּעס אַ גרויסער טעקסטיל־פאַבריק, ניט קיין רעזידענץ פון אַ גובערנאַטאָר, נאָר דאָס איז דער הויפּט־צענטער אין קיאָטאָ, ווו מענטשן באַשעפטיקן זיך מיט פרויען־האַנדל.

דער פאָרזיצער האָט אַרויסגעצויגן פון זיין קעשענע אַ וויזיט־קאַרטע און האָט זי מיר איבערגעגעבן. איך לייען „מאַצומוראַ”. מיר האָבן זיך אַלע אויסגעזעצט אין די פאָטעלן און צוגעטראָטן צו דער זאַכלעכער באַהאַנדלונג, פרידלעך און רויק, פון אַ פּראָבלעם, וועלכע באַגמרויקט, אָדער בעסער געזאָגט, וועלכע דאַרף באַגמרויקן דעם היינטיקן יאַפּאַן.

— וויפל הייזער פאַראייניקט דער פאַרבאַנד? — האָב איך געפרעגט.

מאַצומוראַ האָט אַריינגעקוקט אין זיין קליין ביכעלע, מיט לעדערנע טאָוולען, און האָט געענטפערט:

— הונדערט נײַנציק הייזער!

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, וואַרטנדיק אַף אונדזערע ווייטערדיקע פראַגעס. איך האָב פאַרשטאַנען אַז ער האָט ניט ליב צו ריידן וועגן די געשעפטן וועלכע ער פירט שוין באַלד אַ פערטל יאָרהונדערט. דאַן האָב איך געבעטן בא מאַצומוראַן, ער זאָל אונדז דערציילן, ווי אַזוי ווערן יונגע יאַפּאַנישע מיידלעך — גיישעס. ער האָט זיך אויסגעצויגן אין זיין טיפן פאָטעל און האָט זיך גענומען דערמאָנען מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, אַריינקוקנדיק פון צייט צו צייט אין זיין ביכעלע, איבעררייסנדיק אַף אַ ווײַלע זיין דערציילונג, ווען עס איז אים אויסגעקומען צו ענטפערן אַף אַ טעלעפאָנישן אָנרוף, אָדער אַף אַ פראַגע פון אַן אַריינגעקומענעם סעקרעטאַר.

מאַצומוראַ האָט פאַר אונדז געשילדערט אַ ביבליש בילד. יעדעס מיידל פון יאַפּאַן, הערנדיק זיין דערציילונג, וואָלט זיך זיכער צעוויינט פון נאַכעס און גליק. לויט מאַצומוראַס שילדערן אַנטשטייען אין יאַפּאַן די גיישעס אַף אַזאַ מין אויפן:

אין אַ מישפּאָכע ווו עס געפינט זיך אַ באַגאַבטער פאָטער, אָדער אַ פעיִקע מוטער ווערט געבוירן אַ קינד מיט שיינע געזיכט־שטריכן, מיט

נייגונגען צו געזאַנג און טענץ. אויב דעם מיידלס פּאַטער איז אַ ווייט־זעעוודיקער און קולטורעלער מענטש, מוז ער שוין פון פינפיעריקן עלטער פון זיין טאָכטער, געבן איר די מעגלעכקייט צו ווערן אַ גיישע. לויט מאַצומוראַס מיינונג איז דאָס פאַרן קליין מיידעלע וועלכע האָט נייגונגען צו פרייליעכקייט, שפּילערייען און טענץ — דער איינציקער ייעג, וואָס קען ברענגען גליק יעטווידער יאַפּאַנישער מישפּאָכע.

— ווּהין דאַרף מען אָפּגעבן דאָס קינד אַף צו לערנען זיך? — פרעג איך.

— איך מוז אייך זאָגן, — ענטפּערט מאַצומוראַ — אַז אין יאַפּאַן זיינען פאַראַן זייער פיל שולן, וועלכע גרייטן צו צו ווערן אַ גיישע. דאָס וויכטיקסטע און שווערסטע אָבער לערנען זיי זיך אויס באַ זייער נייעם באַלעבאָס. דאָרט באַ אים מוזן זיי זיך אויסלערנען צו זיין שטענדיק פריילעך, לעבעדיק, פירן קלוגע געשפּרעכן, שיין זינגען און גוט טאַנצן.

— אַזוי אַרום, — זאָגט ווייטער מאַצומוראַ — לערנט מען אויס די קליינע מיידעלעך „אַדאַרי" (אַ יאַפּאַנישער טאַנץ), „אוּטאַ" — זינגען לידער און שפּילן אַף סיאַמיסיאַנע (אַן אוראַלטער יאַפּאַנישער מוזיקאַלישער אינסטרומענט). דאָס אַלץ דויערט ניט ווייניקער ווי פיר יאָר און דאַן פאַרוואַנדלען זיי זיך אין קליינע גיישעס, אין עלטער פון צוועלף ביז פערצן יאָר.

— און פון דאַן אָן, הייסט עס, הערן אויף די גיישעס צו געהערן צו זיך אַליין?

מאַצומוראַ פאַרטראַכט זיך און ענטפּערט:

— ניין, די גיישע איז אַ פרייע פרוי, בלויז פון צייט צו צייט מוזן מיר באַצאָלן אירע עלטערן אַ לוין, וועלכער ווערט פאַרשריבן אַף דער גיישעס רעכענונג.

— און וואָס איז נויטיק, קעדיי די גיישע זאָל מעגן פאַרלאָזן אייער הויז?

— קוידעמקאָל מוז דאָך עמעצער אונדז באַצאָלן פאַר דעם אַלעמען, וואָס מיר האָבן אויסגעגעבן אַף איר.

— קורץ גערעדט, דאַרף מען הייסט עס זי אויסלייזן?

— אָ, — האָט צום ערשטן מאָל אויפגעלעבט מאַצומוראַ — איר דריקט זיך אויס צו פּראָסט. איך וואָלט ניט געוואָלט דאָס אָנרופן מיטן וואָרט אויסלייז, ווייל איצט איז דאָס פאַרבאָטן. פאַקטיש איז דאָס טאַקע אַזוי, נאָר דאָך וואָלט איך דאָס ניט אָנגערופן מיטן וואָרט אויסלייז.

— און אויב אַ פאַרבאַנד פון טיי־הייזער אין טאָקיאָ וועט וועלן איינלאַדן צו זיך די אָדער יענע גיישע פון אייערע הייזער, וועט איר זי אַרויסלאָזן?

— מעגלעך, אַז יאָ, — ענטפּערט מאַצומוראַ — אָבער עס וועט אומבאַדינגט נויטיק זיין, מען זאָל אונדז פאַר איר באַצאָלן. דאָס הייסט

ריכטיקער געזאָגט, ניט פאַר איר, נאָר פאַר דער האָרעוואַניע, וואָס מיר האָבן געפּאַטערט אַף איר. איר פאַרשטייט מיך?

— יאָ, אַוואַדע, פאַרשטיי איך יאָס פאַר אַ מין האָרעוואַניע דאָס איז. דאָך קען מען דאָס אָנרופן — קויף און פאַרקויף.

מאַצומוראַ איז אַנטשוויגן געוואָרן, גלייך ווי ער וואָלט באַטראַכט וואָס צו ענטפערן אַף דער פראַגע. ער האָט דורכגעבלעטערט זיין נאָטיץ־ביכל און אָנשטויסנדיק זיך אַף עפּעס האָט ער געענטפערט:

— ווי פאַרשטייט איר דאָס ניט, אַז ווען עמעצער וויל אויסלייזן אַ גיישע, וועט דער באַלעבאָס, וועלכער האָט זי דערצויגן, ליידן שאָדנס?

— אויב אַזוי, — באַמערק איך — קען מען פעסטשטעלן, אַז ביז דער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, איז אין יאַפּאַן פאַראַן אַ מעגלעכקייט צו קויפן אַ מיידל, זי פאַרקויפן אַף אַ יאָר, אָדער אַף פינף יאָר, אָדער גאָר אַפן גאַנצן לעבן. מיר שטויסן זיך דאָ אָן מיט אַן עכטן שקלאַפן־מאַרק, איז דאָס דען ניט אַזוי?

מאַצומוראַ איז, ווייזט אויס, ניט געווען גענויגט צו באַהאַנדלען אַזעלכע קאָמפּליצירטע פראַגעס פון מענטשלעכע באַציִונגען. דער קרייז פון זיינע אינטערעסן, אויפקלערונגען, געשעפטלעכע באַגעגענישן, גע־שפּרעכן און נייגונגען איז געווען באַגרענעצט מיטן לעבן פון אַ „טיי־הייזל" און מיט אַלעמען וואָס איז נאָר פאַרבונדן מיטן באַדינען די געסט.

פאַרנייגנדיק זיין קאָפּ עטוואָס אין אַ זייט, ווי דאָס טוען געוויינלעך די יאַפּאַנער, ווען זיי זיינען מיט וואָס ניט איז מאַסקים, האָט ער געענט־פערט:

— באַ אייך האָט זיך געשאַפן אַ זייער פּרימיטיווער באַגריף וועגן דער יאַפּאַנישער פרוי. מיר טוען קיין שום זאַך ניט, וואָס זאָל איר זיין אומאַנגענעם. פאַרקערט, צו אונדז קומען אַלע מיידלעך מיטן גרעסטן פאַרגעניגן.

— נו, גוט, לאָמיר זאָגן אַז איך באַגרייף צו פּרימיטיוו די פּסיכאָ־לאָגיע פון יאַפּאַנישן מיידל. פאַרוואָס אָבער רופט איר אָן אייערע שאַנד־הייזער — טיי־הייזער? און די מיידלעך — גיישעס? פאַרוואָס ווילט איר אונדז אָפּנאַרן?

מאַצומוראַ האָט זיך אויפגעשטעלט און מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם געענטפערט:

— אָ, איר מוזט דאָך מיך פאַרשטיין. די מיידלעך אַליין פאַרלאַנגען מען זאָל זיי אַזוי רופן, און איך קען דאָס זיי ניט פאַרווערן. איצט איז דאָך אַזאַ דעמאָקראַטישע צייט. איך טאָר ניט אַרויסטרעטן קעגן דער דעמאָקראַטיע.

דאָן האָט שוין דער לייטענאַנט ברעדלי ניט אויסגעהאַלטן און האָט זיך צעלאַכט.

— נו, גוט, — האָט געזאָגט דער אַמעריקאַנער — לאָמיר זיך איצט

דורכשמועסן געשעפטלעך. לאָמיר זאָגן עמעצער וויל אויסלייזן בא אייך א מיידל. וויפל דאַרף מען אייך באצאָלן?

דאָ האָט שוין אין מאצומורא־סאַנס גייסט אויפגעוואַכט דער סויכער. ער האָט ארויסגעשלעפט פון זיין שרייב־טיש א העפט און האָט געפרעגט וועגן וועלכער מיידל האַנדלט זיך דאָ.

— פאַרשטייט זיך וועגן דער בעסטער.

— מען וועט אונדז מוזן באצאָלן צען טויזנט יען.

— הייסט עס, אַז איצט ווערט אין יאַפּאַן אָפּגעשאַצט א מיידל אין צען טויזנט יען?

— אָ, ניין, — האָט ער זיך געכאַפּט — זי ווערט אָפּגעשאַצט א סאַך וויניקער. אונדזער מיידל, אָבער, איז זייער א טייער מיידל, ווייל זי פאַר־מאָגט אין זיך טאַלאַנט, זי קען זינגען, טאַנצן און פאַרווייַלן.

מאצומורא האָט מיט אַזא ווירדע און שטאָלץ אונטערגעשטראָכן דאָס וואָרט „אונדזערע", אַז איך האָב אפילע ניט געפונען פאַר נויטיק מיט אים צו דיסקוטירן. און נאָר דער לייטענאַנט, דער אמעריקאַנער, האָט באמערקט:

— איך דענק, אַז בא מאצומורא־סאַן איז אויך א צו פּרימיטיווער באַגריף וועגן דער יאַפּאַנישער פרוי.

מאצומורא האָט זיך צעשמייכלט און האָט געענטפערט:

— איך שטודיר שוין איבער דרייסיק יאָר די פּסיכאָלאָגיע פון דער יאַפּאַנישער פרוי.

— און דאָך שטערט דאָס אייך ניט צו פאַרזיכערן, אַז אייערע שאַנד־הייזער זיינען אַן ערדישער גאַניידן פאַר די מיידלעך? זאָגט נאָר, וואָס פאַר א טאַריף איז בא אייך פאַר אַן איינלדונג צום טיש?

מאצומורא האָט געענטפערט:

— מיר האָבן א טאַריף, באַשטעטיקט פון דער פּאָליציי: צען יען א שעה.

— ווויהין גייט דאָס געלט? — פרעג איך.

— פיר יען פון די צען, מוזן איינגעצאָלט ווערן אַלס רעגירונגס־שטייער, צוויי יען באַקומט דאָס מיידל און פיר — איר באַלעבאָס.

— הייסט עס, אַז אין דער גרויסער האַנדלס־געזעלשאַפט פון קויף און פאַרקויף פון די פרויען נעמט אויך א היפּשן אָנטייל דער איצטיקער יאָשידאַ־קאַבינעט, וועלכער באַקומט פיר יען פאַר יעדער אַרבעטס־שעה פון א גיישע?

— זיכער. מיר באַשטייערן זיך מיט גאָר גרויסע סומעס, וועלכע זאַמלען זיך אָן פון די פיר יען.

— קען איך פון דעם קומען צום באַשלוס, אַז דער לאַנד־ביודזשעט איז זייער פאַראינטערעסירט, אַז עס זאָלן בליען אין יאַפּאַן די אַזוי גע־רופענע „טיי־הייזלעך".

— געווים, — האָט געענטפערט מאַצומורא מיט שטאָלץ — מיר ברענגען זייער גרויסע האַכנאָסעס פאַרן לאַנד.

איך האָב זיך דערמאָנט, אַז אין טאָקיאָ ווו עס איז אַזאַ גרויסער דאַכקעס אין ווין־הייזער און וווּ מען רעדט אַזוי פיל וועגן די שווערי־קייטן אַף צו באַקומען געהילץ און ציגל פאַרן בוי פון נייע הייזער — איז קוידעמקאָל פולשטענדיק פאַרבויט און באַנייט געוואָרן יאָסיוואַראַ — די ריזיקע געגנט פון שאַנד־הייזער, נאַכט לאָקאַלן און טיי־הייזלעך, וווּ קיין טיי, פאַרשטייט זיך, ווערט ניט דערלאַנג — דאָרט האַנדלט מען מיט פרויען.

אַמאָליקע צייטן איז אַ גיישע געווען בעעמעס אַ גוט־דערצויגן מיידל, וועלכע האָט געקענט זינגען, שפילן און טאַנצן. מען פלעגט זי איינלאַדן אַף באַנקעטן, דיפּלאָמאַטישע אויפנאַמעס, אינטערנאַציאָנאַלע באַגעגענישן און אַפילע אַף געשעפטלעכע פאַרזמלונגען, ווו זי האָט געזאָלט אַכטונג געבן אַז אין זייערע וויקוכים זאָלן די געשעפטסלייט ניט איבערטרעטן די באַשטימטע גרענעצן פון אָנשטענדיקייט.

איצט אָבער פאַרמאָגט שוין מער ניט יאַפּאַן אַזאַ מין סאָרט גיישעס. איך האָב זיך אָנגעפרעגט וועגן דעם, וויפל עס זיינען נאָך געבליבן אין טאָקיאָ עמעסע גיישעס, דאָס הייסט מיידלעך וועלכע באַשעפטיקן זיך בלויז מיט דעם וואָס זיי קומען אַף באַנקעטן אָדער געשעפטלעכע צוזאַ־מענקונפטן צו זינגען און טאַנצן. מען האָט מיר געענטפערט:

— אַ צען מיידלעך, אומגעפער.

איך האָב געפרוווט דערוויסן זיך, וווּהין עס זיינען אַהינגעקומען די אַזוי גערופענע גיישעס — זיי האָבן זיך דאָך געציילט ניט ווייניקער ווי טויזנט אין יעדער שטאָט. זיי האָבן דאָך מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם הויפּט־צענטער פון פאַרווייַלונגס־לעבן פון דעם יאַפּאַנישן הויף, פון דעם יאַפּאַנישן אַדל, איך רייד שוין ניט וועגן די גוטבאַזיצער און וועגן די פּלוטאָקראַטן.

— קימאַט אַלע גיישעס זיינען געוואָרן גאַסן־פרויען. דאָס לעבן אַליין האָט זיי אַריינגעשליידערט אַהין, אין יאָסיוואַראַ, — דאָס איז אַלעמען באַקאַנט.

יעדער קולטורעלער מענטש אין יאַפּאַן איז איינשטימיק מיט דער מיינונג, אַז אין די שאַנד־הייזער איז ביז היינט צו טאָג פאַרבליבן די אומגעהערטסטע, שענדלעכסטע שקלאַפערישע סיסטעם. הונדערטער טויזנ־טער יונגע מיידלעך לעבן דאָרט, ווי אין דער שרעקלעכסטער טפיסע: זיי קענען ניט פאַרלאָזן דאָס הויז אַפילע אַף אַ מינוט. מען קען זיי נאָר אָדער אָפּקויפן אָדער אויסלייזן, ווי דאָס האָט געטאָן אַן אַמעריקאַנער זשורנאַליסט, וועלכער האָט אויסגעלייזט פאַר זעקס טויזנט יען אַ מיידל פון אַזאַ מין הויז. און אינערגעץ בליט ניט אַזוי דאָס יאַפּאַנישע פעאָ־דאַלע רעכט, ווי דאָרט, אין יענע הייזער פאַר גיישעס.

. דער רעגירונגס־ביודזשעט פון יאפּאן באקומט אַן איינקונפט פון פיר יען פאר יעדער שאָ, וואָס אַ גײישע פארברענגט מיט אַ גאַסט. ווייזט אויס אַז אַ פּאָר יען כוץ די פיר, פאלן אויך אריין אין די קעשענעס פון דער פּאָליציי. יעדנפאַלס איז פאראַן אַ היפשער ביילעק עמעס אין די רייד פון די דריי מיידלעך אין אָסאַקאַ, וועלכע האָבן געזאָגט, אַז דעם קאַמף קעגן די שאַנד־הייזער מוז מען אָנהויבן פון די מיניסטאָרן און פּאָליציי, ווייל דאָרט שטעקן די וואָרצלען פון דער שרעקלעכער צאָראַס, וואָס באדעקט יאפּאן שוין אַכט הונדערט יאָר.

— 19 —

איצט שפּאַנען מיר איבער די שמאָלע האַלב־באַלויכטענע געסלעך פון קיאָטאָ. פון די אָפענע פענצטער, אָדער די צוזאַמענגערוקטע „סיאָדזי" דערטראָגט זיך צו אונדז אַ טרויעריקער ניגן פון עפּעס אַן אַלט ליד, אַן ווערטער. דער לייטענאַנט ברעדלי באלויכט אונדז דעם וועג מיט אַ האַנט־לאַמטערן. מיר בלאָנדזשען איבער דער שטאָט אָן אַ באַשטימטן ציל. מיר קוקן אריין אין די קליינע קלייטלעך, ווו דער באלעבאָס שלאָפט שוין אַף דער ערד, איינגעוויקלט אין זיין קימאָנאָ און די באלעבאָסטע שטייט באַם אריינגאַנג און וואַרט אַף קוינים; מיר שטעלן זיך אָפּ באַ אַ קליי־נעם שטאָט־גערטנדל ווו אַפן ווייכן גראָז „ווינען" היימלאָזע מישפּאָכעס. אַן אַמעריקאַנער דינגט זיך מיט אַ ריקשאַ, קריכט ארויף אַף די ווייכע קישנס פון וועגעלע, אויסשרייענדיק צום ריקשאַ: „אָ־קיי!". פון די ברייטע טויערן פון אַ בודיסטישן טעמפּל גייט ארויס אַ יאָנטעוודיקע פּראָצעסיע. פאָרויס טראָגט מען אַ קליינעם בודאַ, פארפּוצט מיט סטענ־געס, קרענץ און ראַשיקע פעלד־בלומען. נאָך אים גייען יונגע באָכערים און מיידלעך אין מאַסקעס און אַלטערטימלעכע קליידער — זיי טאַנצן אַפן גאַס ארום דעם טראָג־בעטל מיטן בודאַ, דאָס טראָג־בעטל איז פאר־פּוצט מיט סאַמעט און זייד. נאָך זיי גייען טאַנצנדיק קליינע קינדער.

טויזנטער מענטשן שטייען מיט איינגעבויגענע קעפּ אַף די האַלב־פינצטערע גאַסן פון קיאָטאָ און באַגלייטן מיט זייערע בליקן די פּראָ־צעסיע.

אַף אַ ראָג פון אַ גאַס ווערן מיר אָפּגעשטעלט פון צוויי מיידלעך מיט צוויי אַרמבענדער אַף די אַרבל פון זייערע קימאָנאָס. דאָס איז אַ פּי־קעט. ווייטער טאָרן מיר ניט גיין, דאָרט געפינען זיך די שאַנד־הייזער און היינט שטרייקן דאָרט אַלע.

— וואָס איז די סיבע? — פרעגט ברעדלי.

— מיר פאָדערן, אַז עס זאָל געגרינדעט ווערן אַ סינדיקאַט, — ענטפערן די מיידלעך — און אויך אַ העכערונג פון דעם לוין פון צוויי אַף פיר יען פאַר אַ שאָ. מיר וועלן שטרייקן. אַלע מיידלעך זיצן איצט

אף די טרעפּ פון די הייזער — איר האָט געזען? עס וועט אונדז טאַקע זיין שווער, ווייל דער באַלעבאָס דראָט אונדז מיט ארויסוואַרפן אַפן גאַס. נאָר ער וועט דאָס ניט טאָן, ווייל דאַן וועט ער אַליין רויִנירט ווערן. מיר האָבן אָבער ניט וואָס צו פאַרלירן, ערגער ווי עס איז קען שוין ניט זיין, וועלן מיר שטרייקן.

באַם אריינגאַנג פון אַ קינאָ־טעאַטער שטייט אַ פּילפּאַרביקער יאַ־פּאַנישער האַמוין. אַ לאַנגע ריי ציט זיך לענג־אויס דער שמאָלער גאַס און ווערט פאַרלוירן ערגעץ אין דער פינצטערניש. אַלע יאָגן זיך צו זען דעם נייעם אַמעריקאַנער פילם, וואָס הייסט „דער מענטש וואָס מאָרדעט באַגינען".

מיר גייען אַרויס צום פּאַרק, ווו עס וואַרטן אַף אונדז די „רזשיפּס". מען בעט אונדז ניט אריינצוגיין אין פּאַרק. ווייל נאָך צען אַזייגער ווערט דער פּאַרק פאַרוואַנדלט אין „אינטימע אַלעען" פאַר די ליבעס־ראַנדע־וווּען פון די אַמעריקאַנער זעלנער. זיי שעמען זיך ניט.

אין האָטעל קערן מיר זיך אום שווייגנדיקע. דער לייטענאַנט ברעדלי פאַרבעט אונדז שוין ניט מער אין באַר אריין. ער פרעגט נאָר:

— זאָגט, וואָס נאָך ווילט איר זען? מיר וועלן אייך אַלץ ווייזן. זאָל אייך גאָר ניט קימערן דער פאַרבאָט. איך וואָלט נאָר געוואָלט, אַז איר זאָלט פאַרגעסן דאָס אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען אין נאַגאַסאַקי.

דער לייטענאַנט סקובי רעדט שוין ניט אַרוים מיט שאַרפקייט די פראַזע: „מיינע הערן, אַהין טאָרט איר ניט גיין". פאַרקערט, ער שלאָגט אונדז פאָר זיין הילף. עפּשער אינטערעסירט אונדז די שטאָט קאָפּע? עפּשער גאָר אַ וווינונג פון אַ יאַפּאַנישן אַרבעטער? און שפּעטער אַפן דאַך פון אונדזער האָטעל, ווו עס געפינט זיך דער אַמעריקאַן־באַר, בא אַ גלאָז ביר איז ער זיך מוידע פאַר אונדז, אַז אים ווילט זיך אַוועקפאָרן פון יאַפּאַן. יאָ, עמעס. ער, דער לייטענאַנט סקובי ווייל בעסער וווינען אין זיין פּיטסבורג. אין דער צייט פון דער מילכאָמע איז ער געווען אַ לופט־פליער, דערנאָך האָט מען אים באַשטימט אין „דזשיטו", ווייל ער באַ־זיצט די רוסישע שפּראַך. סקובים פאָטער, אָבער, וועלכער וווינט אין פּיטסבורג, ווייסט גאָר ניט אַז זיין זון איז אַ דזשיטו־אָפיציר. סקובי ווייל זיך צוריקקערן אַהיים מיט אַ געוויסן פון אַ מענטש וואָס האָט אויס־געפירט זיין פליכט פאַרן אַמעריקאַנער פאָלק. איצט, אָבער, זייענדיק אין יאַפּאַן, פירט ער אַ לעבן פון אַן אויטאָמאַט. ער האָט זיך קיינמאָל ניט פאַרטראַכט וועגן דעם וואָס עס קומט פאָר אין טאָקיאָ, אָדער אין קיאָטאָ, אָסאַקאַ און נאַגאַסאַקי. אים האָט גאָרניט אינטערעסירט דאָס לעבן פון דעם יאַפּאַנישן פאָלק. ערשט איצט, אין פאַרלויף פון דער רייזע, האָט ער צום ערשטן מאָל דערפילט אַז דאָס יאַפּאַן קעגן וועלכן ער האָט געקעמפט — לעבט ווידער אויף און אַז ער, דער לייטענאַנט סקובי העלפט צו, אַז אָט די יאַפּאַן זאָל זיך ווידער פאַרפעסטיקן. ער — איז

א קליין מענטשעלע, אָבער דאָך פאַרשטייט ער, אַז ווען עס איז אין דער צוקונפט וועט דאָס אַמעריקאַנער פאָלק אים דאָס פאַרוואָרפן.

— באַם שביינעסדיקן טישל הערט מען זיך אונטער, — באַמערקט שטיל דער לייטענאַנט ברעדלי.

— זאָלן זיי. זיי קענען נאָר מיך אָפּשיקן צוריק קיין אַמעריקע. איך וועל זיי זייער דאַנקבאַר זיין דערפאַר — און פון גרויס פרייד וועל איך דריי טעג נאָכאַנאַנד טרינקען וויסקי בא מיר, אין מיין פּיטסבורג.

— אויב אַזוי, ווי אַזוי וואָלט איר געוואָלט זאָל אויסזען יאַפּאַן?

— פרעגן מיר באַם לייטענאַנט ברעדלי.

ברעדלי איז אַ יונגער אַמעריקאַנער, אַ זון פון אַ פאַבריק־מייסטער. ער אַליין האָט אויך נאָכן פאַרענדיקן די שול געאַרבעט קימאַט אַ יאָר אַלס טאָקער אין אַ פאַבריק ניט ווייט פון ניו־יאָרק. שפּעטער האָט ער שטודירט אין דער מיליטערישער שול. אָפּן פראָנט אָבער איז ער ניט געווען. ערשט מיט צוויי כאָדאָשים צוריק איז ער געקומען קיין יאַפּאַן. „עס שיינט אַז אַף לאַנג" — באַמערקט ברעדלי. ער האָט שוין דאָ באַקומען זיינע געוווינהייטן: ער רויכערט נאָר סיגאַרן „אַנטאָני און קלעאָפּאַטרא" און טרינקט בלויז קאַלטן ביר. ער האָט ניט ליב קיין וויסקי און מיט פאַראַכטונג רעדט ער וועגן קאָקאַ־קאָלאַ. עס געפעלט אים, וואָס דער באַי סאַן, וועלכער באַדינט אים, קען שוין אַלע זיינע געוווינהייטן. דאָ אין יאַפּאַן געפעלט אים ניט. ער קען ניט באַגרייפן אַלץ וואָס דאָ קומט פאָר. ריכטיקער געזאָגט — ער האָט זיך נאָך ניט פאַרטראַכט וועגן דעם. ווי אַזוי זאָל אויסזען יאַפּאַן? ער, דער לייטענאַנט ברעדלי, איז טאַקע בעעמעס ניט באַהאַוונט אין די איניאָנים, נאָר עפּעס וואָס האָט ער שוין אָנגעהויבן צו פאַרשטיין אין פאַרלויף פון דער רייזע מיט אונדז.

— וואָלט איר געוואָלט, אַז אין יאַפּאַן זאָל פאַרבלייבן דזייבאַצו?

— ניין, — ענטפערט ברעדלי.

— ווייזט זיך אייך ניט אויס, אַז דער פעאָדאַלער סיסטעם וועט נאָך מער פאַרשטאַרקט אין דער יאַפּאַנישער מישפּאָכע?

— יאָ, דאָס איז צום גרויסן באַדויערן עמעס, — ענטפערט ברעדלי. — איך בין אָבער אַ קליין מענטשעלע און קיינער פרעגט בא מיר ניט קיין אייצעס. איבעריקנס, לאָמיר דאָס לאָזן אין אַ זייט .‥ באַי־סאַן, קאַלטן ביר! — שרייט ער אויס און צעלייגט זיך אין זיין טיפן פאָטעל.

— פאָרן מיר קיין קאָבע?

— יאָ, מיר מוזן אָבער אָמוויניקסטן דריי שאָ אָפּרוען.

באַגינען פאָרן מיר אַרויס אַף דריי „דזשיפּס".

אין דער שטאָט קאָבע באַגעגנט אונדז אַן אַמעריקאַנער מאַיאָר. ער וועט אונדז זייער גערן ווייזן די שטאָט, אָבער, צום באַדויערן, טאָרן מיר ניט באַזוכן די פאַבריקן פון קאַוואַסאַקי און מיצובּיסי. מיר האָבן דעם איינדרוק אַז אויך סקובי און ברעדלי באַדויערן דאָס. קוידעמקאָל פירט

מען אונדז אין די בערג, ווו די אַמעריקאַנער אַפּיצירן האָבן זיך איינגע־אָרדנט אין באַקוועמע און לוקסוסיעזע „קאָטעדזשן".

קאָבע איז שטענדיק געווען אַ מיליטערישע און אינדוסטריעלע שטאָט. דאָ זיינען קאָנצענטרירט אַלע ווערפטן, מעטאַלורגישע און מאַשינען־פאַב־ריקן פון יאַפּאַן. דאָ זיינען אויך געווען די הויפּט־באַזעס פון באַדייטנדיקע יאַם־ און לופט־קויכעס. די שטאָט איז האַלב צעשטערט, אָבער זי ווערט שוין ביסלעכווייז באַלעבט. די פאַבריקן זיינען אין גאַנג, עס ווערן אַרויס־געלאָזט שיפן — דערוויל נאָך בלויז פאַר מינען־קלייבער און אויך דיזעל־מאָטאָרן פאַר דער אַמעריקאַנער אַרמיי. פּונקט ווי אין אָסאַקאַ גייט דאָ אָן אַ לעבהאַפטער האַנדל. אויף די פאַרשוואַרצטע ליידיקע פּלעצער, ווו מאָל זיינען געשטאַנען קליינע שטיבעלעך פון דער אָרעמקייט, באַ־ווייזן זיך געצעלטן מיט ביליקע, פּילפאַרביקע קלייניקייטן — שפּילצייג, שאַכטעלעך, טאַצן, קונסט־זייד און הויז־געשיר.

מיר שטעלן זיך אָפּ באַ אַ קליין שטיבעלע פון ברעטער, ווו האַלב־נאַקעטע באָכערים זעגן אויס עפּעס אויסטערלישע פּאַפּיראָסן־שאַכטלעך, צינדערס און ציגאַרן־שפּיצן.

— ווער קויפט דאָס אַלץ באַ אייך? — פרעגן מיר באַם אויסגע־דאַרטן באַלעבאָס, וועלכער, דערזעענדיק אונדז, וואַרפט אַרויף אַ טונ־קעלן קימאָנאָ אויף זיין נאַקעטן לייב.

— די אַמעריקאַנער, — ענטפערט ער. — איצט קויפן די יאַפּאַנער גאָרניט, ווייל זיי האָבן ניט קיין געלט. זיי זיינען אַפילע ניט אימשטאַנד צו קויפן פאַר זיך קיין גרינוואַרג און פיש.

איצט איז דאָס געלט אין יאַפּאַן אַש. דאָס איז אַלץ וואָס עס בלייבט איבער פון די פאַרברענטע רייכטימער.

אַפן פּלאַץ באַם באַן דערהערן מיר עמעצנס רוף נאָך הילף. באַם וואָקזאַל שטייט אויף אַ פּאָדיום אַ מאַן אין אַ פאַרשמאָלצענעם רעקל, האַלט אַ מעגאַפאָן אין האַנט און שרייט צו דעם פאַרזאַמלטן עולעם:

— העלפט אונדז און מיר וועלן באַקעמפן דזשייבאַצו!

אינעם טאָג פון אונדזער אָנקומען האָבן אין קאָבע געשטרייקט די אייזנבאַנער. דאָס איז געווען אַן אייגנאַרטיקער פּראָטעסט־שטרייק קעגן דעם רעאַקציאָנערן רעזשים פון יאָשידאַס מיניסטאָרן־קאַבינעט. דער גאַנ־צער קנויל פון דער קאַנסאַיער געגנט איז ווי אָפּגעשטאָרבן. אויך אַלע פאַבריקן פון קאָבע האָבן זיך גינסטיק אָפּגערופן אויף דעם „פּראָטעסט־טאָג". אויף אַלע וועגן פון קאָבע ביז טאָקיאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט די באַ־וועגונג פון די עלעקטרישע באַנען. צום אָוונט אָבער איז די לאַגע דער־קלערט געוואָרן אַלס אַ „דראָענדיקע פאַר דער אַמעריקאַנער אַרמיי". אין אַזאַ פאַל ווערט שוין דערלויבט צו פאַרלעצן אויך די צוגעוואָרפענע ברעקלעך פון די „דעמאָקראַטישע פרייהייטן". אויף דער באַן־סטאַנציע האָבן

זיך באַוויזן אַמעריקאַנער דזשיפּן פון דער עמפּי. און אויף דער באַן־ליניע האָט ווידער געהערשט אַ „שאַלעם“.

פונדעסטוועגן שפּעטער מיט דריי וואָכן איז דער שאַלעם ווידער געשטערט געוואָרן און נאָך מיט אַ שטאַרקערן און צאָרנדיקערן קויעך. מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אים ווען מיר האָבן זיך צוריקגעקערט קיין טאָקיאָ.

— 20 —

דעם זעלבן אָוונט האָבן מיר זיך צוריקגעקערט קיין קיאָטאָ. מיר האָבן זיך דאָרט פאַרהאַלטן נאָך אויף אַ טאָג, וועלכן מיר האָבן פאַרבראַכט אין דאָרטיקן אוניווערזיטעט. מיט אַ טאָג פריער זיינען מיר געווען צו־גאַסט באַם פּראָפעסאָר נאַגאַוואַ. אונדז האָט באַגעגנט אַ גלאַט־אויסגע־ראַזירטער מענטש מיט גרויע קורץ־געשוירענע האָר, אָנגעטאָן אין אַ די־נעם, אָפּגעטראָגענעם קימאָנאָ און יאַפּאַנישע לייוונטענע זאָקן. ער האָט אונדז אויפגענומען שטייענדיק אויף אַ טרעפּל פון זיין קליין שטיבעלע אין אַ הויף, אָדער גערטנדל. מיט די הענט אויף די קני האָט ער זיך אַ לאַנגע צייט געניייגט פאַר אונדז. דערנאָך האָט ער אונדז געבעטן מיר זאָלן אויסטאָן אונדזערע שיך און אין זאָקן זיינען מיר גייענדיק נאָכן באַלע־באָס, אריין אין זיין קאַבינעט. דער קאַבינעט איז געווען אַ האַלב־ליידי־קער צימער און די אַרומיקע פּאָליצעס זיינען געווען אָנגעפילט מיט בי־כער. דער פּאָל באַדעקט מיט טעפּיכלעך. צוויי באַמבו־שטולן און אַ האַלב־רונד טישל — דאָס איז געווען דאָס גאַנצע מעבל פון קאַבינעט. נאַגאַוואַ אַליין איז געזעסן אפן פּאָל אויף אַ טונקל־רויטן קישן, אונדז האָט ער אויס־געזעצט אויף די שטולן. שפּעטער אָבער, האָבן מיר זיך אויך אַוועקגעזעצט אפן פּאָל לעבן אים. מען האָט אונדז דערלאַנגט דעם טראַדיציאָנעלן יאַ־פּאַנישן גרינעם טיי, וועלכן מיר האָבן אין יענעם אָוונט געטרונקען אָן ביישעק.

— טרינקט דעם טיי — האָט געזאָגט דער פּראָפעסאָר — וועט איר לייכטער איבערטראָגן די היץ.

נאַגאַוואַ האָט אונדז דערציילט, אַז אין די מילכאָמע־יאָרן האָט ער ניט געהאַט קיין מעגלעכקייטן צו געבן זיינע לעקציעס. ער איז אַן אַל־טער מאַן, וואָס שטרעבט צו אַ רויִקן און פרייען לעבן פאַר זיין פאָלק, און דעריבער איז ער אַרויסגעטראָטן קעגן דער מיליטאַריזירונג פון דעם שול־וועזן. נאַגאַוואַ האָט לאַנג געהונגערט און געליטן גרויס נויט. איצט האָט ער זיך צוריקגעקערט קיין קיאָטאָ. דאָס איז אַ צוריקגעהאַלטענער שווייגנדיקער מענטש, וועלכער האָט אין זיין לעבן זייער פיל דורכגע־מאַכט, און וועלכער באַקלאָגט זיך דאָך ניט אויף זיין גוירל, האָגאָם אויך היינט איז אים גאָר ניט אַזוי לייכט, ווייל ביזן היינטיקן טאָג ווערט ער ניט דערלאָזט צום אוניווערזיטעט.

— פאַקטיש האָט זיך דאָך דאָרט קיין שום זאַך ניט געענדערט, — באַמערקט ער מיט פאַרביטערטקייט.

דער פּראָפעסאָר האָט בײַ אונדז געפרעגט, אויב עס איז אונדז עפּעס באַקאַנט וועגן דער שול, וועלכע עקזיסטירט נאָך ביזן היינטיקן טאָג אין קויבוטי.

— ניין, — ענטפערן מיר.

— די שול — דערציילט אונדז נאַגאַוואַ — האָט געגרינדעט קאַ־טאַ קאַנדזי, אַ באַוווּסטער פירער פון „בוסאָ אימינדאַן", וואָס באַטייט באַוואָפנטע קאָלאָניסטן.

די שול איז געווען געשטיצט פון דעם קאָלאָניע־מיניסטער און אויך פון דעם שטאַב פון דער קוואַנטונער אַרמיי. אין דער שול פלעגט מען צוגרייטן מענטשן, פעיִקע צו קאָלאָניזירונגס טעטיקייט אין מאַנדזשוריע און כינע, אַף די פילינען־אינדזלען און אין רוסלאַנד. דער אַריינטריט אין דער שול „בוסאָ אימינדאַן" איז געווען בלויז פאַר פרייוויליקע, פונ־דעסטוועגן פלעגן זיי מאַסנווייז אַנטלויפן פון דאָרט, ניט קענענדיק אויס־האַלטן די אַכזאָריעסדיקע איבונגען און דעם דעספּאָטישן רעזשים. וועל־כער איז געווען איינגעפירט פאַר די צוקונפטיקע קאָלאָניסטן פון קאַטאָ קאַנדזי. נאָך יאַפּאַנס מאַפּאָלע איז די שול פאַרבליבן, אָבער בלויז אונ־טער אַן אַנדער נאָמען, איצט הייסט זי „די העכערע אַגראָנאָמישע שול", אָבער אין איר זיינען פאַרבליבן די זעלבע שילער, די זעלבע לערער און אויך דער זעלבער סיסטעם פון לערנען. דער דירעקטאָר פון דער שול הייסט קאָנדע מאַנדזי, אַ נאָנטער פריינט און מיטאַרבעטער פון די וויכ־טיקסטע אַסקאָנים פון דער געזעלשאַפט „די מיליטערישע קאָלאָניסטן".

די בילדונגס פּראָגראַם באַשטייט הויפּטזעכלעך אין דעם, וואָס די פּראָפעסאָרן פלאַנצן איין אין די מויכעס פון זייערע שילער, די הויפּט־באַזעס פון דער מיליטאַריסטישער אָנגרייפערישער אידעאָלאָגיע. בײַ דער שול איז געגרינדעט געוואָרן אַ באַזונדערע געזעלשאַפט, וועלכע פאַרעכנט זיך אַלס דירעקטע נאָכפאָלגערן פון דער געזעלשאַפט „בוסאָ אימינדאַן". דער שול־דירעקטאָר האָט זיך אויסגעדריקט אַמאָל, אַז אַלע יונגעלייט, וועלכע שטודירן דאָ מוזן גלויבן אין דער ווידעראויפלעבונג פון אַ שטאַר־קער און באַוואָפנטער יאַפּאַן.

— נעמט אין אַכט, — האָט ער געזאָגט — אַז די אַמעריקאַנער וועלן אונדז ניט שטערן. פאַרקערט זיי וועלן נאָך צוהעלפן. און די שול עקזיסטירט נאָך, — האַגאַם גאַנץ טאָקיאָ ווייסט וועגן דעם.

— אָבער דאָך ווערט מען גרייט מען דאָרט צו? — האָב איך געפרעגט.

— די אַלע יונגעלייט וועלכע שטודירן דאָרט, וועלן יעדנפאַלס זיך ניט קענען פאַרנעמען מיט אַגריקולטור, — האָט געענטפערט דער פּראָ־פעסאָר. — דאָס וועלן זיין מענטשן דערצויגענע אין דעם גייסט פון אַג־רעסיע און זייער וויסן באַזירט אַף דער נויטווענדיקייט פון קאָלאָניזירן

פרעמדע טעריטאָריעס. מען לערנט זיי דאָרט אויס „קונסט פון אָנטרייבן שקלאַפן".

— און עס איז פאַראַן אין יאַפּאַן אַ סאַך אַזעלכע שולן ? — האָב איך געפרעגט.

— יאָ, איך גלויב, אַז ניט ווייניק. עס איז שווער זיי צו דערקענען. די אַלע שולן האָבן געביטן זייערע נעמען, און ניט שטענדיק איז דאָ אַ מעגלעכקייט אַריינצודרינגען אין זייער אינערלעכן לעבן, — מען היט זיי. איך בין אָבער געווען אין קאָיבוטשי — דאָרט איז דער מיטלפּונקט פון „בוסאַ אימינדאַן".

— און ווי זעט אויס מיט די הויכשולן ? האָט זיך אויך גאָרניט געענדערט אין די אוניווערזיטעטן ? — פרעגן מיר.

— קען זיין, אַז איך מאַך אַ טאָעס, — ענטפערט נאַגאַוואַ — קוקט זיך אַליין צו. איך האָף, אַז מען וועט אייך צולאָזן אַהין.

— זיכער אַז יאָ, — האָט באַמערקט דער לייטענאַנט ברעדלי.

גלייך אויף מאָרגן זיינען מיר אַוועקגעפאָרן אין דעם אוניווערזיטעט. ווי עס פירט זיך שוין בײַ אַזעלכע פאַלן, האָט מען אונדז קוידעמקאָל באַקאַנט געמאַכט מיט דער געשיכטע פון דער הויכשול. דער אוניווערזיטעט איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1897. ער פאַרמאָגט פאָלגנדיקע פאַקולטעטן : אַ יורידישן, עקאָנאָמישן, ליטעראַרישן, אַגראָנאָמישן, פיזיק־מאַטעמאַטישן, טעכנאָלאָגישן און מעדיצינישן. כוץ דעם געפינען זיך באַם אוניווערזיטעט אויך אינסטיטוטן : אַ כימישער, קוילן־אינסטיטוט, טעכנישער, האָלץ־כימישער און הומאַניסטישער. אין די אינסטיטוטן ווערט געפירט מערסטנטייל אַ וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגס־טעטיקייט. אין איצטיקן מאָמענט באַזוכן דעם אוניווערזיטעט אַכט טויזנט סטודענטן. דריי הונדערט פופציק פּראָפעסאָרן לייענען דאָרט לעקציעס. דאָס איז אַ ריזיקער פאָרשפּרייטונגס־פּונקט פון קולטור, איינער פון די באַדייטנדיקסטע הויפּט־צענטערן פון יאַפּאַנישער שטודיום און וויסנשאַפט. ער וואָלט אויך געקאָנט דינען אַלס די „אויפריים־קראַפט" אין קאַמף קעגן דעם פעאָדאַלן און מיליטאַריסטישן שטייגער אין יאַפּאַן, און דאַן וואָלט ער זיכער באַלויכטן פאַרן פאָלק דעם וועג צו אַ דעמאָקראַטישער צוקונפט. דער אוניווערזיטעט אָבער לעבט נאָך אַלץ מיט דער פאַרגאַנגענהייט. מיר האָבן געהאַט אַ צוזאַמענקונפט מיטן פאָרזיצער פון דעם אוניווערזיטעט און מיט די פּראָפעסאָרן. זיי האָבן זיך מוידע געווען, אַז דער אוניווערזיטעט האָט נאָך ניט געענדערט זיין פּראָגראַם און די לימודים ווערן דורכגעפירט נאָך אַלץ לויט די לערן־ביכער וועלכע זיינען באַשטעטיקט געוואָרן נאָך פון פאַר דער מילכאָמע. יאַפּאַנס מאַפּאָלע האָט ווייזט אויס ניט אַריינגעבראַכט קיין שום באַדייטנדיקע ענדערונגען אין דעם לעבן פון דעם קיאָטער אוניווערזיטעט. אַלץ גייט נאָך לויט דעם שוין פון לאַנג איינגעפירטן סיידער, און די פּרינציפּן פון דעם בילדונגס־אַנשטאַלט האָבן

זיך אַפילע קיין וואקל ניט געטאָן אין יענע טעג, ווען יאַפּאַן האָט אי־בערגעלעבט די מיליטערישע מאַפּאָלע. פּונקט אַזוי ווי אַמאָל, ווערן אַפּן אַגראָנאָמישן פאַקולטעט צוגעגרייט מענטשן, וועלכע זאָלן קענען אָנפירן מיט אַ לאַנדווירטשאַפט אַף אַ קאָלאָניזאַטאָרישן שטייגער און פּונקט ווי אין דער צייט פון דער מילכאָמע ווערן דאָ שטודירט די „גרונט־פּראָ־בלעמען" פון דער „גרויסער מיזרעך־אַזיע". און אַזוי ווי שטענדיק הערן דאָ אויס די יונגעלייט פאָרטראַגן וועגן מיליטערישער געשיכטע און טאַק־טיק מיט אַן עכט נאַציאָנאַליסטישן אָפּנויג, וועלכער איז אַזוי כאַראַק־טערסטיש פאַר דעם באַרימטן „אַראַקי־שטודיום".

דער אוניווערזיטעט, וועלכער געפינט זיך אין סאַמע צענטער פון הונדערטער בודיסטישע און סינטאָאיסטישע טעמפּלען האָט זיך שטענדיק באַשעפטיקט מיטן צוגרייטן מענטשן, וועלכע זאָלן בלינד געהאָרכזאַם זיין דעם טעננאָ. יעדע לעבעדיקע פּאַראינטערעסירונג, יעדער שפּור פון אַן אַנדערן אַרט דענקען פלעגט דאָ ווערן אויסגעראָטן און באַשטראָפט מיט דער גרעסטער ריקזיכטסלאָזיקייט און אַכזאָריעס.

איך האָב געפרעגט דעם פּראָפעסאָר טאַקיגאַוואַ, וואָס גיט לעקציעס אין יורידישן פאַקולטעט, אויב עס זיינען פאָרגעקומען וועלכע ניט איז ענדערונגען אין די שטאַנדפּונקטן פון די געזעץ־פּראָבלעמען.

ער האָט אַ שמייכל געטאָן און געענטפערט:

— דערווייל איז נאָך ניט פאָרגעקומען קיין שום ענדערונג, מיר האָפן אָבער אַז עפּעס וואָס מוז געשען. עס איז דאָך אוממעגלעך צונויפ־בינדן די דעקלאַראַציע וועגן דער דעמאָקראַטיזירונג מיט דער לערע פון אַ רעאַקציאָנערער יורידישער דאָקטרין. איך אַליין אָבער קען גאָרניט אויפטאָן. איר פאַרשטייט מיך?

אין דעם פילאָזאָפישן פאַקולטעט פאַרנעמט דער סינטאָאיזם איינעם פון די צענטראַלסטע ערטער. עמעס אַז עס איז זייער שווער אין מעשעך פון בלויז איין יאָר צו ענדערן די אָנשויונגען פון מענטשן, וועלכע זיינען פון זייערע קינדעריאָרן אָן דורך און דורך אָנגעזאַפּט מיט אַן אולטראַ־נאַציאָנאַליסטישן און אָפּטמאָל אויך פּאַשיסטישן גייסט. פיל שווערער איז צו ענדערן דעם לימוד־סיסטעם, וועלכער האָט זיך איינגעוואָרצלט אין מעשעך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט. אַזאַ איבערברוך אָבער מוז זיך אָנהויבן. אָן דער גרינטלעכער רעאָרגאַניזאַציע פון דער גאַנצער בילדונג־סיסטעם קען מען אַפילע ניט דענקען וועגן וועלכע ניט איז סאָציאַלע און דעמאָקראַטישע רעפאָרמען אין יאַפּאַן. מען קען מאַכן אין פאַרלאַ־מענט די העכסט־באַגייסטערטע דערקלערונגען, נאָר אויב פון דעם אוני־ווערזיטעט וועלן אַרויסקומען מענטשן, וועלכע זיינען איבערצייגט אין דער גרויסקייט און אין דער געטלעכער אָפּשטאַמונג פון טעננאָ, וועגן דער אויבערמאַכט און אויסדערוויילטקייט פון דעם יאַפּאַנישן פאָלק — וועלן מיר אַלע גאָר אינגיכן זיך אָנשטויסן אַף אַ שפּאָגל נייעם נאַציאָ־

נאַליזם און אַף אַ גאָר „נייער אידעע" וועגן דער פאַרשקלאַפונג פון דער וועלט. און דאָס ווערט נאָך געפערלעכער, אויב מען זאָל נעמען אין אַכט, אַז דער „אַלטער נאַציאָנאַליזם" און די אַלע „אַלטע טרוימען" זיינען ניט צעקלאַפּט, ניט באַגראָבן, נאָר פאַרקערט, זיי געפינען זיך בלויז אויסבאַהאַלטן אין דער אונטערערד און וואַרטן אָפּ נאָר אַף אַ גינסטיקן מאָמענט קעדיי ווידער אַרויסצוקריכן אַף דער ליכטיקער שיין.

— איז דאָס עמעס, אַז די סטודענטן איז פאַרבאָטן צו פירן אַ פּאָליטישע טעטיקייט? — פרעג איך באַם פּאָרזיצער פון דעם אוניווערזיטעט, פּראָפעסאָר טאַריגאַע.

— וועגן דעם ווייס איך גאָרניט, — ענטפערט ער מיר.

מיר גייען צו די סטודענטן. זיי וואַרטן אַף אונדז אין אוידיטאָריום. קוידעמקאָל באַקלאָגן זיך די סטודענטן אַף דעם פּאָרזיצער טאַריגאַע, וואָס ער דערלויבט זיי ניט אַרויסצוגעבן אַ וואַנט צייטונג, און ווען ניט קוקנדיק אַף זיין פאַרבאָט איז די וואַנט־צייטונג דערשינען, האָט ער באַפוילן זי טייקעף אַראָפּנעמען. אין דער וואַנט־צייטונג איז געווען אַזאַ מין פראַזע: „מיר באַטיטלען דעם בילדונג־מיניסטער טאַנאַקאַ אַלס רעאַקציאָנער, ווייל ער איגנאָרירט און האַמעוועט דעם פּראָגרעס און די רעפאָרמען פון דער עפּאָכע".

— האָט איר אין זינען דעם בילדונג־סיסטעם? — פרעגן מיר.

— יאָ, — ענטפערט אַ סטודענט מיטן נאָמען קוואַבאַראַ — אין די אוניווערזיטעטן זיינען פאַראַן זייער פיל רעאַקציאָנערן אָבער עס פעלן אויך ניט אַזעלכע, וועלכע שטרעבן צו דער דעמאָקראַטיזירונג פון יאַפּאַן. איצט האָט מען פאַרבאָטן, אַז די סטודענטן זאָלן קענען אַרויסזאָגן זייערע שטאַנדפּונקטן און איבערהויפּט זיך אַריינמישן אין דעם פּאָליטישן לעבן פון לאַנד.

ער האָט אונדז דערמאָנט די רעדע, וועלכע עס האָט געהאַלטן דער בילדונג־מיניסטער טאַנאַקאַ אין דעם קאַמער פון אַדל. דער מיניסטער האָט גערופן די אויפמערקזאַמקייט פון דער קאַמער אַף דעם, וואָס נאָך יאַפּאַנס קאַפּיטולירן באַמערקט זיך אין די אוניווערזיטעטן אַ טענדענץ צו אַ פּאָליטישער באַוועגונג. „די שולן מוזן זיך געפינען אויסער די גרענעצן פון פּאָליטישן קאַמף", האָט דערקלערט דער מיניסטער. ער האָט געפאָדערט, אַז עס זאָלן באַשטראָפט און באַזייטיקט ווערן די אַלע, וואָס ווילן נאָר אַריינפירן אין די אוניווערזיטעטן פּאָליטישע געדאַנקען, ווער עס מאַכט פּאָליטישע בונטן און גראָבט מיט דעם אונטער דעם שוירעש פון דעם שול־וועזן.

— מיר באַטראַכטן דאָס אַלס אַ פּרוּוו צוצונעמען בא אונדז אַלע בירגער־רעכט, — באַמערקט דער סטודענט פון מעדיציניש פאַקולטעט נאַדזירי.

דער באָכער איז געווען אויפגעברויזט: ער האָט געהאַלטן אין איין

פֿאָדערן מען זאָל אים אויסהערן. אים האָט זיך געדוכט, אַז ער וועט ניט באַווייזן אַרויסצוזאָגן דאָס אַלץ, וואָס ער האָט אין זינען. שפּעטער האָט מען מיר איבערגעזעצט זיינע ווערטער.

— ניט שוין זשע וועט מען אויך איצט, פּונקט ווי פֿריער, אויס־בילדן אין די אוניווערזיטעטן מענטשן, וועלכע זאָלן טויגן בלויז פֿאַר דער מילכאָמע און וועלכע דענקען בלויז וועגן אַ מילכאָמע?

איך ווייס ניט פֿאַרוואָס, נאָר אין דעם אויגנבליק האָבן זיך אַלע אומגעדרייט צו די אַמעריקאַנישע אָפֿיצירן. פֿאַר די יאַפּאַנישע יונגעלייט איז נאַדזירים צאָרן געווען אַ צו אַרויסרופֿערישער. ווי אַזוי וועלן דאָס אויפֿנעמען די אַמעריקאַנער? יענע אָבער האָבן אַף אונדז גאָר ניט גע־לייגט קיין אַכט. ברעדלי איז געזעסן אין אַ זייט און זיך געפּאָרעט מיט זיין סיגאַר און סקובי האָט זיך פֿאַרנומען מיטן באַטראַכטן די קאָלעקציע פֿון וווּלקאַנישע מוסטערן.

— מערקווירדיק, — זאָג איך צו סקובין — די סטודענטן האָבן מוירע אַרויסצוברענגען דעמאָקראַטישע געדאַנקען, אָדער צו טאַדלען דעם מיליטאַריזם אין דער קעגנוואַרט פֿון די אַמעריקאַנער. פֿאַרוואָס איז דאָס אַזוי? איר באַשטראָפֿט דען זיי דערפֿאַר?

— ווירקלעך? — האָט זיך געוווּנדערט סקובי. — פֿאַר מיר איז דאָס אַ נייַס.

גלייך האָט ער בליק־געטאָן אַפֿן זייגער און דערמאָנט:

— ביז דער צוג גייט אָפּ בלייבט אונדז איבער בלויז נאָך דריי שאָ, און מיר האָבן נאָך אַ „קליינע פּאַרטיע" — אַזוי הייסט בא די אַמעריקאַנער אַ מיטיק, אָדער אָוונטברויט, ווען זיי זיינען איינגעלאַדן, אָדער גלאַט אַ מין „אַ לאַ פֿורשעט" אין עמעצנס וווינונג.

— מיר קענען שוין פֿאָרן, — ענטפֿערן מיר און געזעגענען זיך מיט די סטודענטן.

זיי האָבן אונדז אַרויסבאַגלייט ביזן הויף, זיך גענייגט אַ לאַנגע צייט לויטן יאַפּאַנישן שטייגער און אונדז נאָכגעשריִען „סאַיאָנאַראַ" (אַף ווידערזען).

די „קליינע פּאַרטיע", וועגן וועלכער עס האָט דערמאָנט סקובי איז פֿאָרגעקומען אין דעם גאָרטן פֿון אַ רייכער יאַפּאַנישער דירע ווו עס האָט געוווינט דער לייטענאַנט־קאָראָנעל קלאַרק. דאָרט האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אַמעריקאַנישע אָפֿיצירן פֿון די העכערע ראַנגען. דער לייטענאַנט־קאָראָ־נעל האָט אונדז באַוויזן דאָס הויז, ווו ער האָט זיך ייער באַקוועם איינ־געאָרדנט. אין דעם אונטערשטן שטאָק — דער גאַסט־צימער, סאַלאָן און עס־צימער; אויבן — די שלאָף־צימערן, קינדער־צימערן און סאַלאָנען פֿאַר ספּאָרט־איבונגען. אַף די קליינע יאַפּאַנישע טעפּיכלעך זיינען גע־לעגן גרויסע גראָבע טעפּיכער. אין גאָרטן לעבן אַ קליינעם שטייענדיקן טייבל איז געשטאַנען אַ געדעקטער טיש מיט אַמעריקאַנער וויסקי, גע־

בעקס, טרוקענע געפּרעגלטע קאַרטאָפל, די אומפּאַרמיידלעכע קאָקאַ־קאָלאַ און אַמעריקאַנער ביר, וועלכער קומט אָן אין יאַפּאַן פון ניו־יאָרק אין אייזערנע שאַכטלען. דער לייטענאַנט־קאָראַנעל האָט פאָרגעשלאָגן אַ טאָסט פאַר „פריינטשאַפט מיט רוסלאַנד". ער האָט אונטערגעשטראָכן, אַז דער פּאָשעטער אַמעריקאַנער שטרעבט צו אַן אייביקער פריינטשאַפט מיטן ראַטנפאַרבאַנד.

— דעם טאָסט, — האָט ער געזאָגט — שלאָג איך פאָר ניט אויס דיפּלאָמאַטישער העפלעכקייט. ניין. איך בין אַ סאָלדאַט, און איך זאָג דאָס, וואָס איך פיל. די אַלע אַמעריקאַנער, וועלכע טרעטן אַרויס קעגן רוסלאַנד, זיינען לויט מיין מיינונג, ניט קיין סאָנים פון רוסלאַנד, נאָר סאָנים פון אַמעריקע. דעריבער, לאָמיר טרינקען פאַר דער פריינטשאַפט מיט רוסלאַנד, — האָט ער פאַרענדיקט.

די אַמעריקאַנער האָבן אונדז באַגלייט ביז צום באַן. דאָרט אין דעם נאָך אַלץ איזאָלירטן וואַגאָן האָבן מיר זיך געזעגנט מיטן לייטענאַנט ברעדלי. ער פאַרבלייבט אין קיאָטאָ. מיט אונדז פאָרט מיט נאָר דער לייטענאַנט סקובי.

— איר זעט ווי גוט מען באַהאַנדלט אייך, — שמייכלט דער לייטענאַנט ברעדלי — מיט אייך פאָרט מיט בלויז איין אַמעריקאַנער.

— אַוואַדע, אַוואַדע, — ענטפערן מיר אין דעם זעלבן טאָן. — נאָר עפּשער האָט איר זיך מיט עפּעס פאַרזינדיקט? עפּשער האָט איר אונדז געגעבן צופיל פרייהייט?

— ניין, איך פאַרשטיי אַלץ. איך פאַרשטיי אפילע אייער איראָניע. מיר איז זייער פיינלעך, וואָס עס איז מיר אויסגעקומען אייך נאָכשפּירן. זייער מעגלעך, אַז איך וועל זיך שוין מער מיט דעם ניט פאַרנעמען. איך פיל, אַז מיר טוען דאָ עפּעס ניט דאָס... וואָס מען דאַרף. מיך וועט זייער פרייען, אויב מיר וועלן זיך מיט אייך באַגעגענען אין אַמעריקע.

— דאָרט איז דען ניטאָ קיין דזשיטו? — פרעג איך.

— איך וויים ניט. איך דענק אָבער, אַז עס דאַרף ניט זיין... אויב מיר ווילן נאָר אַז עס זאָל זיין פרייהייט און שאָלעם...

מיר דריקן זיין האַנט. אונטער דער מאַסקע פון אַ דזשיטו־אָפיציר באַהאַלט זיך דאָך אויס אַ לייטישער יאַט.

דער צוג פאַרלאָזט קיאָטאָ. ווידער רירן מיר זיך איבער אַ הויכן באַן־אָנשיט. די שטאָט בלייבט ערגעץ אונטן. דער עלעקטרישער לאָקאָמאָטיוו פאַרשנעלערט זיין גאַנג, און הינטער אונדז פאַרבלייבן שטעט און דערפער פון דעם באַנאַכטיקן יאַפּאַן. בלויז פון צייט צו צייט באַווייזן זיך אויפן שאָסיי שטאַרקע לאַמטערן־ליכט פון אַן אַמעריקאַנער דזשיפּ פון דער עמפּי, וועלכער קאָנטראָלירט דעם וועג צווישן קיאָטאָ — נאַגאיאַ — יאָקאָהאַמאַ.

באַגינען זיינען מיר אָנגעקומען קיין קיאָטאָ און זיך צעשיידט מיטן

לייטענאַנט סקובי. עס איז פאַר אונדז געווען ווי אַ מין ווונדער, וואָס מיר קענען פאָרן איבער דער שטאָט אַליין אָן דער באַגלייטונג פון צוויי דזשיפּן; וואָס מיר קענען פראַנק און פריי זיך אָפּשטעלן באַ אַ צייטונגס־קיאָסק, אין פּאַרק, אויף אַ פּלאַץ, ניט אָנפרעגנדיק זיך אויף אַ דערלויבעניש באַ די אַמעריקאַנער.

— ענדלעך זיינען מיר אַליין! — שרייען מיר אויס און מיר פאָרן אויף דער צייטונגס אַלעע צום זשורנאַליסטן־קלוב, וווּ עס איז שוין פאַר אונדז צוגעגרייט „אַ היים" — אַן ענגער, קליינער צימערל מיט אַ ברייטן פענצטער און מיט אַ פעסטן מעטאַלענעם נעץ, וועלכער פאַרהיט אונדז פון־פרישער לופט און פון קאָמאַרן.

— 21 —

דעם זעלבן טאָג נאָך האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן אַ געשעעניש מיט וועלכער עס איז פול געווען דאָן טאָקיאָ. אינדערפרי, נאָך אונטערן טוש, האָט אונדזער שכן פון קלוב — דער אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנ־דענט דזשאָו פראַם — אַרויסקריכנדיק פון אונטערן הייסן שטראָם וואַ־סער אַ געשריי געטאָן:

— העלאָ! נו, ווי אַזוי איז דורכגעגאַנגען אייער רייזע? האָט איר שוין געהערט וועגן דעם שטרייק „יאַמימורי"?

אונדזער צווייטער שכן, דער אַמעריקאַנער ראַדיאָ־קאָמענטאַריסט ביל גאַסטעללאָ, אַן ערנסטער און אַריינטראַכטנדיקער מענטש, האָט אונדז געזאָגט:

— גייט אַריין אין באַר, דאָרט וועט איר זיך דערוויסן וועגן דעם שטרייק. איז אייך געלונגען צו אַנטלויפן פון די דזשיטו־אָפּיצירן?

— וואָס פאַר אַ נייַעס הערט מען? — האָבן מיר געפרעגט באַם קאָרעספּאָנדענט פון „שיקאַגאָ־סאַן" מאַרק הײַן.

— קומט צו אַרום צוויי נאָכמיטיק אויפן אימפּעראַטאָר־פּלאַץ — האָט ער אונדז געענטפערט.

מיר זיינען אַראָפּ אין באַר. פאַרן פרישטיק פלעגן זיך דאָרט פאַר־זאַמלען אַלע זשורנאַליסטן. דאָס איז געווען אַ געוויינלעכער אַמעריקאַ־נער באַר. ער האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין פאָדער־הויז פון דעם קלוב, וווּ עס זיינען געשטאַנען קיילעכדיקע טישן און טיפע, ווייכע פאָטעלן אַרום זיי. ענלעכע טישן און פאָטעלן האָבן זיך געצויגן לענג־אויס די ברייטע פענצטער פון דעם שמאָלן סאַלאָן, וועלכער האָט געהערט צום רעסטאָראַן. אין אַ זייטיקן צימער איז געווען איינגעאָרדנט אַ בופעט און צוויי יאַפּאַנער אין ווייסע רעקלעך און שוואַרצע קראַוואַטן האָבן שנעל געגרייט קאָקטיילס, אָדער געעפנט די סלאָיען מיט אַמעריקאַנער ביר, אָדער מיט אַ פלינקער באַוועגונג אַריינגעגאָסן אין אַ גלאָז מיט שטיקלעך

איז אַ קליין פלעשעלע מיט קאָקאַ־קאָלאַ. דעם באַר האָבן מיר אַ נאָמען געגעבן „די קיך פון סענסאַציעס”. אין יענעם טאָג האָבן אַלע אַמעריקאַנער זשורנאַליסטן געלעבט מיט דעם „איניען פון מאַרק היין” און מיטן שטרייק אין דער יאַפּאַנישער צייטונג „יאָמימורי”.

מאַרק היין איז געקומען צופאָרן קיין יאַפּאַן מיט אַ האַלב יאָר צוריק, געשיקט פון אַ פּראָגרעסיווער אַמעריקאַנער צייטונג „שיקאַגאָ־סאַן”. ער איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ גאַנצער ריי שאַרפע אַרטיקלען, אין וועלכע עס איז קריטיקירט געוואָרן די טעטיקייט פון מאַק־אַרטורס שטאַב און עס האָט זיך צעפּלאַקערט אַן עכטער, ניט בלויז אַ פיקטיווער קאַמף מיט דזייבאַצו און מיטן אולטראַ־נאַציאָנאַליזם. היין האָט גוט באַגריפן די פּאָליטישע לאַגע אין יאַפּאַן און זיינע אַרטיקלען: „מאַק־אַרטור וואַרפט אָפּ דעם פּלאַן פון ליקווידירן דזייבאַצו” און „די אַמעריקאַנער אין יאַפּאַן מאַכן אַ שריט אָף רעכטס”, האָבן אַרויסגערופן זייער אַ לעבעדיקן אָפּקלאַנג אין די דעמאָקראַטישע קרייזן פון יאַפּאַן און אַמעריקע. היין איז אַ קלוגער און קולטורעלער זשורנאַליסט מיט אַ שאַרפן בליק, דערצו איז ער אינגאַנצן אַן אָביעקטיווער מענטש, וועלכער האָט געוואָלט אויפדעקן אַלץ וואָס עס קומט פאָר אין דעם איצטיקן יאַפּאַן. „איך טו דאָס אַלץ אין נאָמען פון רוזוועלטס אַמעריקע און אין נאָמען פון דער פרייהייט פון דעם אַמעריקאַנער פאָלק”, האָט אונדז אַמאָל דערקלערט היין.

און דאָ איז היין אַרויסגערופן געוואָרן אין דעם „פּאַבליק רעליישן אָפיס” צום גענעראַל בעקער. דער גענעראַל איז געווען דער פּרעסע־פאַרוואַלטער באַם שטאַב פון מאַק־אַרטור. זיין קאַס, — האָט ער דערקלערט, — איז אַרויסגערופן געוואָרן צוליב היינס נייעם אַרטיקל אין דער צייטונג „שיקאַגאָ־סאַן”. אין יענעם אַרטיקל האָט מאַרק היין, — אַ גוט־באַהאַוונטער מענטש, — דערציילט וועגן אַ „סעסיע”, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם צימער נ 506 פון דעם מיניסטעריום פאַר ערד און וועלדער וועלכער געפינט זיך בישכיינעם פון גענעראַל דוגלאַס מאַק־אַרטורס שטאַב. דאָרט איז באַהאַנדלט און באַשטעטיקט געוואָרן די אַמעריקאַנער פּאָליטיק אין יאַפּאַן. די בייוועזנדע מיליטערלייט האָבן געטײַנעט, אַז אַ וועלכע עס וואָל ניט זיין רייניקונג צווישן די אולטראַ־נאַציאָנאַליסטן, קען שאַפן אַ כאַאָס אין דעם פּאָליטישן און דעם עקאָנאָמישן לעבן פון יאַפּאַן. מאַרק היין האָט דאַן אָנגערופן דריי נעמען: דזשאָרזש וואַטעמאַרע, מאַקס בישאָפּ און קאָראָנעל כ. ט. קרעסועל. די דריי האָבן פאַרזיכערט, אַז אַ „רייניקונג וועט לענקן דעם מאַרך פונעם לאַנד קעגן אַמעריקע”. און ווען מען האָט זיי דערמאָנט וועגן דער פּאָטסדאַמער דעקלאַראַציע, האָבן זיי געשמייכלט.

— ווען זי וואָלט געשריבן געוואָרן היינט, וואָלט זי געווען גאָר אַן אַנדערע, — האָבן זיי דערקלערט. — עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז עס וועט קומען די צייט ווען מיר וועלן דאַרפן האָבן אַ שטאַרקע יאַפּאַן.

ווייטער האָט מאַרק היין פאַרעפנטלעכט זיינעם אַ שמועס מיט אַן אַמעריקאַנער אָפיציר, וועלכער קערט זיך אום צוריק קיין ווירדזשיניע. „איך בין אַ גאַנץ אָנגעזעענער סויכער באַ מיר אין שטאָט“, האָט ער דער־קלערט, „איך האָב געאַרבעט אין דער האַנדלס־קאַמער. איך בין שוין ניט קיין יונגער מענטש, נאָר ווען די אַרמיי האָט אַ רוף געטאָן באַ־האַוונטע מענטשן, האָב איך מיך פאַרגעשלאָגן צו פאָרן קיין יאַפּאַן. איך קען אָבער פּאָשעט ניט פאַרשטיין, וואָס אַזוינס עס קומט דאָ פאָר? איך ווייס גאַנץ גוט, אַז עס איז צו באַנאַל צו ריידן וועגן דעם, איך האָב אָבער צוויי זין און וויל ניט, אַז ווען זיי וועלן אויסוואַקסן, זאָלן זיי דאַרפן ווי־דער גיין אין מילכאָמע קעגן יאַפּאַן. אַלץ, וואָס דאָ קומט פאָר, איז פאַר מיר אומפאַרשטענדלעך. איך האָב געפּרוווט קעמפן קעגן דעם, נאָר איצט אָבער איז דאָס פּאָשעט לעכערלעך. האָבן מיר טאַקע בעדייע אַף אַן עמעס צו דעמאָקראַטיזירן יאַפּאַן? די לעצטע צייט האָב איך זייער פיל גע־טראַכט וועגן דעם. איך אַליין בין אַ קאָנסערוואַטאָר, נאָר דאָס וואָס קומט איצט פאָר אין יאַפּאַן, איז גאָר ניט יענער קאָנסערוואַטיזם וועלכן איך שטיץ. איך מוז זיך צוריקקערן קיין אַמעריקע קעדיי צו פאַרשטיין, וואָס אַזוינס איז דאָרט פאָרגעקומען נאָכדעם ווי איך בין פון דאָרטן אַרויסגעפאָרן? איך האָב אַ פאַרגעפיל, אַז דעם ענטפער פאַר יאַפּאַן וועל איך געפינען דאָרטן. אויב דאָס איז אַזוי, וועל איך שוין האָבן וואָס צו זאָגן וועגן דעם“.

און אָט דער אַרטיקל פון דעם זשורנאַליסט היינס האָט נאָך אין אַ גרעסערער מאָס ווי די פאַבריקע, אַרויסגערופן אַ צערייצונג און אַפילע אַ צאָרן אין מאַק־אַרטורס שטאַב. היין איז אַרויסגעפאָדערט געוואָרן צום גענעראַל בעקער און מען האָט אים גערראָט מיט אַרעסט. מען האָט אים באַשולדיקט אין האָבן פאַרעפנטלעכט דאָס וואָס טראָגט אַ געהיי־מען כאַראַקטער. בעקער האָט געפאָדערט באַ היינען ער זאָל אים אויס־געבן דעם מענטשן, וועלכער האָט אים באַקאַנט געמאַכט מיט די אַלע איינצלהייטן פון דער זיצונג. היין האָט זיך אָפּגעזאָגט.

— איר וועט עס טאָן, אין קעגנפאַל וועט מען אייך צווינגען דערצו, — האָט אים געמאָלדן דער גענעראַל.

אַלע אַמעריקאַנער זשורנאַליסטן האָבן יענעם טאָג געלעבט בלויז מיט דער געשעעניש, וואָס האָט פּאַסירט מיט זייערם אַ קאָלעגע. דריי מאָל איז היין אַרויסגעפאָדערט געוואָרן אין מאַק־אַרטורס שטאַב, און דאַן זיינען די קאָרעספּאָנדענטן געקומען אים צו הילף. צוועלף פון די מער אָנגעזעענע זשורנאַליסטן האָבן באַזוכט דעם גענעראַל בעקער און אים געמאָלדן, אַז: די „דראָונגס־אויספאָרשונג“ פון היינען איז אַ קלאַפּ פאַר דער פרייהייט פון פרעסע און פאַר דער דעמאָקראַטיע.

— ווי אַזוי וועט איר זיך באַציען צו דעם, — האָבן זיי אים גע־פרעגט — ווען די גאַנצע וועלט וועט זיך דערוויסן וועגן דער נייער

באַציִונג פון מאַק־אַרטורס שטאַב צו דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע און צו דער פרייהייט פון פרעסע?

בעקער האָט זיך פאַרלוירן און זיך פאַרטראַכט. ער האָט דערפילט אַז דער „איניען היין" באַקומט שוין אַ צו עפנטלעכן און אַפילע אַ סקאַנדאַליעזן כאַראַקטער. ער האָט געמוזט נאָכגעבן.

— גוט, — האָט ער געזאָגט — מיר וועלן ניט פאַרהאַלטן היינען.

באַנאַכט האָט מען אין קלוב צוזאַמענגערופן אַ פאַרזאַמלונג פון די קאָרעספּאָנדענטן. ביל גאַסטעללאַ האָט געזאָגט, אַז איצט, צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער זשורנאַליסטיק איז אַנטשטאַנען אַ נויטווענדיקייט צו גרינדן אַ „קאָמיטעט פאַר שוץ פון די קאָרעספּאָנדענטן". איצט הענגט שוין אַ דראָונג אויך איבער אונדזערע קעפּ — האָט ער פאַרענדיקט.

די באַוועגונג פון די אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן אין טאָקיאָ האָט זיך צעטיילט אויף צוויי לאַגערן: אַ רעכטן און אַ לינקן. וואַלטער סימאָנס, דער פּאָרזיצער פון דעם קלוב האָט אָפּאָנירט בילן. דער פּאָרזיצער, אַ קאָרעספּאָנדענט פון אַ רעאַקציאָנערער צייטונג „שיקאַגאָ־טריביון", וועלכע געהערט צו מאַק־קאָרמיקן און פּאַטטערסאָנען, האָט ניט געזען קיין שום ערנסטעס אין דעם „איניען היין". אָבער דזשאָ פראַם, גאָרדאָן וואַלקער, דזשאָרזש פאַלסטער און טאָם לעמבערט האָבן זיך געשטעלט אויף דער זייט פון ביל גאַסטעללאָ.

אַזוי אַרום איז באַשאַפן געוואָרן דער „קאָמיטעט פאַר שוץ פון די קאָרעספּאָנדענטן", וועלכער האָט געזאָלט פירן אַ קאַמף קעגן מאַק־אַרטורס שטאַב, פאַרטיידיקנדיק די עלעמענטאַרע מענטשלעכע רעכט, וועלכע איז געזעצלעך איינגעפירט אין אַלע דעמאָקראַטישע לענדער פון דער וועלט — דאָס רעכט צו שרייבן דעם עמעס.

פאַר מיין אָפּפאָרן פון טאָקיאָ האָב איך ווידער באַגעגנט מאַרק היינען. ער האָט זיך דאַן ערשט אומגעקערט פון דאָרעם־קאָרייע. דאָרטן האָט דער גענעראַל האָדזש, דער קאָמענדאַנט פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי, איינגעשטעלט אַ גאָר שטרענגע אויפזיכט איבער אים. צוויי דזשיטו־אָפּיצירן האָבן נאָכגעשפּירט מאַרק היינען טריט נאָך טריט, ניט פאַרלאָזנדיק אים אַפילע באַנאַכט.

— ערשט דאַן האָב איך פאַרשטאַנען, ווי שווער עס איז אייך געווען, — האָט ער מיר געזאָגט, דערמאָנענדיק זיך וועגן אונדזער רייזע קיין נאַגאַסאַקי.

— ס'איז אָבער געווען אינטערעסאַנט אין דאָרעם־קאָרייע?

— יאָ, דאָרט טוען אָפּ די אַמעריקאַנער דאָס זעלבע וואָס אין יאַפּאַן: זיי שטיצן די רעאַקציאָנערע קויכעס. און דאָרט טוען זיי עס אויף אַ נאָך מער אָפענעם אויפן.

שפּעטער, נאָך אַ מינוט שווייגן, האָט ער טרויעריק באַמערקט:
— און דאָך וועל איך מוזן פאַרלאָזן יאַפּאַן.
— מען שיקט אייך אַרויס?
— ניין, גאַנץ פּאַשעט, מיין צייטונג האָט ניט קיין מעגלעכקייטן דאָ אויסצוהאַלטן אַ קאָרעספּאָנדענט. ניטאָ קיין געלט, אַזוי גלויב איך. אָבער לאָמיר ניט ריידן וועגן דעם.

— 22 —

צוויי אַזייגער נאָכמיטיק זיינען מיר געפאָרן צום אימפּעראַטאָר־פּלאַץ. דאָרטן האָבן זיך פאַרזאַמלט טויזנטער מענטשן וועלכע האָבן זיך סאָלידאַריזירט מיטן שטרייקנדיקן פּערסאָנאַל פון דער צייטונג „יאָמי־אורי". עס האָבן זיך דאָרטן פאַרזאַמלט די יאַפּאַנישע האָרעפּאַשניקעס און געפאָדערט ברויט באַם אימפּעראַטאָר. באַ אַ געלעגנהייט האָט מאַק־אַרטורס שטאַב דערקלערט, אַז דאָס יאַפּאַנישע פאָלק בענטשט היראָהי־טאָן אין זיין נייעם געשטאַלט פון אַ מענטשן, וועלכער פּילט מיט די היימלאָזע. איצט אָבער האָט אַפילע אַזאַ קאָנסערוואַטיווע צייטונג ווי „טאָקיאָ אַסאַכי" געמוזט אָנערקענען, אַז דעם אימפּעראַטאָרס רוף צום פאָלק און זיין וואַנדערונג זיך צו טיילן איינער מיטן אַנדערן אין דער צייט פון נויט, האָט קיינעם גאָר ניט גערירט, ניט געקוקט אויף דעם זייער פּאַ־טעטישן טאָן פון זיין רוף. „זיין מאַיעסטעט איז די פאַרקערפּערונג פון אַלע טראַגעדיעס וועלכע זיינען זיך פאַרלאָפן אין דער יאַפּאַנישער גע־שיכטע"... — האָט געשריבן די צייטונג „אַסאַכי", און דאָך איז דאָס פאָלק געגאַנגען זוכן ברויט נאָר אַהער, אויפן אימפּעראַטאָר־פּלאַץ. פאַר־וואָס? דאָס האָט קיינער געוויס ניט געוווּסט און ווייס אויך ניט. אַזוי איז שוין געווען די טראַדיציע, אַזוי האָט מען שוין צוגעוואוינט אַלעמען פון זייערע קינדעריאָרן אָן. זיי האָבן אַלץ געהאָפט אויף אַ רעטונג, שטייענ־דיק באַם קאַנאַל, הינטער וועלכן ס'איז געשטאַנען איינגעהילט אין סוי־דעם דער פּאַלאַץ פון דעם אימפּעראַטאָר. אַן אַמעריקאַנער זעלנער אין זיינע שווערע שיך, וועלכער היט אָפּ דעם אַריינגאַנג אין פּאַלאַץ, האָט גלייכגילטיק באַטראַכט דעם האַמוין. דאָרטן, פונדערווייטנס פאָדערט עמעצער דעמאָקראַטיע, פרייהייט, ברויט. אויף אַ לאַסט־אויטאָמאָביל, וועל־כער דינט פאַר אַ טריבונע, האַלט עמעצער אַ רעדע. מענטשן טראָגן פּע־נער און טראַנספּאַראַנטן מיט אויפשריפטן: „נידער מיט דזייבאַצוס קאַ־בינעט", „נידער מיטן קאַבינעט פון יאָשידאַ!", אָבער דער אַמעריקאַנער זעלנער, פּונקט ווי שטענדיק, שפּאַנט איבער דעם שמאָלן וועג זעקס טריט פאָרויס און זעקס טריט צוריק, און נאָר זעלטן ווען דרייט ער זיך אויס צום פּלאַץ, וווּ עס האָט זיך פאַרזאַמלט אַ ריזיקער האַמוין. ער ווייסט, אַז אַ געדיכטע קייט פון עמפּי־אויטאָמאָבילן היט אָפּ זיין רו. דעם טראָן

פון דעם אימפעראַטאָר, די דזייבאַצו־מאַגנאַטן און אַפילע דעם זיך וואַקל־דיקן קאַבינעט פון יאָשידאַ.

די שאַפער פון דער אַמעריקאַנער פּאָליטיק אין יאַפּאַן און יענע מענטשן וועלכע פירן זי דורך, האָבן זיכער ניט געקענט זיך פאָרשטעלן אַז דעם אימפּעט מיט וועלכן דאָס יאַפּאַנישע פאָלק האָט זיך אויסגע־דרייט קעגן זיינע פאַרשקלאַפער; דעם צאָרן מיט וועלכן ער האָט דע־מאַסקירט די אולטראַנאַציאָנאַליסטן, פאָדערנדיק צו דער זעלבער צייט אַן עכטע דעמאָקראַטיע. אַפילע דער גענעראַל דוגלאַס מאַק־אַרטור האָט גע־מוזט מוידע זיין, אַז „די גייסטיקע רעוואָלוציע פון דעם יאַפּאַנישן פאָלק איז ניט קיין אויבערפלעכלעכע דערשיינונג. דאָס איז אַ קאָנוואַלסיע, וועל־כע האָט צו זיך ניט קיין גלייכן אין דער סאָציאַלער געשיכטע פון דער וועלט"; פונדעסטוועגן האָבן זיך די אַמעריקאַנער אין יאַפּאַן ניט פאַר־געשטעלט, אַז אָט־די סאָציאַלע „קאָנוואַלסיע" וועט אַרויסרופן צום לעבן אַ שפּאָגל־נייעם דעמאָקראַטישן קויעך, וועלכער וועט דערווייזן, אַז די אַכזאַריעסדיקע רעדיפעס און פאַרשקלאַפונג קענען ניט אויסלעשן דעם טרוים וועגן דער מענטשלעכער פרייהייט. און כאָטש עס וואָלט געווען אַן אוטאָפּיע צו פאַרזיכערן, אַז איבער נאַכט זיינען אַלע יאַפּאַנער גע־וואָרן דעמאָקראַטן, איז אָבער דאָך אַ פאַקט, אַז דער אינערלעכער סאָ־ציאַלער פּראָצעס האָט זיך שוין אָנגעהויבן.

אַף דער אַרענע פון דעם יאַפּאַנישן געזעלשאַפטלעכן לעבן איז אַרויס־געטראָטן דער אַרבעטער־קלאַס, וועלכער ווערט שוין געשטיצט צייטנווייז פון דער דאָרפישער אָרעמקייט און פון דער פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ.

דאָס לעבן וועט שוין באַווייזן: וועט דער פּראָצעס שוין איצט, אין יאָר 1947, באַשאַפן דעם איינהייטלעכן דעמאָקראַטישן פראָנט, וועלכער וועט אָפּרוימען פון זיין וועג די רעאַקציע? יעדנפאַלס פון דעם הענגט אָפּ דער גורל פון יאַפּאַן און דער שאַלעם אַפן פּאַסיפיק. נאָך אין די טעג פון יאַפּאַנס מאַפּאָלע האָט אויסגעבראָכן אַ שטרייק אין דער מעטאַל־פאַבריק אסיאי — די אַרבעטער זיינען געוואָרן באַדראָט פון אַ לאָקאַוט. דער שטרייק איז געשטיצט געוואָרן פון די אַרבעטער פון די עלעקטראָ־טעכנישע אונטערנעמונגען אָקאָ און ניכאָן. דאָרט האָט מען אָרגאַניזירט אַ ראַט פון פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און צו אים זיינען שפּעטער אויך צוגעשטאַנען די קאַוואַסאַקי־פאַבריקן. דער ראַט האָט געפאָדערט עס זאָל איינגעשטעלט ווערן אַן אַרבעטער־קאָנטראָל און אויך דעמאָקראַטישע פרייהייטן. אַלץ נייע און פרישע קויכעס פלעגן זיך אָנשליסן אין די קאַמפּס־רייען — אין אָסאַקאַ, קאָבע, נאַגאַסאַקי און אַפן אינדזל כאָק־קאַידאָ. אין די פעברואַר־טעג פון יאָר 1946 האָט שוין דער ראַט פאַריי־ניקט הונדערט ניין און דרייסיק פאַבריקן — מיט קימאַט ניינציק טויזנט אַרבעטער.

אין יענע באַרימטע פעברואַר־טעג האָט סידעהאַראַס קאַבינעט אָנגע־

הויבן אַן אַכזאָריעסדיקן קאַמף קעגן די דעמאָנסטראַציעס און שטרייקן. און ווידער, פּונקט ווי אין די מילכאָמע־טעג, האָבן אַלע דערפילט די שרעקלעכע האַנט פון דזייבאַצו. אין דער פאַבריק האָבן דאַן אַלע פאַר־שטאַנען, אַז פון וועג צו דער דעמאָקראַטיע און פרייהייט מוזן אַראָפּגע־ראַמט ווערן ניט נאָר די „דזייבאַצו־מאַגנאַטן", נאָר אויך סידעהאַראַס מיניסטאָרן־קאַבינעט. אַף צוויי דעמאָנסטראַציעס, וועלכע זיינען פאָרגע־קומען אין טאָקיאָ, האָבן זיך פאַרזאַמלט פינף הונדערט טויזנט פערזאָן און אין גאַנץ יאַפּאַן — צוויי מיליאָן. זיי האָבן געפאָדערט פרייהייט און אַז מען זאָל צעטרייבן דעם מיניסטאָרן־קאַבינעט פון באַראָן סידעהאַ־ראַ. עמעס, אַף זיין פּלאַץ איז געקומען פּונקט אַזאַ רעאַקציאָנערער קאַבי־נעט — דער קאַבינעט פון סיגערו יאָשידאַ, אָבער דער ניצאָכן איז אָפּגע־האַלטן געוואָרן און פון דעם איז דער ראַט פון די אינדוסטריעלע פּראָ־פעסיאָנעלע פאַריינען נאָך שטאַרקער געוואָרן.

מיר דאַכט זיך לייענער, אַז דאָס אַלץ האָב איך געמוזט אייך דער־מאָנען, קעדיי איר זאָלט זיך קענען מיט דער פולסטער קלאָרקייט שאַפן אַ באַגריף וועגן דעם גאַנצן אינהאַלט פון די „שווערע יאַמיאורי טעג". אייגנטלעך איז דאָס געווען נאָך איין פּאָליטישער טרעפּ אַף דעם שווערן וועג צו דעמאָקראַטיע. און ניט וויניק נאָך אַזעלכע טרעפּ וועט מוזן ביי־קומען דאָס יאַפּאַנישע פאָלק, איידער עס וועט דערגרייכן דעם שפּיץ, פון וועלכן עס וועלן זיך פאַר אים אַנטפּלעקן די דעמאָקראַטישע וועגן.

לאָמיר זיך אָבער אומקערן צו דער רעדאַקציע פון דער צייטונג „יאַ־מיאורי". אַלע האָבן געשטראָמט צו דער הויכער מאָרעשכוירעדיקער גע־ביידע מיטן געשריי: „מיר שטיצן אייך!". אַהער איז אויך געקומען דער האַמוין פון דעם אימפּעראַטאָר־פּאַלאַץ. פון די רעדאַקציע־פענצטער האָט עמעצער געוואָרפן פלוגבלעטלעך: „מיר וועלן זיך ניט אונטערגעבן די אַגענטן פון דזייבאַצו".

מיט דריי כאַדאָשים פריער איז באַזייטיקט געוואָרן פון דער רע־דאַקציע פון דער צייטונג „יאַמיאורי" דער באַדייטנדיקסטער פּובליציסט סודזוקי טאַמין. ער פלעגט אַרויסטרעטן אין דער צייטונג מיט זייער ערנסטע און קלוגע אַרטיקלען. ער איז געווען דער, וועלכער האָט געגעבן דער צייטונג אַ געוויסע פּאָליטישע ריכטונג און פון דאַן אָן האָט מען זי צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן צו לייענען מיט אַן אינטערעס און אייפער. סודזוקי פלעגט אין זיינע אַרטיקלען דעמאַסקירן די מאַגנאַטן פון מיצואי און מיצוביסי און האָט געפאָדערט אַז עס זאָל ווערן דורכ־געפירט אַן עכטע דעמאָקראַטיזירונג פון לאַנד. ער האָט גערופן צום קאַמף קעגן דער רעאַקציע. סודזוקי איז אָבער באַזייטיקט געוואָרן פון דער רעדאַקציע. וועגן דעם האָבן זיך אָן דער מינדעסטער בושע שוין באַ־מיט די אַמעריקאַנער. אַף זיין פּלאַץ איז אַריין אין דער רעדאַקציע איי־נער מיטן נאָמען באַבאַ, אַן אונטערגעקויפטער פון דזייבאַצו־מאַגנאַטן,

אַ מענטש וועמענס נאָמען עס איז פון לאַנג שוין געווען פאַרבונדן מיט אַלע אַגרעסיווע שטרעבונגען פון דעם אַמאָליקן יאַפּאַן. גלייך מיט זיין אַריינטריט האָט ער באַזייטיקט פון דער רעדאַקציע „יאָמיאורי״ נאָך אַ צוויי צענדליק זשורנאַליסטן, וועלכע האָבן געשטיצט סודזוקי טאָמין. דאָן איז אין דער רעדאַקציע און אין דער דרוקעריי פון דער צייטונג אויסגעבראָכן אַ שטרייק. מענטשן האָבן געהונגערט, אָבער ניט אונטערגעגעבן זיך. באַבאַ האָט זיך אויך איינגעשפּאַרט. אים האָבן געשטיצט די אַמעריקאַנער און דער פּרעמיער מיניסטער יאָשידאַ. די יאַפּאַנישע זשורנאַליסטן האָבן זיך געווענדעט נאָך הילף צו זייערע קאָלעגן פון „מייניטשי״ און „אַסאַכי״. עס האָט זיך געבילדעט אַ קאַמפּס־קאָמיטעט און עס איז באַשטימט געוואָרן אַ טאָג פון אַן אַלגעמיינעם שטרייק פון אַלע צייטונגען און אַלע ראַדיאָ־סטאַנציעס פון יאַפּאַן.

אויף די אייזנבאַן־ליניעס איז די רו ווידער געשטערט געוואָרן. הונדערט דרייסיק טויזנט מאַן זיינען אַרויס אויף דער גאַס. מען האָט זיי אָבער געדראָט מיט אַ לאָקאַוט, וואָס האָט באַדייט פאַר זיי אַ הונגער־טויט. אין זעכצן קוילן־ און מעטאַל־גרובן אויפן אינדזל קיוסי, וועלכע געהערן צו מיצוביסי איז דורכגעפירט געוואָרן אַ „פּראָטעסט־טאָג״ קעגן דעם רעאַקציאָנערן רעזשים סידעהאַראַ־יאָשידאַ. די זעצער פון די צוויי גרעסטע יאַפּאַנישע צייטונגען „אַסאַכי״ און „מייניטשי״ האָבן דערקלערט, אַז זיי סאָלידאַריזירן זיך מיט דער רעדאַקציע פון „יאָמיאורי״.

שפּעט אין דער נאַכט זיינען קימאַט אַלע אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן געקומען אין דער רעדאַקציע פון „מייניטשי״. אויפן פינפטן שטאָק האָבן מיר געטראָפן מאַסויאַמאַ־סאַן, וועלכער איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דעם „קאַמפּס־קאָמיטעט״. אין אַ גרויסן צימער, פאַרלייגט מיט פּלאַקאַטן און אויפרופן איז געזעסן אַ מאַן מיט געשוואָלענע רויטע אויגן פון שלאָפלאָזע נעכט. ער האָט געגלויבט אין דעם ניצאָכן פון דעם שטרייק. ער האָט פאַרזיכערט, אַז עס זיינען שוין געקומען די לעצטע טעג פון יאָשידאַס קאַבינעט. מאַסויאַמאַ האָט אָבער ניט געוווּסט, אַז אין דעם איניען האָבן זיך אַריינגעמישט אַגענטן פון דער אַמעריקאַנער דזשיטו.

באַטאָג האָט זיך באַוויזן אין דער רעדאַקציע „אַסאַכי״ דער אַמעריקאַנער מאַיאָר אימבאָדע. ער האָט באַטראַכט די רעדאַקציע און די דרוקעריי און, באַם געזעגענען זיך, אַזוי פאַרבייגייענדיק, אויפמערקזאַם געמאַכט דעם רעדאַקטאָר, אַז די אַמעריקאַנער וועלן גאָרניט באַדויערן אויב די עלטסטע יאַפּאַנישע צייטונג „אַסאַכי״, וועלכע הייבט אָן צו שטרייקן, וועט אינגאַנצן אויפהערן צו עקזיסטירן. די ידיעה וועגן דער דראָונג האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער רעדאַקציע. די מענטשן זיינען אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר אַ זייער ערנסטער דילעמע: שטיצן די רעדאַקציע פון „יאָמיאורי״, אָדער בלייבן אויפן גאַס, ווו עס דערוואַרט זיי אַ הונגער־טויט. אַזוי האָבן זיי געמיינט. און די רעדאַקציע פון „אַסאַכי״

איז ניט צוגעשטאַנען מיט איר הילף צו די זשורנאַליסטן פון „יאַמיאורי״, אָבער די דרוקעריי פון „אסאכי״ האָט זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצולאָזן די צייטונג. ענלעכע געשעענישן זיינען פאָרגעקומען אויך אין אַ צווייטער גרויסער צייטונג — „מייניטי״. אויך דאָרט האָט די דרוקעריי זיך אָפּגעזאָגט צו דרוקן דעם לויפנדיקן נומער פון דער צייטונג. און דאַן, צום ערשטן מאָל נאָך אַ לענגערן איבעררייס, האָבן זיך באַוויזן אױף די גאַסן וואָס פירן צו די צייטונגס־רעדאַקציעס יאַפּאַנישע פּאָליציי־לייט. זיי האָבן אַרומגערינגלט די דרוקערייען פון „מייניטי״ און „אסאכי״. קיינער האָט ניט געקענט פון דאָרט אַרויסגיין, קיינער האָט אויך ניט געטאָרט אַריינגיין אַהין. מען האָט אַהין ניט צוגעלאָזן אַפילע די אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן. פון דערווייטנס האָבן מיר באַטראַכט דעם אַלץ שטייגנדיקן קאַמף צווישן די זעצער און דרוקער־אַרבעטער מיטן פּאָליצייאישן קאָרדאָן. דרייסיק מאַן, די מער אַקטיווערע און איינגעשפּאַרטע האָט מען ערגעץ אָפּגעפירט אין אַ לאַסט־אויטאָמאָביל.

דריי צייטונגען זיינען געוואָרן אינגאַנצן אָפּגעזונדערט איינע פון דער אַנדערער. בײַ די טעלעפאָן־אַפּאַראַטן האָבן געהאַלטן וואַך פּאָליציי־אַגענטן. די דרוקערייען זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טפיסעס — די מענטשן האָט מען דאָרט געהאַלטן פאַרשפּאַרט אַ גאַנצן מעסלעס. דריי מאָל זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרן אין דער דרוקעריי „אסאכי״ די ראָטאַציע־מאַשינען און יעדעס מאָל האָט די פּאָליציי געצוווּנגען די דרוקער־אַרבעטער ווידער צוטרעטן צו דער אַרבעט.

ענלעכע געשעענישן זיינען אויך פאָרגעקומען אין די ראַדיאָ־סטאַנציעס. אויך דאָרט האָט זיך באַוויזן די פּאָליציי. אַלעמען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז יאַפּאַן פאַרמאָגט שוין מער ניט קיין פּאָליציי־קויכעס. אין יענע טעג אָבער, האָט דאָס פאָלק דערזען ווידער די זעלבע פּאָליציי, וועלכע האָט געהאַלטן דאָס פאָלק אין שרעק און אונטערטעניקייט פאַר דער מילכאָמע און בעיס דער מילכאָמע. פון וואַנען האָט זי זיך גענומען? ווּ האָט זי זיך געהאַט פאַרשטעקט? דאָס האָט קיינער ניט געוווּסט. באַם אַריינגאַנג אין דער רעדאַקציע פון „מייניטי״ האָט די פּאָליציי אַרעסטירט אַכט יאַפּאַנישע זשורנאַליסטן: קימורא, איגאראסי, יאַסונאָ, יאמאנע, נאַקאַטאָ, יאנאגאווא, כאמאגאנע און מיאַקאָ.

אין דער זעלבער צייט האָט אין דער שטאָט קאנאדזאווא, דער קאָנגרעס פון די אינדוסטריעלע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען איינגעאָרדנט אַ דעמאָנסטראַציע באַם הויז, ווּ עס איז פאָרגעקומען דער צוזאַמענפאָר פון דער אַזוי גערופענער ליבעראַלער פּאַרטיי. דאָרט האָט זיך געפונען אויך יאָשידא סיגערו; ער האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט אַרויסצוגיין צום עולם. די וועלכע האָבן געפּרוּווט אַריינדרינגען אינעם הויז — צען מאַן — האָט די פּאָליציי פאַרנומען און ערגעץ אָפּגעפירט. דער האַמוין איז זיך אָבער ניט פאַנאַנדערגעגאַנגען, זיי האָבן געפאָדערט ברויט און פרייהייט.

צום האָמוין האָבן זיך אָנגעשלאָסן די מעטאַל־אַרבעטער און, וואָס ס'איז אַמוויכטיקסטן, די אַרבעטער פון די יאַפּאַנישע עלעקטרישע סטאַנציעס. זיי האָבן געדראָט, אַז אויב עס וועט ניט אָפּגעשטעלט ווערן דער טעראָר אין באַצוג צו די צייטונגס־רעדאַקציעס, וועלן זיי אָפּשליסן די באַלייכטונג און עלעקטרישע ענערגיע. דער קאַמף איז שוין דערגאַנגען ביז צו דער העכסטער שפּאַנונג.

און דאַן האָט דאָס יאַפּאַנישע פאָלק דערהערט די „שטים פון אַמעריקע". מאַק־אַרטורס שטאַב האָט דערמאָנט, אַז די עלעקטרישע סטאַנציעס טאָרן ניט אָפּשטעלן דעם שטראָם, ווייל דאָס וועט שטערן דעם לעבן פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי אין יאַפּאַן. אַף די גאַסן און באַ די רעדאַקציעס האָבן זיך באַוויזן עמפּי־אויטאָמאָבילן. די זשורנאַליסטן האָבן נאָך געפּרוּווט קעמפן, די קויכעס אָבער זיינען שוין געווען ניט קיין גלייכע. איינציקע פון די זשורנאַליסטן האָט מען אונטערגעקויפט, אַנדערע האָט מען אַריינגעוואָרפן אין די טפיסעס, און די איבעריקע האָבן זיך אונטערגעגעבן, מוירע האָבנדיק פאַר אַ הונגער־טויט.

מיר אַלע, די אַמעריקאַנער, ענגלישע און סאָוועטישע קאָרעספּאָנדענטן האָבן זיך אומגעקערט אין קלוב באַגינען. אַלץ איז איינגעשטילט געוואָרן און אַלעמען איז געווען קלאָר, אַז דער קאַמף קעגן די דעמאָקראַטישע קויכעס אין יאַפּאַן איז שוין מיט קיין זאַך ניט פאַרמאַסקירט געוועזן. יאָשידאַס קאַבינעט האָט, מיט דער הילף און שטיצע פון די אַמעריקאַנער, פעסט און זיכער דערלאַנגט נאָך אַ קלאַפּ איבער די „קליינע פרייהייטן", וועלכע דאָס יאַפּאַנישע פאָלק האָט דעראָבערט אין די נאָך־מאַפּאַלע־טעג.



פאַר אונדזער אָפּפאָרן פון טאָקיאָ זיינען געקומען צו אונדז צו גאַסט עטלעכע יאַפּאַנישע שרייבער און קריטיקער. מיר האָבן פאַרבראַכט מיט זיי אין אונדזער קליינעם צימערל ביז שפּעט באַנאַכט.

איוואַנאַמי דזשיניטשי האָט אונדז דערציילט, אַז אין דער צייט פון דער מילכאָמע האָבן אַזעלכע באַדייטנדיקע שרייבער ווי ניוואַ פומיאַ און איסאַקאַוואַ טאַצוזאָ געפירט אַ זייער אַקטיווע מיליטאַריסטישע טעטיקייט און זיינען געווען אָפן פראָנט אַלס מילכאָמע־קאָרעספּאָנדענטן. זיי קענען ניט באַגרייפן מיטן סייכל די אַלע ענדערונגען וועלכע קומען פאָר אין דעם יאַפּאַנישן פאָלק. איצט האָט זיך געבילדעט אַ ליטעראַרישע געזעלשאַפט מיטן נאָמען „דאָס נייע יאַפּאַן". די געזעלשאַפט איז געגרינדעט געוואָרן אַף דער איניציאַטיוו פון די מער דעמאָקראַטישע שרייבער, וועלכע האָבן אין דער מילכאָמע־צייט ניט געשטיצט די מיליטאַריסטן און אַף וועלכן ניט איז אויפן געקעמפט קעגן זיי. „דאָס נייע יאַפּאַן" פאַר־

אייניקט דריי הונדערט פופציק שרייבערס. אין יאפאן איז אויך פאראן אַ פאַרבאַנד פון שרייבערס באַם פאַרלאַג „קאמאקורא בונקא״. אין פאַר־באַנד זיינען פאַרטראָטן אויך אַזעלכע אַנגעזעענע בורזשואַזע שרייבערס, ווי קומע מאַסאָאַ, יאסונאַרי קאוואבאטא, אָסאַראַגי אידזשירא, אָבער דאָס איז גיכער אַ כאַווערלעכער קרייזל און ניט קיין פאַרבאַנד.

צובוּי סיגעדזשי רופט אָן אַ זייער פּאָפּולערע אין יאפאן דערציי־לונג אָנגעשריבן פון מיאַמאָטאָ יוריקאָ וואָס הייסט „דער טאָל באַנסיו״. די דערציילונג איז געווידמעט דעם איצטיקן יאפּאַן, אָבער „דער טאָל באַנסיו״ גיט נאָך אַלץ ניט קיין פולשטענדיקן בילד פון דעם לעבן פון פאָלק. מיאַמאָטאָ באַגרענעצט זיך בלויז מיט די אָנדייטונגען אַף די שטע־רונגען, וועלכע שטייען אַפן וועג פון דעמאָקראַטיזירן יאפּאַן. ניט ווייני־קער פּאָפּולער איז אויך טאָגונאַגא צונזאָס ראָמאַן „שלאָף, מיין ווייב״, וועלכער איז געווידמעט דעם גורל פון דער יאַפּאַנישער פרוי.

„שלאָף, מיין ווייב״, רייסט אַראָפּ דעם פאָרהאַנג הינטער וועלכן עס באַהאַלט זיך אויס ביז היינט די אינערלעכע וועלט פון אַ פּויערישער פרוי. מען זעצט אונדז איבער אַ קאַפּיטל, וועלכער הייסט „אַ טאָג אין דאָרף״.

אין אַ קליינעם פּויערישן שטיבל שלאָפן אַף דער ערד אַף שטרוי קינדער. צוויי פרויען — אַ מוטער און אַ טאָכטער — האָרעווען פון באַ־גינען ביז באַנאַכט אַפן ברעג פון יאַם. שוין באַלד צוויי וואָכן ארבעטן זיי ארויסצובאַקומען זאַלץ פונעם יאַם. זיי איז שוין געלונגען ארויסצו־באַקומען אַ קליינעם קריגעלע מיט זאַלץ, זיי ווען אָבער דערפאַר קענען באַקומען דרייסיק יען. מען וועט קענען פאַר דער טאָכטער קויפן אַ פּאָר געטא (הילצערנע שיך) וועגן וועלכע זי באַלעמט שוין אַ לאַנגע צייט. זי איז שוין אַ דערוואַקסענע מיידל און עס איז שוין צייט זי כאַסענע צו מאַכן, אָבער דער פאָטער האַלט אַז עס לוינט זיך ניט. די טאָכטער קען נאָך באַהילפיק זיין דער מישפּאָכע, אויב ניט דאָ אין שטוב, איז מיט ארבעט אין שטאָט. דאָרט זיינען פאַראַן זייער פיל פּלעצער ווו אַ יונג מיידל קען פאַרדינען געלט. מיט אַ סאָכרישער ערנסטקייט רעכנט אויס דער פאָטער די גוט־באַקאַנטע רעסטאָראַנען, קאַבאַרעטן און שאַנד־הייזער. פון זיין שטאַנדפּונקט איז דאָס אַ גאַנץ דערלאָזבארער וועג פאַר זיין טאָכטער. ערשט נאָכדעם ווען זי וועט זיך אומקערן פון שטאָט מיט אַ קליינעם רעזערוו יען, וועט ער זי כאַסענע מאַכן. דאָס מיידל פרעגט מען ניט וועגן דעם. זי האָט ניט קיין רעכט אריינצומישן זיך אין דעם פאָטערס פּלענער בענעגייע איר גורל. פון אירע קינדער־יאָרן אָן, איז זי שוין צוגעוווינט צו דעם, אַז איר לעבן און איר צוקונפט הענגען אָפּ פון דעם ווילן און קאַפּריזן פון איר פאָטער. זי ווייסט אַז אַזאַ איז שוין דער גורל פון אַלע יאַפּאַנישע מיידלעך און דערפאַר פילט זי אין דעם ניט קיין באַליידיקונג.

יאָ, איצט זיינען שוין טאַקע עפּשער אַנדערע צייטן, אָבער דאָס לעבן

האָט זיך מיט גאָרניט געענדערט און זי קען ניט פאַרלאָזן איר היים און איבערלאָזן אַף העפקער אירע טאַטע־מאַמע. זי מוז זיין געהאָרכזאַם צו זיי און אויספאָלגן זייערע אייצעס. זיי קענען דאָך פּאַשעט אַף קויעך זי צווינגען צו גיין אַהין וווּ זיי ווילן.

— ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג, — זאָגט זי — אַזוי איז דאָס לעבן. מען מוז דאָך ווי ניט איז לעבן.

אין אָוונט קומט דער פאָטער. ער כעשבנט דעם שניט פון רייז. ער מוז אַ טייל אָפּגעבן דעם גוטבאַזיצער פאַרן אָפּדינגען דאָס שטיקעלע ערד, אַ טייל פאַר דער רעגירונג און נאָך דעם אַלעמען בלייבט אים נאָך אַ ביסל רייז פון דריטן סאָרט וואָס וועט סטײַען אַף קנאַפּע צוויי מאָנאַטן הונגער־לעבן. וואָס וועט ער טאָן נאָכדעם? ער פאַרטראַכט זיך. עס וואָלט געווען ניט שלעכט זיך צו פאַרנעמען מיט פיש־פאַנג. דאַרף מען דאָך האָבן געצייג, מען דאַרף דאָס דאָך קויפן און ער פאַרמאָגט ניט קיין איינציקן יען. ווידער פאַלט זיין בליק אַף דער טאָכטער. אייגנטלעך איז זי דאָס איינציקע פאַרמעגן וואָס ער האָט און ביז איצט האָט ער דאָס נאָך ניט געקענט גוט אויסנוצן. זיין שאָכן, צום ביישפּיל, האָט שוין אַוועקגעשיקט זיינע צוויי טעכטער אין קיאָטאָ, ער האָט שוין אויך באַקומען פון דעם באַלעבאָס פון הויז, וווּ זיי געפינען זיך, הונדערט יען. עמעס, בײַ די היינטיקע אומשטענדן איז דאָס ניט קיין סאַך, דאָך איז עס אַ שטיקל הילף אין שטוב. דער פאָטער ווייס טאַקע ניט, וווּ זיינע טעכטער געפינען זיך, אָבער ער גלויבט, אַז אַף אַ גוטן פּלאַץ, ווייל די מיידלעך באַקלאָגן זיך ניט. אַוואַדע, מעגלעך אַז דאָס איז אַ שאַנד־הויז, אָבער קיין אַנדער אויסוועג האָט ער דאָך ניט און ער פרעגט בײַ זיין טאָכטער:

— וועסט פאָרן, טאַמיקאָ?

דאָס מיידל שטייט אויף פון פאָל, פאַרנייגט זיך פאַרן פאָטער און ענטפערט:

— געוויס, איך וועל טאָן אַלץ, וואָס דו וועסט זאָגן.

דאָס איז דער אינהאַלט פון דעם קורצן קאַפּיטל „אַ טאָג אין דאָרף“. אַ באַוווּסטער יאַפּאַנישער קריטיקער טאַקונאַגאַ צונזאַ באַקלאָגט זיך אַף דער אַמעריקאַנער צענזור, וועלכע האָט אויסגעשניטן גאַנצע זייטן פון זיין דערציילונג „די ווינטערדיקע פאַרטרינקעניש“, אין וועלכער עס ווערט דעמאַסקירט דער מיליטאַריזם.

שפּעטער ווערן מיר געוווּיר, אַז די יאַפּאַנישע אינטעליגענץ האָט נאָך מוירע צו קעמפן קעגן דעם פאַשיזם, ווייל אין דער לעצטער צייט איז געבוירן געוואָרן אַ מין פאַרדאַכט, אַז דער פאַשיזם וועט ווידער אויפלעבן אין יאַפּאַן.

— און וואָס איז אייער מיינונג? — פרעג איך.

— איך גלויב, — ענטפערט טאַקונאַגאַ — אַז ער קען בײַ אונדז ווידער אויפלעבן, אויב מען וועט אים נאָר שטיצן, אַזוי ווי מען טוט

עס איצט. דעריבער איז גאָרניט קיין ווונדער, אז אונדזערע שרייבער גייען אוועק אַלץ אָפּטער פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן און פון די טאָג־טעגלעכע פּראָבלעמען. זיי פאַרשליסן זיך אין אין זייער אינערלעכער וועלט און אין זייערע שטימונגען הערשט אַ סקעפּטיציזם. זיי גלויבן שוין ניט מער ניט זיך אַליין און אויך ניט דער אויסערלעכער וועלט. זיי האָבן געהאָפט אַז יאַפּאַנס מאַפּאָלע וועט צווינגען, אַז דער פעאָדאַלער לעבן־שטייגער פון דער יאַפּאַנישער געזעלשאַפט זאָל צוזאַמענברעכן. אַלע האָבן געהאָפט, אַז די מאַפּאָלע וועט אויפרייסן די מיליטאַריסטישע מאַשין און וועט זי אַף אייביק באַגראָבן. איצט אָבער איז אַזוי: אַלע מענטשן וואָס דענקען, וואָס האָבן אַ מעגלעכקייט צו באַאָבאַכטן, מענטשן וועלכע לעבן צווישן פאָלק מיט זיינע געדאַנקען און מיט זיינע טרוימען — די אַלע מענטשן פאַרשטייען גוט, אַז דערווייל האָט זיך נאָך קימאַט גאָרניט געענדערט. און עס ווערט אויך ניט געמאַכט אַפילע קיין פרווו פאַר גרינטלעכע ענדערונגען אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, אין די פּאָליטישע טענדענצן און איבערהויפּט אין אַלץ, וואָס איז אָנגענומען אָנצורופן מיטן וואָרט דעמאָקראַטיזאַציע.

— עקזיסטירט נאָך אין יאַפּאַן די געזעלשאַפט „סאַנגיאָ כאָקאָקוקאַי״?

— איך דענק — ענטפערט דער שרייבער דזשוניטשי איוואַגאַמי — אַז זי עקזיסטירט נאָך אין אַ געוויסער מאָס. איר נאָמען באַדייט „דינסט צום פאָטערלאַנד״. אין איר צייט האָט זי אַפילע געפּרווט פאַרשפּרייטן די פאַשיסטישע ליטעראַטור „קאַיאירזו־כאָקאָקו־בונגאַקו״. אין דער צייט פון דער מילכאָמע פלעגן באַשטימט ווערן פּרייזן און אויסצייכענונגען פאַר די בעסערע ראָמאַנען, דערציילונגען און לידער, וועלכע זיינען געווען געווידמעט שאָוויניסטישע טעמעס. דאָן האָט זיך אויסגעצייכנט דער שרייבער טאַקאַמורא קאַטאַרא מיט זיין בוך „טירי־נאָ־סע״, וווּ ער האָט באַהאַנדלט די טעמע וועגן די דעראָבערטע טעריטאָריעס.

אין זיין בוך מאַכט קאַטאַרא אַ רוף צו קאָנסערווירן די פעאָדאַלע טראַדיציעס אין דעם יאַפּאַנישן פאָלק. זיין בוך איז אין טאָך גענומען אַ קריגערישער לויב־געזאַנג און הימן פאַרן פעאָדאַליזם. דאָן האָט אויך אָנגעשריבן זיין פאַשיסטיש ליד „מיר וועלן זיי אריינוואַרפן אין געהענעם״ דער פּאָעט יאַסאָ סאַידזאָ. איצט זיינען אָט די אַלע שרייבערס אַנטשוויגן געוואָרן, ווייל זיי וואַרטן אַפּ: עפּשער וועט נאָך עמעצער זיך נויטיקן אין זייער דינסט. דאָך טאָר מען ניט פאַרבייגיין דעם פאַקט, אַז צווישן זיי איז אויך געווען אַזאַ שרייבער, ווי מיאַוּטי קאַניאַ, וועלכער האָט אָנגעשריבן דעם ראָמאַן „דער טרויער־מאַרש פון דעם פּלאַט״, ווו ער באַשרייבט דאָס לעבן פון די יאַפּאַנישע מאַטראָסן. עמעס, אַז מיאַוּטי פאַרזיכערט, אַז די מאַפּאָלע פון דעם יאַפּאַנישן פּלאָט איז אַ פועל יויצע פון דער שלעכטער באַהאַנדלונג פון די מאַטראָסן. ער קען נאָך אַלץ

ניט באַנעמען דעם פּאַרנעם פון יאַפּאַנס סאָציאַלער טראַגעדיע, יערנפּאַלס איז דאָס דערשיינען פון אַזאַ בוך — אַן אַנגענעמע דערשיינונג.

— פאַרמאָגט איר אויך באַדייטנדיקע פּראָלעטאַרישע שרייבער?

— צווישן זיי קען מען פאַררעכענען קוראַסימאַ דענדזי, דעם מע־כאַבער פון דעם ראָמאַן „באַוואָפנטע מייסים". קוראַסימאַ האָט זיך באַ־טייליקט אין דעם יאַפּאַנישן מאַרש אַף סיביר, און איז דאָרט קראַנק גע־וואָרן אַף טובערקולאָז. שפּעטער, נאָך זיין צוריקקער קיין יאַפּאַן, שוין אַ קראַנקער, האָט ער ליגנדיק אין בעט, אָנגעשריבן דעם ראָמאַן אין וועלכן עס ווערט מיט אַ ריזיקער קראַפט דעמאַסקירט די קאָלאָניאַלע פּאָליטיק פון דעם יאַפּאַנישן מיליטאַריזם. אויב נאָר די צענזור וועט אים ניט פאַרבאָטן, וועט דאָס בוך גאָר אינגיכן דערשיינען. איך וואָלט פאַר־רעכנט צווישן די באַדייטנדיקסטע פּראָלעטאַרישע שרייבער אויך קאָבאַ־יאַסי, וועלכער איז געשטאָרבן דעם 20־טן פעברואַר פון יאָר 1933. גע־שטאָרבן איז ער אין טפיסע, ווו די יאַפּאַנישע רעאַקציע האָט אים פאַר־שפּאַרט. זיין ראָמאַן „די פּאַרטיי־איינוווינער" פאַרמאָגט נאָך ביזן היינ־טיקן טאָג זיין פּאָליטישע און קינסטלערישע שאַרפקייט. איצט דינט ער אַלס אַן עכטע פאָן פון די יאַפּאַנישע רעוואָלוציאָנערע קויכעס.

— פאַרוואָס דענקט איר, אַז די ביכער וועלן ווערן פאַרבאָטן פון דער צענזור? — פרעגן מיר.

— אַזוי גלויבן מיר, — ענטפערט טאַקונאַגאַ — ווייל דאָ ווערן דאָך פאַרבאָטן אַפילע לעוו טאָלסטאָיס דערציילונגען און אַרטיקלען. אָט קענט איר, צום ביישפּיל, זען די קאָרעקטורן און אויסשניטן, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרן דורך דער אַמעריקאַנער צענזור אין לעוו טאָלס־טאָיס אַרטיקל: „וואָס־זשע זאָלן מיר טאָן?" מען האָט אויסגעשניטן דעם זאַץ: „פאַר דעם צוועק האָבן די אַמעריקאַנער צוגעשיקט אַ פלאָ־טיליע, וועלכע האָט אומדערוואַרטעט פאַרכאַפּט אייניקע בעסטע אינדזלען (פידזשי), ווי אַן אַראָוועס, און האָט באַדראָט צו באָמבאַרדירן און פאַר־ניכטן די קאָלאָניעס, אויב די אַרויפגעלייגטע קאָנטריבוציע וועט ניט אַריינגעטראָגן ווערן צום באַשטימטן טערמין צו די אַמעריקאַנער פאָר־שטייער"...

אָדער וויטער:

„אויסנוצנדיק אַ ליאַדע טערעץ פלעגן זיי אויסקלייבן אָדער פאַר־כאַפּן די בעסטע ערד־שטאָכים"...

איר האָט דאָ וויטער נאָך צוויי אויסשניטן פון דעם זעלבן אַרטיקל:

„די פריערדיקע 45 טויזנט דאָלער האָבן זיך פאַרגרעסערט אַף 90 טויזנט און ער האָט געדראָט מיט דעם, אַז עס וועט נאָך מער שטייגן, אויב קאַקאָבאַ וועט זיי טייקעף ניט איינצאָלן"...

און צום סאָף:

„די דראַמע הויבט זיך אָן מיט דעם, וואָס די אַמעריקאַנער רעגי־

רונג שיקט שיפן מיט ענגעלאַדענע האַרמאַטן צו די ברעגן פון יענע אינדזלען, וועמענס באַפעלקערונג זי האָט בעדייע צו פאַרשקלאַפן. דער פּרעטעקסט פאַר דער באַדראָונג איז אַ געלט־איניען. אָבער דער אָנהויב פון דער דראַמע מיטן קויעך פון האַרמאַטן אָנגעציקטע אַף דער גאַנצער באַ־פעלקערונג: פרויען, קינדער, זקיינים און מענער, וועלכע האָבן זיך מיט גאַרניט פאַרזינדיקט — דאָס איז אַ גאַנץ געוויינלעכע דערשיינונג, וועל־כע ווידערהאָלט זיך איצט אין אַמעריקע, כינע, מיטל־אַזיע א.אַ.וו. אַזוי הייבט זיך אָן די דראַמע: דאָס בייטל, אָדער דאָס לעבן, וואָס כאַזערט זיך איבער אין אַלע געשיכטעס פון דער דעראָבערונג פון פעלקער: 45 טויזנט דאָלאַר, שפּעטער 90 טויזנט, וועץ ניט אַ שכיטע. אָבער די 90 טויזנט פאַרמאָגט מען ניט. געלט האָבן די אַמעריקאַנער. דאַן קומט דער צווייטער אַקט פון דער דראַמע. מען דאַרף אָפּלייגן די שכיטע, פאַר־בייטן די בלוט־באָד, אַ שרעקלעכע, אַ גרויזאַמע, אַ קורץ־טערמיניקע, אַף ליידן, עמעס ווייניקער מערקבאַר, אָבער דערפאַר מער דויערנ־דיקע. דאַן זוכט דאָס קליינע פעלקעלע מיט זיינע פאָרשטייער מיטלען זיך אויסצוקויפן פון דער אויסראָטונג דורך געלט פאַרשקלאַפונג. עס מאַכט האַלוואָעס און עס הויבן אָן גלייך פונקציאָנירן די אויסגעאַר־בעטע נאָרמעס פון פאַרשקלאַפן מענטשן מיטן קויעך פון געלט, דאָס ווערט דורכגעפירט מיט אַן אויסעראָרדנטלעכער דיסציפּלין און אין מעשעך פון בלויז פינף יאָר איז שוין אַלץ דערליידיקט: די מענטשן פאַרלירן ניט נאָר זייער רעכט צו באַנוצן זיך מיט זייער ערד און מיט זייער אייגנטום, זיי פאַרלירן אויך זייער פרייהייט. זיי ווערן שקלאַפן".

דאָס אַלץ מעקן די אַמעריקאַנער אויס פון די איבערזעצונגען אַף דער יאַפּאַנישער שפּראַך פון ל. טאָלסטאָיס ווערק. פאַר זיי איז דאָס „העצע". מיט דעם אָבער אָנערקענען זיי אַליין, אַז דער קלוגהאַפּטער צאָרן פון דעם געניאַלן רוסישן שרייבער, דעמאַסקירט די אַמעריקאַנער אין יאַפּאַן, האַגאַם עס איז שוין פאַרלאָפן מער ווי אַ האַלבער יאָר־הונדערט זינט עס איז דערשינען טאָלסטאָיס אַרטיקל „וואָס־זשע זאָלן מיר טאָן?" און אין מעשעך פון דער צייט האָבן שוין די צוויי וועלט־מילכאָמעס אויסגעלערנט די פעלקער פון דער וועלט וואָס זיי זאָלן טאָן.

די יאַפּאַנישע שרייבער פרעגן אונדז אויס וועגן דער סאָוועטישער ליטעראַטור און באַדויערן, וואָס זיי האָבן ניט די מעגלעכקייט איבער־צוזעצן די סאָוועטישע ביכער, ווייל זיי שטערט די אַלמעכטיקע אַמע־ריקאַנישע צענזור.

שפּעט באַנאַכט פאַרלאָזן זיי אונדז און גייען אַהיים, מיר באַגלייטן זיי ביז צום ראָג פון דעם שטילן נאַכטיקן געסל. זיי ברומען אונטער זייערע טרויעריקע נאַציאָנאַלע לידער און לאַנג־לאַנג שווימט ערגעץ אין דער שטומער שטאָט זייער מעלאָדיע.

מיר קערן זיך אום צוריק אין אונדזער צימער דורך דער שמאָלער „צייטונגס־אַלייע״. אונטער די פענצטער פון די הייזער וווּ עס וווינען די אַמעריקאַנער אָפיצירן, אָרדענען איין זייער נאַכטלעגער היימלאָזע יאַפּאַנער. דאָס איז זייער באַליבטסטער פּלאַץ — ווייל באַנאַכט שלײַדערן אַרויס די אַמעריקאַנער דורך די פענצטער אויף זייערע קעפּ ליידיקע קאָנסערוון שאַכטלעך און אין זיי קען מען נאָך עפּעס וואָס אויסקראַצן. יענע נאַכט האָבן מיר אַ לאַנגע צייט ניט געקענט אַנטשלאָפן ווערן. די טרויעריקע איינדרוקן און פאַקטן זיינען געשטאַנען פאַר אונדזערע אויגן.

— גוט וואָלט געווען, אַז מיר זאָלן שוין אַהיימפאָרן, — ריידן מיר צווישן זיך.

אונדז אַלעמען ווילט זיך וואָס גיכער פאַרלאָזן יאַפּאַן. דאָ האַנדלט זיך נישט בלויז אין אַ נאַטירלעכער און אַ גאַנץ־פאַרשטענדלעכער בענקשאַפט נאָך דעם היימלאַנד. מיר קענען פּאָשעט מער ניט אַריבערטראָגן דעם אַלטן און פרעמדן לעבנס־שטייגער. מען מוז אָבער נאָך האָבן אַ ביסל געדולד און מאַכן אַ רייזע אָפּן אינדזל כאָקקאַידאָ. דאָס אייצענען אונדז אַלע אונדזערע פריינט און מיר אַליין פאַרשטייען אויך גאַנץ גוט, אַז מען טאָר ניט פאַרלאָזן יאַפּאַן, ניט באַזוכנדיק דעם כאָקקאַידאָ־אינדזל. אונדז איז זייער אינטערעסאַנט צו זען: וואָס האָבן דאָרט אויפגעטאָן די אַמעריקאַנער?

אויף מאָרגן גייען מיר אַוועק אין שטאַב פון דוגלאַס מאַק־אַרטור צום גענעראַל בעקער. די „פּאַבליק רעליישן אָפּיס״, — אַזוי הייסט די ביוראָ וואָס באַדינט די זשורנאַליסטן — געפינט זיך אין אַ גרויסן גרויען הויז, וואָס איז פאַרנומען פון דעם ראַדיאָ־צענטער — דאָס הויז איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „ראַדיאָ טאָקיאָ״. אויף דעם צווייטן שטאָק האָט זיך באַזעצט דער גענעראַל בעקער מיט זיין גרויסן אַפּאַראַט, וועלכער איז געשאַפן געוואָרן דורך מאַק־אַרטורס שטאַב נאָר צוליב דעם, קעדיי צו דער צייט באַזאָרגן מיט אינפאָרמאַציע אַלע אויסלענדישע זשורנאַליסטן, וועלכע געפינען זיך אין יאַפּאַן. דאָרטן, בישכיינעס מיט גענעראַל בעקערס קאַבינעט געפינען זיך אויך די טאָקיער אָפּטיילונגען פון די אַמעריקאַנער טעלעגראַפישע אַגענטורן: „אַסאָשייטעד פּרעס״, „יונייטעד פּרעס״ און „אינטערנאַציאָנאַל ניוס סערוויס״. די דריי אַגענטורן פאַרנעמען אין בעקערס „אָפּיס״ גרויסע צימערן. זיי פאַרמאָגן טעלעפאָנישע און טעלעגראַפישע איינריכטונגען. אַהין, אין יענע צימערן שטעלט צו דער גענעראַל בעקער דריי מאָל אַ וואָך די סאַמע פרישסטע אינפאָרמאַציע וועגן די „גרויסע אויפטוען״ פון די אַמעריקאַנער אין יאַפּאַן. גאַנץ אָפט געפינען ניט פאַר נויטיק די קאָרעספּאָנדענטן פון די

דריי אַגענטורן אַפילע דורכצוקוקן די אינפאָרמאַציע, וועלכע מאַק־אַר־טורס שטאַב שטעלט זיי צו. זיי קלייבן נאָר אויס פון דאָרטן דאָס מער סענסאַציאָנעלע, די ערשט־געשעענע, אָדער גאָר דאָס מער גאַנגבאַרע אין יענעם טאָג אַפן בורזשואַזן צייטונגס־מאַרק — און זיי שיקן דאָס אַי־בער קיין ניו־יאָרק. דער גענעראַל בעקער באַמיט זיך מיט אַלע מיטלען, אַז דער אַמעריקאַנער לייענער זאָל וויסן וואָס וויניקער וועגן דער עמע־סער לאַגע אין איצטיקן יאַפּאַן. אייגנטלעך אין דעם באַשטייט די הויפּט־טעטיקייט פון דעם גענעראַל בעקער אין יאַפּאַן. מען האָט מיר אַפילע אַמאָל געזאָגט, אַז בעקערס אויפגאַבע באַשטייט אין דעם, אַז ער זאָל שאַפן אַ מין פאָרהאַנג דורך וועלכן קיין אַמעריקאַנער זאָל ניט קענען דערזען וואָס עס קומט פאָר אין דעם היינטיקן יאַפּאַן. אַזאַ פאָרהאַנג, אויסגעוועבט פון הויכע פראַזן, דעמאַגאָגישע האַווטאָכעס און טענדענ־ציעז־צונויפגעשטעלטע פאַקטן, ווערט גאַנץ געשיקט צוגעגרייט דאָ אַפן צווייטן שטאָק פון „ראַדיאָ טאָקיאָ”. שפּעט באַנאַכט ווערן גאַנצע שטויסן אינפאָרמאַציע־בויגנס געבראַכט דורך בעקערס אָפיצירן אין דעם זשור־נאַליסטן־קלוב, די אַמעריקאַנער זשורנאַליסטן באַקענען זיך מיט זיי אָדער פאַרן שלאָפן גיין, אָדער אינדערפרי באַם טרינקען קאַווע.

עס געשעעט אָפטמאָל, אַז די אַלע זשורנאַליסטן פאַרלאָזן ניט דעם קלוב אין מעשעך פון גאַנצע טעג — דער גענעראַל בעקער שטעלט זיי צו אַהין אַלץ וואָס קען נאָר אינטערעסירן זייערע באַלעבאַטים אין ניו־יאָרק, וואַשינגטאָן און שיקאַגאָ.

זיינען מיר, הייסט עס, געקומען צום גענעראַל בעקער נאָך אַ דער־לויבעניש צו באַזוכן דעם כאַקקאַידאָ־אינדזל. מען האָט באַ אונדז גע־בעטן אָנגעבן שריפטלעך די צילן פון אונדזער רייזע, אָנווייזן דעם גע־נויען מאַרשרוט, די גענויע שאָ און טאָג פון אונדזער אָפּפאָר און אונ־דזער צוריקקומען — מיט איין וואָרט, אַלץ וואָס עס קען נאָר אינטע־רעסירן די דזשיטו־אָפיצירן. מיר האָבן דאָס אַלץ אויסגעפילט און גלייך איבערגעזעצט אונדזער מעמאָראַנדום אַף דער ענגלישער שפּראַך. דריי קאָפּיעס פון דעם האָבן מיר איבערגעגעבן איינעם פון די נאָענטסטע געהילפן פון דעם גענעראַל בעקער — אַ הויכן רויטבאַקיקן לייטענאַנט־קאָראָנעל האַרוועי.

— גוט — האָט געזאָגט האַרוועי — אין דריי טעג אַרום וועט איר באַקומען אונדזער ענטפער. איך גלויב, אַז איר מעגט זיך שוין גרייטן צו דער רייזע.

— מיר וואָלטן געוואָלט אָבער, אַז דאָס מאָל זאָל אונדזער רייזע ניט טראָגן אַזאַ טוריסטישן כאַראַקטער, ווי ס'איז געווען אונדזער רייזע קיין נאַגאַסאַקי.

— דאָס איז פון מיר ניט אָפּהענגיק, — האָט מיט אַ טרוקענעם טאָן געענטפערט האַרוועי. — מיט דעם באַשעפטיקט זיך די דזשיטו.

— יאָ, איר מוזט זיי אָבער געבן צו פאַרשטיין, אַז מיר זיינען זשורנאַליסטן און מוזן האָבן די זעלבע רעכט, ווי אַלע אַנדערע אויס־לענדישע קאָרעספּאָנדענטן אין יאַפּאַן.

— געווים, געווים האָט איר די זעלבע רעכט. אין דעם איז ניטאָ קיין שום צווייפל — ענטפערט האַרוועי.

— ניין, מיר האָבן ניט דאָס רעכט — ענטפערן מיר. — אַלע אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן: אַמעריקאַנער, פראַנצויזן, ענגלענדער, פאָרן אַרום פראַנק און פריי איבער גאַנץ יאַפּאַן אָן דער באַגלייטונג פון דזשיטאָ־אָפּיצירן. פאַרוואָס זיינען מיר עפּעס אַרומגערינגלט מיט אַזאַ „ערן־וואַך״?

האַרוועי געהערט ניט צו דעם טיפּ מענטשן, וואָס ריידן אַ סאַך, אויסהערנדיק אונדזערע טײַנעס, ענטפערט ער בלויז:

— גוט, איך וועל דאָס אַלץ איבערגעבן דער דזשיטאָ.

מיר קערן זיך אום אין קלוב און מעלדן אַלע זשורנאַליסטן, אַז אין דריי טעג אַרום פאָרן מיר אַרויס אָפן אינדזל כאָקקאַידאָ, און מיר הייבן זיך אָן צוצוגרייטן צו אונדזער רייזע.

עס זיינען דורכגעגאַנגען די דריי טעג און דער גענעראַל בעקער גיט אונדז ניט קיין טשוווּע.

מיר ריידן צו אים דורכן טעלעפאָן און באַקומען אַן אויסמיידנדיקן ענטפער:

— מיר וועלן אייך מעלדן מאָרגן.

דאָ, אין יאַפּאַן האָב איך מיך שוין צוגעוווינט צו דעם, אַז די אַמע־ריקאַנער זיינען ניט קיין גרויסע ליבהאָבער צו האַלטן וואָרט. ביז מיין רייזע קיין יאַפּאַן, האָב איך שטענדיק געהערט וועגן דעם, אַז די אַמע־ריקאַנער זיינען געשעפטלעכע און פּינקטלעכע מענטשן. אָבער די אַמע־ריקאַנער, מיט וועלכע עס איז מיר אויסגעקומען צו האָבן צו טאָן אין יאַפּאַן, געהערן ניט צו יענעם מין. איך האָב אַ כשאַד, אַז אָט דער שטריך פון דעם אַמעריקאַנער כאַראַקטער געהערט שוין צו דער געשיכ־טע. אַ לייטענאַנט, וועלכער האָט געהאַט די אויפגאַבע איינצואָרדענען פאַר אונדז אַ וווינונג האָט זעקס מאָל איבערגעכאַזערט דאָס באַליבטע אַמעריקאַנישע וואָרט „מאָרגן״ און ווען נאָכן זעקסטן „מאָרגן״, זיינען מיר, ענדלעך, אַליין געפאָרן צו אים, איז ער אינגאַנצן פאַרשוווּנדן און האָט זיך פון אונדז אויסבאַהאַלטן אין מעשעך פון אַ גאַנצער וואָך.

— איך דערקען ניט די אַמעריקאַנער, — האָב איך אים געזאָגט, ווען מיר האָבן אים ענדלעך געפאַקט און אים דערמאָנט וועגן זיין צו־זאָג, וואָס ער האָט אונדז געמאַכט שוין מיט צוויי וואָכן צוריק.

— אַזוי גוט קענט איר זיי שוין? — האָט ער אונדז געפרעגט מיט אַ שמייכל, קייענדיק דערביי זיין שטענדיקע גומע. — זענט איר דען געווען שוין אַמאָל אין אַמעריקע?

— ניין, — האָב איך אים געענטפערט — אין אמעריקע בין איך נאָך ניט געווען, איך האָב אָבער פיל געהערט וועגן דער אמעריקאַנער פּינקטלעכקייט. סיידן נאָר, אַז די אמעריקאַנער וועלכע געפינען זיך אין יאַפּאַן, פאַרמאָגן ניט אָט די מי‍ַילע.

דער לייטענאַנט האָט אַ שמייכל געטאָן.

— גוט, מיר וועלן דאָס אַלץ איינאָרדענען אין צוויי טעג אַרום. אָ־קעי!

זיין וואָרט האָט ער געהאַלטן און אַלץ דורכגעפירט אין צוועלף טעג אַרום.

דעריבער, ווען מיר האָבן נאָר דערהערט פון דעם גענעראַל בעקער דאָס באַליבטע „מאָרגן", האָבן מיר גלייך פאַרשטאַנען, אַז עס וועט אונדז אויסקומען נאָך זייער לאַנג צו וואַרטן אויף די דערלויבעניש צו פאָרן אַפן באַקקאַידאָ־אינדזל. אונדזער אַרבעטס־טאָג פלעגן מיר אָנהויבן האַלב אַכט אַזייגער אינדערפרי און גלייך נאָכן פרישטיק פלעגן מיר קלינגען צום גענעראַל בעקער, און אין מעשעך פון דריי וואָכן האָבן מיר באַקומען אַ לאַקאָנישן ענטפער:

— נאָך ניטאָ קיין דערלויבענישן. קלינגט מאָרגן.

— 25 —

די צייט האָבן מיר דערווייל אויסגענוצט אויף צו מאַכן אַ רייזע אין פּרעפעקטור טיבאַ. אַהין איז אונדז געלונגען זיך אַריינבאַקומען אין אַ יאַפּאַנישן אויטאָמאָביל. עפּשער טאַקע דערפאַר זיינען מיר ניט פאַרהאַלטן געוואָרן פון דער עמפּי. דער דאָרף סימאַסיצי אין דער טיבאַ־פּרעפעקטור געפינט זיך אויף אַ דיסטאַנץ פון אַ צוויי שאָ רייזע פון טאָקיאָ. עס האָט זיך אונדז געגלוסט באַזוכן אַ דאָרף, פאַרברענגען דאָרט אַ טאָג־צוויי. מיר האָבן גערעכנט, אַז מיר קענען אויך דאָרט וואַרטן אויף גענעראַל בעקערס ענטפער. צום גרויסן באַדויערן האָט זיך אונדז ניט איינגעגעבן צו באַזוכן אַ דאָרף, אָדער, בעסער געזאָגט, מיר זיינען אָנגעקומען אין אַ דאָרף אָבער קיין יאַפּאַנישע פּויערים האָבן מיר דאָרט ניט געפונען. מען האָט אונדז אויפגעקלערט אַז אין יענעם דאָרף, אויף דער ערד, וועלכע האָט אַמאָל געהערט צו אַן אַרטילעריע־שול, האָט זיך איצט באַזעצט אַ קאָלאָניע.

— ווער שטייט אין דער שפּיץ פון דער קאָלאָניע? — פרעגן מיר בא איינעם אַ יאַפּאַנער, וועלכער איז צוגעקומען צו אונדזער אויטאָמאָביל גלייך ווי ער האָט זיך נאָר אָפּגעשטעלט אין אַ שמאָל דאָרפיש געסעלע.

דער יאַפּאַנער האָט זיך פאַרנייגט און געענטפערט:

— כאַסימאָטאָ־סאַן.

— ווער־זשע איז דער כאַסימאַטאַ־סאַן?
דער יאַפּאַנער פאַרנייגט זיך ווידער:
— דער אַנפירער פון דער קאָלאָניע.
— ווי קומט ער אַהער? ווער איז ער? אַ גוטבאַזיצער, אַן אַגראָנאָם, אָדער אַ בעקאָוועדיקער פויער?
דער יאַפּאַנער פאַרנייגט זיך צום דריטן מאָל:
— ער איז — כאַסימאַטאַ־סאַן.
פון די ענטפערס האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז מער וועלן מיר ניט קענען דערגיין בא דעם יאַפּאַנער, און מיר האָבן זיך געלאָזט גיין צום הויז, וווּ עס האָט געוווינט כאַסימאַטא־סאַן.
דעם באַלעבאָס האָבן מיר אין דער היים ניט געטראָפן. צו אונדז איז אַרויסגעגאַנגען אַ יונגערמאַן געקליידעט מיליטעריש, אָבער אָן די עפּאָלעטן. פון אים האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז כאַסימאַטא־סאַן איז אין פעלד און וועט זיך צוריקקערן נאָר אין אָוונט.
— מיילע, — ענטפערן מיר, — מיר האָבן זיך ניט וואָס צו אײַלן, וועלן מיר צוּוואַרטן ביזן אָוונט.
דעם יונגנמאַן איז שטאַרק ניט געפעלן געוואָרן וואָס מיר אײַלן זיך ניט און ער האָט אונדז געזאָגט:
— עס קען אָבער מעגלעך זיין, אַז כאַסימאַטא־סאַן וועט זיך דאָרט פאַרהאַלטן אַף אַ טאָג, אָדער אַף צוויי. וועט איר אויך וואַרטן? און כאָטש דער יאַפּאַנער האָט אונדז געשטעלט די פראַגע מיט אַ ליבלעכן שמייכל, וועלכער האָט געזאָלט אויסדריקן אַ פולשטענדיקע גאַסטפריינטשאַפט, דאָך האָבן מיר אין זיין בליק אויפגעכאַפּט אַן אויסדרוק פון גרויס אומרו.
— פאַרוואָס זאָל ער זיך עפּעס פאַרהאַלטן אַף אַזאַ לאַנגע צייט אין פעלד?
— דאָס קענען מיר ניט וויסן.
פון דעם געשפּרעך איז אונדז געוואָרן קלאָר, אַז כאַסימאַטא־סאַן איז עפּעס אַ מיסטעריעזע פּערזענלעכקייט, וועלכע וויל בעשום אויפן זיך ניט באַגעגענען מיט אונדז. מיר האָבן געבעטן אַ דערלויבעניש אַרײַנצוגיין אין הויז. דער יונגערמאַן האָט אָפּגערוקט אַ ווענטל פון הויז, וועלכע גייט אַרויס צו דער גאַס און מיר אַלע, אַראָפּנעמענדיק אונדזערע שיך, זיינען אַריין אין אַ זויבערן זייער ציכטיק אויפגעראַמטן אויפנאַמס־צימער פון כאַסימאַטא־סאַנס וווינונג. מען האָט אונדז פאַרבעטן צו זעצן זיך אַף די קישנס און אַ יונג מיידל, אָנגעטאָן אין אַ קימאָנאָ האָט אונדז דערלאַנגט דעם טראַדיציאָנעלן גרינעם טיי אין קליינע טעפּעלעך.
— איר וועט בא אונדז עסן מיטיק? — האָט געפרעגט דער יאַפּאַנער.
— ניין, — ענטפערן מיר — מיר וועלן ניט וואַרטן אַף כאַסימאַטא־

סאן. מיר האָבן אָבער, אַז איר וועט אונדז דערציילן וועגן אייער קאָ־לאָניע.

— געווים, — האָט ער געענטפערט — אַלץ וואָס קאָן איך נאָר אינטערעסירן.

און דאָ האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אויף דעם שטיקל ערד, וואָס האָט אין דער צייט פון דער מילכאָמע געהערט צו דער אַרטילעריע־שול, האָט זיך איצט באַזעצט אַ קאָלאָניע. דאָס איז זייער אַ גוטע קאָלאָניע, ווייל אין דער שפּיץ פון דער אָנפירונג מיט איר שטייט כאַסימאַטאַ־סאַן. זי באַשטייט פון ניין הונדערט דריי און זעכציק הויפן.

— צו וועמען געהערן די הויפן?

— די זאַך איז די — ענטפערט מען אונדז, — אַז איצט ווילן די יאַפּאַנער שוין מער ניט האַלטן קיין מילכאָמעס און די מיליטערלייט האָבן שוין אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן מילכאָמע און וועגן מיליטער־איניאָנים. זיי פאַרנעמען זיך איצט מיט ערד־אַרבעט.

— וויפל מיליטערלייט געפינען זיך אין דער קאָלאָניע?

— אַלע זיינען דאָך מיליטערלייט, — ענטפערט ניט זיכער דער יאַפּאַנער.

די קאָלאָניע נעמט אַרום ווי עס ווייזט אויס מיליטערלייט פון פאַר־שיידענע ראַנגען: אָפיצירן, אונטעראָפיצירן און סאָלדאַטן.

— וויפל אָפיצירן פאַרמאָגט איר? — פרעגן מיר.

— באַ אונדז איז ניטאָ קיין אָפיצירן, דאָ זיינען אַלע קאָלאָניסטן.

דער יונגערמאַן האָט זיך פאַרטראַכט אַ ווײַלע און געזאָגט:

— באַ אונדז דאָ, איז ווי לעמאָשל באַ אייך — אַ קאָלווירט.

— איר האָט, ווי אונדז שיינט, קיין שום אָנונג ניט וועגן אונדזערע קאָלווירטן.

— אוודאי, זיכער, קען אויך זיין מעגלעך, אַז איך האָב אַ טאָעס.

— אָן שום צווייפל, אַז איר האָט אַ טאָעס! — ענטפערן מיר.

— אויב אַזוי וויפל־זשע פאַרמאָגט איר פאָרט קאָלאָניסטן, וועלכע האָבן אַמאָל געהייסן אָפיצירן?

דער יאַפּאַנער שלעפּט אַרויס אַ ביכעלע און ענטפערט:

— אַזעלכע קאָלאָניסטן האָבן מיר דאָ 91 מאַן.

— און וויפל סאָלדאַטן?

— טויזנט אַכט הונדערט ניין מאַן.

— און אונטעראָפיצירן?

דער יאַפּאַנער פרעגט אונדז איבער מיט אַ שמייכל:

— איר ווילט אוודאי זאָגן — וויפל קאָלאָניסטן, וועלכע האָבן אַמאָל געהייסן אונטעראָפיצירן?

— יאָ, יאָ, דאָס מיינען מיר טאַקע, — ענטפערן מיר.

— אַזעלכע האָבן מיר דאָ צוויי הונדערט און איין מאַן.

— מיר האָבן אויך געהערט, אַז די קאָלאָניעס ווערן באַ אייך פאַר־טיילט אַף בריגאַדעס? איז דאָס אַזוי?

— יאָ, — ענטפערט ער, — באַ אונדז איז דאָ פאַראַן עלף ברי־גאַדעס.

דער יאַפּאַנער גיט אַ זיפץ, גייט אַרויס אַפן גאַס, דערנאָך קומט ער צוריק און זאָגט:

— איך וואָלט וועלן, אַז אַף דער פראַגע זאָל אייך ענטפערן כאַסי־מאַטאַ־סאַן.

— ער איז דאָך אָבער ניטאָ. עפּשער וועט איר עס אונדז קאָנען זאָגן? איך גלויב, אַז דאָס איז ניט קיין מיליטערישער סאָד.

דער יאַפּאַנער האָט מיט שרעק גענומען פּאָכען מיט די הענט.

— זיכער ניט. איך וואָלט דאָס אויך געקענט אייך זאָגן, ווייס איך אָבער ניט אויב דאָס איז דערלויבט.

— אַלזאָ, וואָס פאַר אַ בריגאַדעס זיינען דאָס פאָרט?

דער יאַפּאַנער האָט ווידער אַריינגעקוקט אין זיין ביכעלע:

— די ערשטע בריגאַדע הייסט „דייניטשי", וואָס באַטייט „די גרויסע זון", זי באַשטייט פון סאָלדאַטן און אָפיצירן פון דער אַרטילעריע־שול; די צווייטע „אַקעבאַנג" (באַגינען), פאָרמירט פון דער מאַנשאַפט פון דעם שוץ־באַטאַליאָן פון דער שטאָט טיבאַ; די דריטע בריגאַדע — „טשיטאַק", וואָס באַטייט „די הימלישע הויף", זי איז צוזאַמענגעשטעלט פון מענטשן פון דער אַנטי־אַוויאַציע־אַרטילעריע; די פערטע „איקענאַ־בע" נעמט אַרום די טאַנקיסטן; די פינפטע — „טשיגוסאַ" איז צוזאַ־מענגעשטעלט פון גוואַרדיע־סאָלדאַטן; די זעקסטע „סאַננאַ" (באַרגשפּיץ) — דאָרט גרופּירן זיך די לופט־פליער; די זיבעטע „טענדייי" (גרויסער הימל), שטעלט מיט זיך פאָר אַ פאַריין פון אָפיצירן פון דער אינפאַנ־טעריע־שול; די אַכטע „קאַפּודאַ" (זיגרייכער פעלד), דאָרט געפינען זיך אויך טאַנקיסטן; די ניינטע אונטערן נאָמען „כעסעד" באַשטייט פון מילכאָמע־אינוואַלידן; די צענטע און עלפטע, וועלכע הייסן „די גרויסע ערד" פאַרייניקן סאָלדאַטן און אָפיצירן פון טעכנישע רעגימענטן.

— וועמען זיינען אונטערגעוואָרפן די אַלע בריגאַדעס? — פרעגן מיר.

— דעם שעף פון דער קאָלאָניע כאַסימאַטאַ־סאַן!

— ווער זשע איז דער כאַסימאַטאַ־סאַן?

דער יאַפּאַנער האָט זיך צעשמייכלט און געענטפערט:

— ער איז דער שעף פון דער קאָלאָניע.

מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז אין דער קאָלאָניע וועט מען אונדז זאָגן אַלץ, אויסער ווער ס'איז דאָס דער כאַסימאַטאַ־סאַן.

נאָכדעם האָבן מיר זיך דורכשפּאַצירט איבערן דאָרף, צוגעפאָרן צום פעלד, וווּ עס האָבן געאַרבעט יונגעלייט אָנגעטאָן האַלב־מיליטעריש,

אייגנטלעך קאָן מען זאָגן אין מיליטערישן אַנטוועכץ אָבער אָן עפּאָלעטן. עפּעס אַן אַלטפּרענקישער טאַנק האָט געשלעפּט נאָך זיך דריי וועגעלעך מיט באַמיסטיקונג צום מיטן פעלד. מיר האָבן זיך ציגעזעצט באַם ראַנד פון וועג און באַטראַכט דעם אידילישן בילד. אין דער צייט איז צו אונדז צוגעפאָרן אַף אַ ביציקלעט אַן עלטערער מאַן ציוויל־געקליידעט. ר'האָט גע־לאָזט שטיין דעם ביציקלעט אין אַ זייט. לויט זיין אויסזען האָבן מיר גלייך פאַרשטאַנען, אַז ער מוז געהערן צו די „פּירער" פון דער קאָלאָניע. יעדנ־פאַלס האָבן זיך אַלע באַצויגן צו אים מיט גרויס דרעכערעץ און די יאַפּאַנער וועלכע האָבן זיך געפונען נאָענט באַם וועג האָבן זיך ביז צו דער ערד פאַרנייגט פאַר אים.

ער האָט געטראָגן אַ ווייסן ראָק און גוט אויסגעפּרעסטע גראָע, שמאָלע הויזן. זיינע שיך זיינען גאָרניט געווען פאַרשטויבט, זיי האָבן געגלאַנצט אונטער די זון־שטראַלן. דאָס אַלץ האָט נאָך מער אונטערגע־שטראָכן, אַז דער מענטש טוט ניט אין דער קאָלאָניע קיין שום פיזישע אַרבעט, ס'איז אויך געווען קאָנטיק אַז ער איז געקומען צופאָרן ניט פון קאָנטראָלירן און אָנפירן מיט דער אַרבעט אין פעלד, נאָר פּאַשעט פון אַ געוויינלעכן שפּאַציר.

— מיט וועמען האָבן מיר דעם קאָוועד? — פרעגן מיר, איבער־געבנדיק אים אונדזערע וויזיט־קאַרטן.

ער האָט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט איבערגעלייענט אַף אַ קאָל די אָנגעשריבענע אין דער יאַפּאַנישער שפּראַך אַזעלכע אומדערוואַרטעטע ווערטער ווי „מאָסקווע", „פּראַוודאַ". אַף איין מאָמענט נאָר האָט ער זיך פאַרלאָרן און געענטפערט:

— כאַסימאַטאַ!

דאָ זיינען מיר ערשטע דערגאַנגען דעם סאָד פון אָט דעם מענטש. כאַסימאַטאַ־סאַן האָט זיך גאָרניט באַמיט אים אויסצובאַהאַלטן. דאָס וואָס זיינע אונטערגעאָרדנטע האָבן געהאַלטן בעסאָד, האָט ער פאַרענט־פערט מיט זייער פּאַשעטע ווערטער. כאַסימאַטאַ־סאַן איז איינער פון די אָנגעזעענסטע גענעראַלן פון דער יאַפּאַנישער אַרמיי. אין די לעצטע טעג איידער יאַפּאַן האָט קאַפּיטולירט, איז כאַסימאַטאַ סאַן געווען דער שעף פון דער אַרטילעריע־שול אין דער טיבאַ פּרעפעקטור. נאָכדעם, ווי מען האָט פאַרבאָטן יאַפּאַן אָנצוהאַלטן אַרטילעריע־שולן, איז אַנטשטאַנען די קאָלאָניע. דערפאַר אָבער, איז פון דער שול ניט אַוועק קיין איינציקער מאַן, פאַרקערט, די קאָלאָניע האָט זיך נאָך פאַרגרעסערט, ווי איר קענט שוין דאָס אַליין פאַרשטיין, אַ דאַנק דעם צופלוס פון מענטשן וועלכע האָבן נאָך זייער דעמאָביליזאַציע געזאָלט אַהיימפאָרן. קורץ גערעדט: די קאָלאָניע, וועלכע געפינט זיך אין דעם דאָרף סימאַסיזו — איז ניט קיין גוט־פאַרמאַסקירטע, אָבער דערפאַר זייער גוט אָרגאַניזירטע מיליטערישע קערפּערשאַפט. אונטערן נאָמען „בריגאַדע" ליגט אויסבאַהאַלטן

אזא פּאַשעטער און גוט באַקאַנטער אין אַלע אַרמייען פון דער גאָרער וועלט באַגריף: „באַטאַליאָן”. קימאַט אין דער שפּיץ פון יעדער ברי־גאַדע שטייט אַן אָפיציר. גענעראל כאסימאַטאַ — מיר מעגן שוין גאַנץ דרייסט אים אַזוי רופן, האָט אָפּגעשאַפט די מיליטערישע אָפּצייכענונגען, ער האָט אָבער איבערגעלאָזט אומבאַרירט די מיליטערישע דיסציפּלין. ווי מיר זיינען שפּעטער געוואָר געוואָרן, פירט ער אויך דורך אין דער קאָ־לאָניע פון צייט צו צייט מיליטערישע איבונגען, נאָר דאָ הייסט עס, אַז מען פאַרנעמט זיך מיט ספּאָרט. אין דער צייט צווישן די איבונגען שפּילן די קאָלאָניסטן אין „בייסבאָל” — דאָס איז אין יאַפּאַן דער אַמערסטן פאַרשפּרייטער ספּאָרט־שפּיל. (איך האָב געזען ווי מען שפּילט אין בייס־באָל אַף די טאָקיער הויפּט־גאַסן, און אַפילע אַפן אימפּעראַטאָר־פּלאַץ).

דעם זעלבן טאָג האָבן מיר זיך אומגעקערט קיין טאָקיאָ און גלייך אוועק אין אַגריקולטור־מיניסטעריום, אונטער וועמענס שוץ עס געפינען זיך די ניי־געשאַפענע קאָלאָניעס. ניט ווייניק מי האָט אונדז געקאָסט ביז מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז אַזעלכע קאָלאָניעס האָבן זיך שוין באַ־וויזן אין אַלע פּרעפעקטורן פון יאַפּאַן. די קאָלאָניעס פאַרייניקן זעקס און זעכציק טויזנט הויפן. עס זיינען פאַראַן אַפילע ספּעציעלע אָפיצירן־קאָלאָניעס, וועלכע ווערן אויסגעהאַלטן פון עפּעס אַ מיסטעריעזע ביוראָ פון הילף פאַר די קריגס־געליטענע. מען האָט מיך פאַרזיכערט, אַז די פעדים פון דער ביוראָ ציען זיך אין די רייכע הייזער פון דזייבאַצו־מאַג־נאַטן. די אַמעריקאַנער זיינען גוט באַקאַנט מיט די אַלע קאָלאָניעס און זיי שטיצן זיי אַפילע.

צו דער זעלבער צייט ווייסן אַלע אין יאַפּאַן אַז אין יענע קאָלאָניעס ווערט קאָנסערווירט קימאַט די גאַנצע פּראָפעסיאָנעלע אַרמיי, וועלכע האָט געקעמפט קעגן די אַליאירטע דריי גרויסמאַכטן. אין אַגריקולטור־מיניסטעריום געפינען זיך ספּעציעלע באַאַמטע, וועלכע האָבן געדינט פריער אין דעם יאַפּאַנישן גענעראַל־שטאַב, און איצט שטייען זיי אין דער שפּיץ פון דער „קאָלאָניסטישער באַוועגונג”. מען האָט אונדז אַפילע צוגעשטעלט אַן אָפיציעלן באַריכט וועגן דעם גאַנג פון דער אויסשפּריי־טונג פון די קאָלאָניעס איבער די פּרעפעקטורן פון יאַפּאַן. אין דעם באַ־ריכט האָבן מיר אָבער קיין איין וואָרט ניט געפונען וועגן די קאָלאָניעס אַפן אינדזל כאָקקאידאָ.

— פאַרוואָס עפּעס ווערט דאָ ניט דערמאָנט וועגן דעם אינדזל כאָק־קאידאָ? — האָבן מיר זיך געפרעגט.

— דאָס איז דערפאַר, ווייל דער אינדזל כאָקקאידאָ געפינט זיך אונטער אַ באַזונדערן אויפזיכט פון דעם שטאַב פון דעם גענעראַל מאַק־אַרטור, און פון דאָרט באַקומען מיר ניט קיין שום יעדיעס.

— עפּשער וועלן מיר דאָך באַקומען אַ מעגלעכקייט זיך צו באַ־קענען מיט די קאָלאָניעס אַפן כאָקקאידאָ־אינדזל?

אין מאָרגן האָבן מיר ווידער דערמאָנט וועגן זיך דעם גענעראַל בעקער. דאָס מאָל האָט דער גענעראַל געפונען פאַר אונדז אַן אויסרייד אַז ער איז שטאַרק באַשעפטיקט. אונדז האָט אויפגענומען אַלץ דער זעלבער לייטענאַנט־פּאָלקאָווניק האַרוועי, וועלכער האָט געזאָגט:

— עס טוט מיר זייער לייד, נאָר דזשיטו קען אייך ניט געבן קיין דערלויבעניש אויף צו באַזוכן דעם אינדזל כאַקקאַידאָ.

— פאַרוואָס? — האָבן מיר געפרעגט פאַרוווּנדערט.

— דזשיטו רעכנט, אַז דאָס האָט קיין שום שײַכעס ניט מיט די צילן פון אייער רייזע אין יאַפּאַן.

— פון וואַנען איז דאָס דזשיטו אַזוי גוט באַהאַוונט אין די צילן פון אונדזער רייזע?

— מער קען איך אייך גאָרניט זאָגן — ענטפערט האַרוועי. — עפּשער ווילט איר זיך ווענדן צום גענעראַל בעקער?

— ניין, — האָבן מיר געענטפערט — זייט נאָר אַזוי גוט און גיט אונדז אַן אָפיציעלן שריפטלעכן אָפּזאָג.

האַרוועי איז אַוועק אין קאַבינעט צום גענעראַל בעקער. מיר האָבן געוואַרט איבער אַ האַלבע שאָ ביז ער איז ענדלעך אַרויס און זיך געזעצט צום שרייבטיש און האָט אָנגעהויבן צו שרייבן, ווי ער האָט עס אָנגערופן, אַ מעמאָראַנדום. דערנאָך איז ער ווידער אַוועק צום גענעראַל בעקער און זיך דאָרט ווידער געזוימט אַ האַלבע שאָ און שפּעטער אַרויסגעבראַכט פון דאָרטן אַ בויגן פּאַפּיר מיט עפּעס אָפּגעדרוקט אויף אַ שרייבמאַשין. אין דעם מעמאָראַנדום האָט זיך געזאָגט, אַז דזשיטו פון גענעראַל מאַק־אַרטורס שטאַב קען ניט דערלויבן אונדז, סאָוועטישע זשורנאַליסטן, מאַכן אַ רייזע אָפן אינדזל כאַקקאַידאָ, ווייל דער אינדזל קען ניט דינען אַלס ציל פאַר אַ באַזוך פון קאָרעספּאָנדענטן אין יאַפּאַן.

— אין אַזאַ פאַל, וועט אונדז אויסקומען ביכלאַל צו פאַרלאָזן יאַפּאַן, — האָבן מיר געזאָגט.

מיר האָבן זיך צוריקגעקערט אין דעם זשורנאַליסטן־קלוב.

— נו, ווען וועט איר שוין פאָרן אָפן אינדזל כאַקקאַידאָ? — האָבן אונדז געפרעגט די אַמעריקאַנער זשורנאַליסטן.

איך האָב זיי דערלאַנגט דעם גענעראַל בעקערס „מעמאָראַנדום". לויטן אויסדרוק פון זייערע פּנעמער, האָט דאָס אויף זיי געמאַכט אַ ווירקונג פון אַ באַמבע־אויפרייס. יענעם גאַנצן טאָג האָבן זיי זיך באַמיט מיט אונדז ניט צו באַגעגענען און די מער רעאַקציאָנערע פון זיי האָבן געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז זיי באַמערקן אונדז אינגאַנצן ניט.

פונדעסטוועגן, פאַר אונדזער אָפּפאָרן פון יאַפּאַן, האָבן זיי אײַנגעאָרדנט פאַר אונדז אַן אָפּשיידס־אָוונטברויט און דאָרטן האָבן די אַלע זשורנאַליסטן, וועלכע באַגיסן מיט שמוץ און רעכילעס דעם ראַטנפאַרבאַנד, געפּרוּווט שפּילן די ראָל פון דיפּלאָמאַטן. זיי האָבן געהאַלטן רע־

דעם אין וועלכע זיי האָבן אונטערגעשטראָכן זייער ליבע צו רוסלאַנד, זייער גרויסן רעספּעקט צו די רוסישע מענטשן און זייער אַנטציקונג פאַר דער העלדישקייט פון די סאָוועטישע סאָלדאַטן. אויסהערנדיק זייערע רעדעס, האָבן מיר אָפּגעענטפערט, אַז זשורנאַליסטן מוזן זיין בלויז זשור־נאַליסטן און ניט פאַרשטעלן זיך פאַר דיפּלאָמאַטן. זשורנאַליסטן — האָבן מיר אונטערגעשטראָכן — שפּילן איצט אַ גאַנץ וויכטיקע ראָל אין דעם געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן פון דער וועלט. זשורנאַ־ליסטן קענען צוהעלפן צו אַ שאָלעם, אָדער צו אַ קריג צווישן לענדער. צום גרויסן באַדויערן, אָבער, אַרבעטן זייער פיל פון די זשורנאַליסטן, וועלכע געפינען זיך איצט אין יאַפּאַן, מיט אייפער קעדיי צו שאַפן אַ רויגעז צווישן צוויי גרויסע פעלקער. מיר האָפן אָבער, אַז עס וועט קומען אַ צייט ווען דאָס אַמעריקאַנישע פאָלק וועט זיך ניט נאָר אָפּקערן פון אַזעלכע זשורנאַליסטן, נאָר אויך פאַרשעלטן זייער געביין.

מיט צוויי טעג שפּעטער האָבן מיר פאַרלאָזט יאַפּאַן און אַרויסגע־פלויגן קיין ראַטנפאַרבאַנד.

* * *

נו, ליבער לייענער, זיינען מיר געווען מיט אייך צוזאַמען אַף די יאַפּאַנישע פאַבריקן און וואַרשטאַטן, אין די שטעט און דערפער, אין די טעאַטערס און אין די אַזוי־גערופענע „טיי־הייזלעך", אַף די גאַסן און אין פּאַרקן, אין די קלובן און באַרן, אין די צייטונג־רעדאַקציעס און אין די מיניסטעריומס, אין אָרעמע כאַטקעס און אין לוקסוס־פּאַלאַצן; טראָץ די אַלע „אַמעריקאַנישע שיקאַנעס" זיינען מיר דאָך אַריינגעדרונגען מיט אייך צוזאַמען אין דעם היינטיקן נאָכמילכאָמעדיקן יאַפּאַן. עמעס, מיר האָבן מיט אייך ניט געהאַט די מעגלעכקייט אויסצישטודירן יאַפּאַן מיט אַן אויסשעפּנדיקער פולקייט און טיפקייט, אָבער אַפילע דאָס, וואָס מיר האָבן געזען, צווינגט אונדז זיך צו פאַרטראַכטן וועגן אַ סאַך און זייער ערנסטע פּראָגעס.

אין יענעם טאָג ווען מיר זיינען געקומען צופליען קיין יאַפּאַן, האָבן מיר אייך צוגעזאָגט, לייענער, אַז מיר וועלן זיך באַמיען ניט צו מאַכן קיין איבעראייַלטע אויספירונגען, מיר וועלן זיך אָנהאַלטן בלויז בא קאַל־טע און אָביעקטיווע פאַקטן. איצט ליגן זיי, די אַלע פאַקטן, פאַר אונדזע־רע אויגן — מיר האָבן אייך דערציילט נאָר דאָס, וואָס מיר האָבן געזען. אין מיין בוך האָב איך אָפּטמאָל איבערגעלאָזט דעם פּראָטאָקאָלאַרן סטיל פון מיינע נאָטיצן, קעדיי איך זאָל זיך קענען האַלטן בלויז בא פאַקטן. מיר האָבן זיך מיט אייך איבערצייגט, אַז די אַמעריקאַנער האָבן אין יאַ־פּאַן געבראַכט ניט קיין דעמאָקראַטיע, נאָר אַ פּסעוודאָ־דעמאָקראַטיע, און דעם שוירעש פון דעם דאַרף מען, ווייזט אויס, זוכן ניט אין טאָקיאָ, נאָר אין וואַשינגטאָן, ניו־יאָרק, שיקאַגאָ, אין די אַמעריקאַנער בענק און

אין די קאפיטאליסטישע מאָנאָפּאָלן. די אמעריקאנער האָבן אין יאפּאַן געמאכט א שארפן קער אַף רעכטס פון דער דעמאָקראטישער ליניע פון פראנקלין רוזוועלט. עס קלינגט טאקע ווי א פּאראדאָקס, אָבער דער עמעס איז, אַז די אמעריקאנער פארשטארקן איצט אלע רעאקציאָנערע און מיליטאריסטישע קויכעס פון יאפּאן און וועקן אויף צום לעבן אלע יענע קויכעס, קעגן וועלכע עס האָבן געקעמפט אלע שאָלעם־ליבנדיקע פעלקער. אלנפאלס, האלטן ניט די אמעריקאנער פאַר זייער ציל — דע־מאָקראטיזירן יאפּאַן אַף אַן עמעס.

אלע פרייהייט־ליבנדיקע פעלקער זיינען ארויס פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע מיט א געפיל פון צאָרן און האָפענונג. די מענטשן האָבן באהאלטן טיף אין זייערע הערצער דעם צאָרן קעגן די אלע, וועלכע גרייטן צו און פראָוואָצירן מילכאָמעס. מיליאָנען אויסגעמאטערטע, אָנגעליטענע און אָנגעווייטיקטע מענטשן האָבן געהאָפט, אַז דאָס וועט זיך שוין מער ניט איבערכאזערן. און די „אמעריקאנער אין יאפּאן" וועלן זיך נאָך אָנ־שטויסן מיטן צאָרן פון זייער פאָלק.

די אמעריקאנער האָבן מיר מער ווי איינמאָל געפרעגט בעיס איך בין געווען אין יאפּאן, ווי באַצי איך זיך צו דעם נייעם „אמעריקאנער" יאָרהונדערט. איך פלעג זיי שטענדיק ענטפערן דערויף, אַז עס קען ניט זיין „ניט קיין אמעריקאנער, ניט קיין ענגלישער יאָרהונדערט". שוין געווען איינער, וועלכער האָט פּראָקלאמירט „א דייטשישן יאָרהונדערט", ווייסט אָבער שוין די גאנצע וועלט, וואָס פון דעם איז געוואָרן.

עפשער האָפן גאָר די אמעריקאנער, אַז יאפּאן וועט זיך סאָפּקאָלסאָף פארוואנדלען אין א ניין־און־פערציקסטן שטאט פון אמעריקע, אָדער זי וועט גאָר ווערן א געוויינלעכע קאָלאָניע פון די פאראייניקטע שטאטן, אָדער זי וועט עפשער פּאָשעט ווערן א געווער אין די הענט פון די אמע־ריקאנער מאָנאָפּאָליסטן אין קאמף קעגן דער דעמאָקראטיע?

איך וויל ניט און איך קען ניט פּאָרויסזאָגן אָדער פּאָרויסזען, אָבער מיין זשורנאליסטישער געוויסן צווינגט מיך צו דערמאָנען וועגן די מי־ליאָנען מענטשן, וועלכע זיינען אומגעקומען אין קאמף קעגן דעם פאַ־שיזם. איצט אין יאפּאן, שפּאנען די אמעריקאנער איבער די טויטע קער־פּערס פון די העלדן און שטרעקן אויס די האנט צו זייערע מערדערס און צו די, וועלכע זיינען געשטאנען הינטער די פּלייצעס פון די מערדער.

אין יאָר 1192 איז פּראָקלאמירט געוואָרן אלס ערשטער יאפּאנישער סיאָגון דער ערשטער פעאָדאלער פירשט מינאמאטא יאריטאמא. (סיאָ־גון באטייט „א גרויסער מיליטער־פירער"). אין נאָמען פון דעם אימפּע־ראטאָר האָט ער פאקטיש געוועלטיקט איבערן גורל פון דעם יאפּאנישן פאָלק. איצט מאָלן די אמעריקאנער ווי אַזא מין „גרויסן מיליטער־פירער" דעם גענעראל דוגלאס מאק־ארטור. דער אמעריקאנער כווידעשלעכער זשורנאל „לייף" שרייבט אפילע אַז „דער גענעראל מאק־ארטור וואלט

עפשער זיך געקאָנט אָנשטויסן אויף שווערקייטן אויף געוויילט צו ווערן אַלס פּרעזידענט פון די פאַרייניקטע שטאַטן, ער וואָלט אָבער לייכט געקאָנט ווערן אַ „סיאַגון״ אַפילע שוין מאָרגן, אויב מען וואָלט נאָר געוויילט „סיאַגונען״ און ער זאָל אַרויסשטעלן זיין קאַנדידאַטור אויף דעם פּאָסטן״. דאָס האָט געשריבן נאָעל בוש — אַן אַמעריקאַנער זשורנאַליסט, מיט וועלכן איך האָב זיך באַגעגנט אין יאַפּאַן. שוין דאַן האָט ער גערעדט מיט היספּיילעס וועגן די „גרויסע אויפטוען״ פון דעם גענעראַל מאַק־אַרטור אין יאַפּאַן. עס שיינט, אַז אין די פאַרייניקטע שטאַטן געפינען זיך מענטשן וועלכע באַלעמען צו שאַפן אין יאַפּאַן עפּעס אַ מין נייעם „אַמעריקאַנישן סיאַגונאַט״ — אַ סיאַגונאַט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. עס שיינט, אַז מען גרייט שוין איצט צו פאַרן יאַפּאַנישן פאָלק נאָך אַ מער טראַגישערן גורל — אַ גורל פון אַ שקלאַף בא די אַמעריקאַנער באַלעבאַטים.

וועט טאַקע דאָס אַמעריקאַנער פאָלק זיך צו דעם אַלעמען צוקוקן מיט אַ קאַלטער גלייכגילטיקייט?

טאָקיאָ — מאָסקווע, 1947.

# פאַרלאַג „היימלאַנד"

## רעשימע פון די ארויסגעגעבענע ווערק

מייקל סעיערס און אלבערט ע. קאַהן — „די גרויסע פארשווע־
רונג", ייִדיש: כאַים מאַרגאָלעס־דאַווידזאָן — (אויספארקויפט)

ד. קראַמינאָוו — „דער צווייטער פראָנט" — יידיש: א. ל־ן
גענבונדן אין לייוונט — — — — — — — — — — $ 15.00
בראָשירט — — — — — — — — — 10.00

ראַלף פאַרקער — „די פארשווערונג קעגן שאָלעם"
יידיש: צאַלעל בליץ
בראָשירט — — — — — — — — — 10.00

א. ווישינסקי — „100 מיליאָן דאָלארן פאַר טעראָר און סאַ־
באָטאַזש (רעדעס געהאַלטן אין דער „אונ")
בראָשור — — — — — — — — — — 3.00



O. KURGANOFF

# AMERICANOS EN EL JAPON

Traducido por A. Lin


*Impreso en la Argentina*
*Printed in Argentine*

EDITORIAL "HEIMLAND"
*Buenos Aires 1952*

**"IMPRESORA BAIRES" - Cangallo 2981**

# די אמעריקאנער אין יאפאן



א. קורגאנאָוו